# א. ב. גאָטלאָבערס יידישע ווערק

אַרויסגעגעבן פון א. פרידקין און ז. רייזען



# א. בּ. גאָטלאָבערס יידישע ווערק

צווייטער באַנד פון „א. ב. גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע״

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין / 1927

# אינהאַלט

# אַרייַנפיר



די צייט פון קאַמף קעגן דער אַזוי=גערופענער השכלה און אירע טרעגער איז שוין אויסגעלעבט געוואָרן. מיר זייַנען אַרייַן אין דער תקופה, ווען מיר שטרעבן — אויב ניט צו רעהאַביליטירן די השכלה=באַוועגונג, איז זי כאָטש צו קענען און דערקענען, אָפּצושאַצן זי פון היסטאָרישער פּערספּעקטיווע אַלס וויכטיקן עטאַפּ אין דער קולטור=אַנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין זייער דראַנג צו ענדערן זייערע לעבנספאָרמען, אויפצובויען זיי אויף נייע סאָציאַלע און קולטורעלע יסודות. און אויף דער יונגער יידישער ליטעראַטור=געשיכטע איז אויסגעפאַלן די אויפגאַבע קודם=כל אויסצופאָרשן און אַרויסברענגען אין ליכט פון די נייע פאַרהעלטענישן די=יעניקע פאָרשטייער פון דער השכלה=עפּאָכע, וועלכע האָבן — אומאָפּהענגיק פון זייער אידעאָלאָגישער באַציִונג צו דער יידישער שפּראַך — אין דער דאָזיקער שפּראַך געשאַפן, מיטהעלפנדיק אויפצובויען די נייע יידישע ליטעראַטור.

די השכלה=ליטעראַטור אין יידיש ציט דערום די לעצטע צייט אַלץ מער און מער צו די אויפמערקזאַמקייט פון דעם ליטעראַטור= און קולטור=היסטאָריקער און אויך פון דעם ערנסטן לעזער און לערנער פון דער יידישער ליטעראַטור; אָבער עד=היום האָבן מיר נאָך ניט אין אַ מאָדערנער אויסגאַבע אפילו די וויכטיקסטע ווערק פון די יידישע השכלה=שריפטשטעלער און עס איז שוין די העכסטע צייט צו מאַכן די דאָזיקע ווערק צוטריטלעך פאַר ברייטערע קרייזן.

דאַן וואָלט אגב אויך קלאָר געוואָרן, ווי ווייט די פּאַרמענדעלישע תקופה פון דער יידישער ליטעראַטור איז ענג פאַרבונדן מיט





איר קלאַסישן פּעריאָד, אַז נאָך אין דער פּאַרמענדעלישער תּקופה איז געשאַפן געוואָרן די יידישע מאָדערנע ליטעראַטור־שפּראַך, איז געלייגט געוואָרן איר יסוד, צעאַקערט געוואָרן דער באָדן, וואָס אוממיטלבאַר פון אים האָט אפילו אַ מענדעלע געזויגן זיין קינסט־לערישן חיות, געגומען זיינע שפּראַך־מיטלען, אידעען און טעמען.

איינער פון די באַדייטנדסטע שריפטשטעלער פון יענער תּקופה, וואָס מעג פאַרנעמען אַ פּלאַץ לעבן אַקסענפעלד און עטינגער — די דאָזיקע גרויסע פּיאָנירן פון דער יידישער ליטעראַטור אין איר השכלה־פּעריאָד — איז אברהם גאָטלאָבער. נאָכ־מער — אין פּאָפּולערקייט האָט גאָטלאָבער בשעתו אומגעהייער איבער־געשטיגן די דערמאָנטע חברים זיינע. ער איז בכלל געווען אפשר דער פּאָפּולערסטער פאָרשטייער פון דער השכלה נאָך ריב״לן, בפרט אין וואָלין. זיין שם איז געווען באַגרינדעט ניט נאָר אויף זיין טעטיקייט אַלס שריפטשטעלער אין העברעיִש און אין יידיש, נאָר אויך אויף זיין אַקטיוון קאַמף פאַר די אידעאַלן פון דער השכלה, מיט וואָס עטינגער און אפילו דער אַקטיווערער אַקסענפעלד האָבן זיך ווייניקער אַרויסגעוויזן.

אברהם־בער גאָטלאָבער איז געווען דורך און דורך רעוואָ־לוציאָנער און נאָוואַטאָר, פריידיגער און אַגיטאַטאָר, איז שטענדיק געגאַנגען אין די ערשטע רייען, שטענדיק פאָראויס מיט דער השכלה־פאָן, שטענדיק אין באַוועגונג, האָט געברענט און געצונדן הערצער. מיט רעכט רופט אים צעדערבוים אָן אין אַ אַרטיקל אין „המליץ״ *): „המיסיונר הראשון להשכלת העברים״ — דער ערשטער מיסיאָנער פאַר דער אויפקלערונג פון די יידן. ווי אַ מיסיאָנער האָט ער אַרומגעוואַנדערט איבער אַ האַלבער וועלט, האָט אומעטום, ביי יעדער געלעגנהייט, פאַרשפּרייט זיינע מיינונגען, בעל־פּה און בכתב, האָט געזאַמלט אַרום זיך תּלמידים, האָט באַגייסטערט, גע־מונטערט, שטענדיק געווען אין מלחמה־צושטאַנד, — אין מלחמה מיט דער גאַנצער סביבה, אַן אַלטער, אַ שטאַרקער, אַן איינגעפּוני־דעוועטער וועלט.

---

*) 1882, ז, 135.

גאָטלאָבער איז אפשר אויך דער טיפּישסטער פאָרשטייער
פון דער השכלה, וועלכער האָט דורכגעמאַכט שיר ניט אַלע אַנט־
וויקלונגס־פּעריאָדן פון דער יידישער געשיכטע אין 19טן יאָרהונ־
דערט.

דעם מאַטעריאַל פאַר דער טיף אינטערעסאַנטער לעבנס־
געשיכטע פון דער דאָזיקער פּערזענלעכקייט האָט א. פרידקין צו־
נויפגעזאַמלט אין דעם בוך „אברהם־בער גאָטלאָבער און זיין
עפּאָכע". אין דעם פאָרגעלייגטן באַנד גייען אַריין די ווערק, וואָס
א. ב. גאָטלאָבער האָט געשריבן אין יידיש און וועלכע דערגאַנצן
און פאַרפולשטענדיקן די גייסטיקע פיזיאָנאָמיע זיינע.

הגם אין זיין ליטעראַרישן שאַפן איז גאָטלאָבער געווען
א הונדערטפּראָצענטיקער משכיל, און יעדעס ווערק זיינס, אין
פּראָזע אָדער פּערזן, האָט איין באַשטימטע טענדענץ — אַגיטאַציע
פאַר „פּראָגרעס און ציוויליזאַציע", האָט אין אים דאָך געלעבט
אויך א קינסטלער, און זיינע ווערק זיינען ווערטפול ניט נאָר אַלס
מאָנומענטן פון א פאַרגאַנגענער קולטור־היסטאָרישער תקופה, נאָר
אויך פון ריין ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט.

גאָטלאָבערס באַציִונג צו יידיש? פון איין זייט, ווי די באַ־
ציִונג פון דאָס רוב משכּילים פון יענער צייט: ניט ווי צו
א זעלבסטצוועק, נאָר — אין בעסטן פאַל — ווי א מיטל צום ציל;
און דער ציל איז — איבערגאַנג צו רוסיש אָדער דייטש, „איי־
ראָפּעיִזאַציע", צונויפגיסונג מיט דער אַרומיקער קולטור. „איין
פאָלק און איין שפּראַך, בלויז פאַרשיידענע אמונות" — דאָס איז
דאָך געווען דער דעוויז פון די משכּילים, און יידיש האָט זיך אין
זייער נאַיִווער קאָנצעפּציע ניט אַריינגעפּאַסט, פאַרקערט — געווען
נאָך א שטאַרקע מניעה.

פון דער צווייטער זייט אָבער איז ער געווען א פאָלקס־
מענטש, אויפגעהאָדעוועט אין א סביבה פון וואָלינער חסידים, וואָס
האָבן געהאַט א פּאָזיטיווע באַציִונג צו יידיש, וואָס האָבן די חסי־
דישע התלהבות און די חסידישע דערהויבנקייט אַריינגעגאָסן אין
דער פאָלקסשפּראַך, וואָס האָבן אַליין חסידישע מעשיות געשריבן,
געדרוקט און פאַרשפּרייט, וואָס האָבן אַריינגעגעבן אין דער יידי־

שער שפּראַך די וואָלינער זאַפּטיקייט. און אַלס רעזולטאַט דערפון בײַ גאָטלאָבערן — דער שטענדיקער דואַליזם פון משכּיל און פאָלקסמענטש: די נאַטירלעכע נטיה צו מאַמע־לשון און דאָס קוקן אַלע ווײַלע אויף אַהינטער, די אָפטע התנצלותן פאַר שרײַבן יידיש — בײַ זײַן אָרגאַנישער פּאָוואָרצלטקייט אין דער דאָזיקער שפּראַך.



גאָטלאָבער האָט נאָך זיך קיין סך ווערק אויף יידיש ניט איבערגעלאָזט; געשריבן האָט ער אַ סך, אָבער זייער פיל פון דעם איז צו אונז ניט דערגאַנגען. נאָר דאָס, וואָס מיר באַזיצן יאָ פון אים, גיט אונז אויך אַ גענוג בולט בילד פון די אידעען פון זײַן צײַט.

ווען איז גאָטלאָבער געקומען צו יידיש? — אין זײַנע פרי־ע יוגנט־יאָרן האָט ער שוין געשריבן יידיש. אין זײַנע „זכרונות" *) שרײַבט ער: „אַזוי ווי איך האָב פון קינדהייט אָן גע־האַט אַ נייגונג צו שרײַבן שירים, האָב איך אינם זשאַרגאָן אויך אָנגע־הויבן שרײַבן שירים". ווענן דעם עלטער, ווען ער האָט געשריבן די העברעישע שירים — וואָס ס'איז אויסגעפאַלן אין איין צײַט מיט די יידישע שירים — שרײַבט ער אין זײַנע מעמואַרן **): „איך בין דעמאָלט אַלט געווען פופצן יאָר".

וואָס פאַר אַ לידער זײַנען עס געווען — איז אומבאַוואוסט, יעדנפאַלס קען מען זיך שטויסן פון דעם, וואָס ער זאָגט וועגן זײַנע העברעישע שירים פון יענער צײַט ***), אַז קיין גרויסן ווערט האָבן מן־הסתם אויך די יידישע לידער פון יענעם פעריאָד ניט געהאַט. דאָס זײַנען אַלץ געווען יינגלשע פּרוּוון.

די ערשטע אַרבעטן, אויף וועלכע גאָטלאָבער האָט געקוקט ווי אויף ערנסטע ליטעראַרישע ווערק, געהערן צו דער צײַט פון

*) אין שלום־עליכמס „יידישע פאָלקסביבליאָטעק, ב. II, ז. 252.

**) א. פרידקין, „א. ב. גאָטלאָבער און זײַן עפּאָכע", ז. 47.

***) דאָרט, ז. 57.

זיין באַקענען זיך מיט די יידישע שריפטן פון מענדל לעפין ביי מאיר רייכן אין באַר. צו דער צייט איז ער שוין געווען אַן 18יאָריקער בחור, האָט שוין דאַן געהאַט איבערגעלעבט אַ גרויסע טראַגעדיע—דאָס צעשיידן אים איבערגוואַלד מיט זיין פרוי, דערנאָך דאָס חתונה מאַכן אים אַ צווייטן מאָל קעגן זיין ווילן — וואָס האָט אים רייף געמאַכט פאַר דער ׳צייט; פון אַ זיידענעם יונגנמאַן, וואָס זיצט אויף קעסט און שלינגט חסידישע תורה, — ווערט ער אַן אָפנער אַפּיקורס, ווערט אַ משכיל, אַ קעמפער — און זיינע ווערק פון דעם דאָזיקן פעריאָד אָן שפּיגלען שוין אָפּ זיין פּערזענלעכקייט און זיין וועלטבאַנעם. ער רייסט איבער מיט דעם ביזאַהעריקן אָרטאָדאָקסישן לעבנסשטייגער, עס עפענען זיך פאַר אים נייע האָריזאָנטן און פּערספּעקטיוון, ער פאָרמירט זיך אויס אין אַ רעוואָלוציאָנער מיט אַן אַגרעסיוון טעמפּעראַמענט, שרייבט העברעישע קאַמפּס-שירים, שיסט מיט גיפטיקע פיילן אויף זיינע פריערדיקע אידעענחברים, שטעלט זיך מיט לייב און לעבן צו דער הייליקער מלחמה קעגן די חסידים, וואָס האָבן זיין לעבן צעבראָכן.

דאָס איז געווען די שטורעמדיקסטע עפּאָכע אין זיין לעבן, די עפּאָכע פון אויסטרעטן נייע וועגן און פאַרברענען אַלטע בריקן. זיין פּערזענלעך אומגליק, וואָס האָט אים געעפנט די אויגן און האָט פון גרונד-אויס געענדערט זיין ווייטערדיקן לעבנסגאַנג, האָט ביי אים איבערגעלאָזט אַ וואונד, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט פאַרהיילן; שוין אין צענדליגער יאָרן אַרום, שרייבנדיק זיינע מעמואַרן, ווען ער איז שוין געווען אַן אַלטער מאַן, שילדערט ער דעם עפּיזאָד פון צעשיידן אים מיט זיין פרוי און קינד מיט אַזאַ טיפן צער, מיט אַזעלכע שטאַרקע ווערטער, ווי ער וואָלט עס אָט ערשט איבערגעלעבט. אָט די דאָזיקע טראַגעדיע איז געווען דער פערמענט, וואָס האָט אים שטענדיק גערייצט צו מעשים, צו אַקטיוויטעט. און אַלס רעזולטאַט פון יענעם, מיט איבערלעבענישן אַזוי רייכן פעריאָד איז געקומען זיין ערשט ליטעראַריש ווערק אויף יידיש, „דער דעקטון“, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין 1838, צו 26 יאָר.

דאָ מוזן מיר אויפקלערן אַ פּונקט, וואָס איז אַ ביסל אומ־פאַרשטענדלעך. גאָטלאָבער אַליין שרייבט*): „די דאָזיקע איבער־זעצונגען (פון מענדל לעפין) האָבן אויך מיר געגעבן דעם שטויס צו ריידן צום פאָלק אין זיין אייגענער שפּראַך. פון דעמאָלט אָן האָב איך גענומען פּרווון מיינע כוחות און שרייבן ווערק אויף דער שפּראַך". מענדל לעפינס כתבים האָט ער געזען ביי מאיר רייכן אין יאָר 1830, און „דעם דעקטוך" האָט ער געשריבן, לויט זיינע אייגענע ריי"ד אין 1838, קומט אויס אַ מהלך אין אַ 7—8 יאָר. אָבער גאָטלאָבער, וואָס האָט ווי ס'איז ידוע, געשריבן זיינע זכרונות על־פּי זכרון, האָט לייכט געקענט אַ טעות האָבן, אָדער אין דעם יאָר, ווען ער האָט געשריבן דעם „דעקטוך", אָדער אין דער דאַטע פון זיין איבערגאַנג צו יידיש, וועלכע פאַלט אויס אין איין פּעריאָד מיט זיין פאַרברענגען ביי מאיר רייכן, וואָס דעמאָלט איז ער אַלט געווען 18 יאָר אַן ערך. און אפשר האָט ער אין משך פון די דאָזיקע 7—8 יאָר געשריבן אַנדערע יידישע ווערק, אין פּראָזע אָדער אין פּערזן, וואָס זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען, אַזוי ווי די פּרוכט פון זיין גאָר פריער יוגנט? ווי עס זאָל ניט זיין, דאָס ערשטע צו אונז דערגאַנגענע ווערק איז „דער דעקטוך".

ס'איז אפשר ניט קיין צופאַל, וואָס זיין ערשט ליטעראַ־רישע ווערק אויף יידיש איז געווען אַ טעאַטערשטיק. צו טעאַ־טער האָט שוין גאָטלאָבער לאַנג אַרויסגעוויזן חשק און אינ־טערעס, ווי ס'איז צו זען פון זיין אַווטאָביאָגראַפיע (ז. 23). נאָך ווען ער איז געווען אַ נייניעריק קינד, האָט אים זיין לערער יוסף ווייזנער איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון לעסינגס „נתן דער חכם", דערקלערנדיק אים דערביי, וואָס איז אַזוינס טעאַטער און אילוסטרירנדיק פאַר אים אַלס ביישפּיל אייניקע שטעלן מעשה אַקטיאָר. דער דאָזיקער יוסף ווייזנער האָט אַליין אויך אין יאָר 1828, בעת ס'איז אַרויס ניקאָלאַי דעם Iנס באַפעל צו נעמען רעקרוטן פון יידן, אָנגעשריבן אַ העברעיִשע פּיעסע מיטן נאָמען „קול בוכים", וואָס גאָטלאָבער זאָגט וועגן איר, אַז „זי האָט נאָך

*) „א. ב. גאָטלאָבער און זיין עפּאָכע", ז. 176.

היינט אויך געקענט זיין אַ מוסטער פאַר העברעיִשע שרייבער".
די דאָזיקע שמועסן וועגן טעאַטער האָבן אויף גאָטלאָבערן געמאַכט אַ גרויסן רושם. וועלכער ווערט ניט אָפּגעמעקט אפילו אין אַ צייט אַרום, ווען ער איז שוין אַ דערוואַקסענער בחור, און שטויסט אים צו פּרוּוון זיינע כּוחות אויף דעם דאָזיקן געביט. ער שרייבט דעמאָלט אָן (צו 19 יאָר) די ערשטע אָריגינעלע פּיעסע פון רעאַלן לעבן אין העברעיִש אונטערן טיטל „אַמנון און תּמר", וועלכע איז נאָך געווען רוי און אומצייטיק און וואָס איז ביי אים פאַרבליבן אין כּתב־יד. אין יאָר 1830 זעצט ער איבער אַ טייל פון שילערס פּיעסע „די רויבער" און אין 8 יאָר אַרום — פאַרפאַסט ער „דעם דעקטוך". אויסער „דעם דעקטוך" האָט ער אויך אָנגעשריבן אַ פּיעסע „די פאַרקערטע וועלט", וואָס איז צוזאַמען מיט נאָך כּתבים פאַרלאָרן געגאַנגען, און אַ פּאָר העברעיִשע פּיעסן אין משה־חיים לוצאַטאָס סטיל. דערצו נאָך דאַרף מען געדענקען, אַז די דראַמאַטישע פאָרם איז בכלל געווען זייער פּאָפּולער אין דער השכּלה־ליטעראַטור און צוזאַמען מיט די פאָרמען פון אַלעגאָריע און משל — אויסגעפּרוּווטע מיטלען פאַר דער משכּילישער פּראָפּאַגאַנדע.

ווי האָט אויסגעזען דער אָריגינאַל פון דער פּיעסע — ווייסן מיר ניט, ווייל מיר האָבן אים ניט, ווייל גאָטלאָבער האָט אים אַליין ניט געדרוקט, ווייל דרוקן אין יענער צייט, אפילו אַ העברעיִשן ספר, איז געווען אַ ווייטער טרוים פון דעם גרעסטן רוב משכּילים, ווער רעדט נאָך אַ יידישן. דאָס זיינען געווען צייטן, ווען מע האָט געקוקט אויף שרייבן יידיש, ווי אויף אַ מלאכה בזויה, וואָס בלויז אין אַ וואָכעדיקער צייט ווערט עס געטאָן, ווי אַ מין ליצנות, צום צייט־פאַרטרייב. און די וואָס האָבן געהאַט דעם מוט צו פאַרעפנטלעכן זייערע יידישע ווערק, האָבן עס געטאָן בשתיקה, אין דער פרעמד אָדער אונטער אַ פּסעוודאָנים. יענע צייטן פלעגן די יידישע ווערק אַרומוואַנדערן אין כּתב־יד, אָפט ביי די מחברים צענדליגער יאָרן, ביז זיי פלעגן דערזען די ליכטיקע שיין; אַזוי איז געווען ביי ריב"לן, ביי אַקסענפעלדן, ביי עטינגערן און אַזוי איז אויך געווען מיט

גאָטלאָבערס „דעקטור". אומיואַנדערנדיק פון האַנט צו האַנט אין מאַנוסקריפּט, איז אַ פּאַרגרייזטע קאָפּיע אַריינגעפאַלן צו איינעם, וואָס האָט זי אָפּגעדרוקט, פול מיט דרוקפעלערן, ניט אָפּהיטנדיק די אייגנטימלעכקייטן פון דרום-יידישן דיאַלעקט, אויסמישנדיק אים ערטערווייז מיט עלעמענטן און פאָרמען פון פוילישן יידיש, און אַלס צוגאָב — אונטער אַ פרעמדן נאָמען. גאָטלאָבער האָט אפילו אין אַ צייט אַרום געמאַכט אַ געוואַלד, געדראָט דעם אַרויסגעבער מיט אַ פּראָצעס, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם געדרוקטן טעקסט און אָנגעבאָטן פאַרן פאַרלעגער אַן אַנדער טעקסט, אַ שטאַרק פאַרבעסערטן און איבערגעאַרבעטן, אָבער יענעם טעקסט קענען מיר ניט און מיר קאָנען בלויז משפּטן פון דעם אָפּגעדרוקטן עקזעמפּלאַר, וואָס מיר באַזיצן.

אין דער דאָזיקער קאָמעדיע ווערט געשילדערט די ניט-נאַטירלעכקייט פון אַמאָליקע חתונות, דאָס אומגעלומפּערטע איבערנעמען זיך מיט יִחוס, וואָס צוליב דעם איז רעכט צו פאַרקנסן די טאָכטער פאַר אַן אייביקן פיזישן און גייסטיקן קאַליקע, אַ לא-יוצלח. געשריבן איז די פּיעסע לויט דעם באַקאַנטן מוסטער: צוויי כּוחות ראַנגלען זיך, ליכט מיט פינסטערניש; די ווילדע פאַנאַטישע רבנים, די פינסטערע גוטע-יידן, די שווינדלער מיט זייערע נאָך פינסטערערע חסידים פון איין זייט; און די איידעלע משכּילים, די טרעגער פון ליכטיקייט און פון אַלע מידות-טובות — פון דער צווייטער זייט. תּחילת פאַרנעמען דעם אויבנאָן די פוילע און בייזע כּוחות, די רשעים, די אָבסקוראַנטן, און די רעכטפאַרטיקע זיינען אין קלעם; צום סוף אָבער זיגט דאָס ליכט און די פינסטערניש קריגט איר פּסק.

ווי געזאָגט, איז די פּיעסע אַן אָפּשפּיגלונג פון זיינע פערזענלעכע איבערלעבענישן, פון זיין אייגענער פאַמיליענדראַמע, אין וועלכער עס זיינען געווען שולדיק די גוטע-יידן מיט די חסידים — און ער רעכנט זיך דעריבער אָפּ מיט זיי אין דער פּיעסע אויף אַן אומבאַרחמנותדיקן אופן. די אָנרעגונג צו דער פּיעסע האָט אים נאָך, משמעות, געגעבן ריב"ל, ביי וועמען ער איז אין יאָר 1834 (תּקצ"ד) געווען אַ שטענדיקער איינגייער אין קרעמעניעץ, וואו ער האָט

דאַמאָלסט געוואוינט, און האָט געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך אין כתבֿ־יד מיט זיין „הפקר־וועלט“, וואָס ריב"ל האָט פאַר אים פאָרגעלייענט. ריב"לס „הפקר־וועלט“ איז ניט געשריבן אין דער פאָרם פון אַ טעאַטער שטיק, ס'איז נאָך בלויז אַ סקעלעט, אָן אַ פּלאַן, אָן אַ צעטיילונג אין סצענעס און אַקטן, אָבער דער דיאַלאָג איז דאָרטן אַזאַ לעבעדיקער, די בילדער אַזוי רעליעף, אַז זיי האָבן אויף גאָטלאָבערן געמוזט איבערלאָזן אַ שטאַרקן רושם. שפּעטער האָט זיין באַזוך ביי עטינגערן אין זאַמאָשץ, בעת עטינגער האָט פאַר אים פאָרגעלעזן זיין „סערקעלע“, אים געגעבן דעם לעצטן שטויס צו שאַפן די פּיעסע.

ריב"ל און עטינגער האָבן געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף גאָטלאָבערן. אָבער דער אינערלעכער גייסט, דער קאַמפּס־כאַראַקטער, די אייגנאַרטיק געשילדערטע העלדן, דער לעבעדיקער סטיל מאַכן די קאָמעדיע פאַר אַן אָריגינעלן פּראָדוקט פון גאָטלאָבערס שאַפונג.

און דער עיקר — די סאַטירע! — דאָס דאָזיקע אומ־ברחמנות־דיקסטע און שאַרפסטע כלי־זיין, וואָס האָט שוין געקלונגען אין מענדלסאָנס צייטן, אין די ווערק פון אהרן וואָלפסאָן, און שוין באַנוצט געוואָרן אין די ווערק פון אַ יוסף פּערל, יצחק ערטער און ריב"ל — די סאַטירע, וואָס איז געווען דער גרונדשטריך פון דער השכלה־צייט, האָט געפונען איר גלענצנדן אויסדרוק אין גאָטלאָבערן. גאָטלאָבערס „דעקטוך“ שטייט נידעריקער פון „סערקעלע“ אַלס פאַרענדיקט סצעניש ווערק, אָבער אַלס סאַטיריש ווערק איז זי באמת אויסגעצייכנט. איינצלנע סצענעס פון „דעקטוך“ זיינען אַזוי קאָלאָריטפול, כאַראַקטעריזירן אַזוי טרעפלעך די פאַר־שוינען, ווייזן אַרויס דאָס פיינע אויג פון מחבר.

נאָך אַ נייס האָט גאָטלאָבער אויפגעטאָן: ער האָט דער ערשטער אַריינגעפירט געזאַנג אין דער פּיעסע, ער איז געווען אַזוי צו זאָגן, דער שעפער פון דער מאָדערנער יידישער מעלאָ־דראַמע, וואָס עס האָט נאָכדעם אַזוי גלענצנד אַנטוויקלט זיין

תּלמיד אברהם גאָלדפאַדען *). און אויך דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן זיין חוש פאַר פאָלקסטימלעכקייט — צו באַלעבן זיין ווערק דורך אַ ניגון, אַ מעלאָדיע — אויף דעם גאַנג פון די אַלטע יידישע פאָלקסשפּילן: „מכירת יוסף", „חכמת שלמה" א"אַ.



מיר האָבן זיך אפשר אַ ביסל לענגער אָפּגעשטעלט אויף „דעם דעקטוך", ווייל דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דער דאָזיקער קאָמעדיע איז אויך דאָס כאַראַקטעריסטישע פון אַלע גאָטלאָבערס ווערק. גאָטלאָבער איז איינער פון די באַדייטנדיקסטע יידישע סאַטיריקער פון זיין צייט — אויב ניט דער באַדייטנדיקסטער (לינעצקי איז שוין געקומען נאָך אים). די סאַטירע איז ביי אים דער הויפּט-נערוו, וואָס באַוועגט אַלע זיינע שאַפונגען, סיי אין פּראָזע, סיי אין פערזן; דורך איר גיט ער איבער די אידעען און שטימונגען פון זיין צייט. צום בולטסטן קומט עס צום אויסדרוק אין דעם „סיים", וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין זשיטאָמיר אין יאָר 1869.

---

*) גאָטלאָבער איז אַליין געווען אַ מנגן, האָט געשטאַמט פון גרויסע הזנים, וועלכע זיינען בסבע שטיקלעך אַרטיסטן, האָט געהאַט אַ פיינע שטימע און אַ באַגאַבונג אַליין צו מאַכן מעלאָדיעס; דערצו איז ער געווען אַ פערזנ-שרייבער, אַ קופּלעטנמאַכער, פלעגט ער דאָס רוב פון זיינע לידער אַליין זינגען, און ביי זיין ריירעוודיקייט און נטיה צום וויץ, צום חוזק מאַכן, בכלל צום פּאַראָדירן, מיט זיין חסידישן טעמפּעראַמענט, האָט ער געמוזט זיין אַן אַקטיאָר — און די דאָזיקע אַלע מעלות האָט ער איבערגעגעבן זיין תּלמיד גאָלדפאַדענען. ביי גאָטלאָבערן אין שטוב פלעגן זיין געזאַנג-אָוונטן, אויף וועלכע גאָלדפאַדען פלעגט ב"זיין, גאָטלאָבערס לידלעך פלעגט גאָלדפאַדען נאָכזינגען אויף די הפסקות אין זשיטאָמירער ראַבינערשול, און גאָטלאָבער איז אויך געווען זיין וועגווייזער ביי זיינע ערשטע טריט צום יידישן טעאַטער, — ביי זיינע ערשטע יידישע פּיעסן. און מיט רעכט מעג מען זאָגן, אַז אויב גאָלדפאַדען איז געווען דער גרינדער פון יידישן טעאַטער, איז גאָטלאָבער געווען זיין סנדק.

דער „סיים" איז אַן אַלעגאָריע, געבויט אויף דעם יסוד פֿון די אַלטע קלאַסישע פֿאַבלען און משלים ביי פֿאַרשיידענע פֿעלקער, און אויך ביי יידן, וועגן די מעלות און חסרונות פֿון חיות, זייער פּיקחות און טיפּשות, זייער גוטסקייט און רישעות, יעדע איינציקע מיט אירע אייגנשאַפֿטן און כאַראַקטער — און אַלע צוזאַמען סימבאָליזירן די יידישע „פּני", די כּלי־קודש, די קהלסלייט, די גוטע־יידן, די אײַזערנע הערצער, די קמצנים אאַז"וו, וועלכע ער לאַכט אויס מיט ביטערן שפּאָט.

הגם לאַנג, צעצויגן, רעזאָנירנדיק, אָבער לעבנסקלוג, וויציק, שאַרף, אַפּאָריסטיש, פֿול מיט פֿיינע געדאַנקען וועגן מענטשן און זייערע פֿירונגען. געשריבן איז דאָס ווערק אין פֿערזן, אין אַ פֿרייען ריטם, גיכער אָן אַ ריטם, — אַן אַלטפֿרענקישע און אַלט־יידישע פֿאָלקסטימלעכע פֿאָרם.

ערטערווייז ווייזט זיך אויך אַרויס אַ פֿיינער און טיפֿער הומאָר, ווי אַ שטייגער, דער מאָנאָלאָג פֿון דער קאַץ און דעם אייזל, דער מאָנאָלאָג פֿון דעם אַף וועגן דעם אָקס א"אַ. אין מאַנכע שטעלן, למשל, וועגן דעם אָקס און דעם וואָלף, איז די סאַטירע אויף די דיינים און רבנים ממש אַ פֿאַרניכטנדיקע.

דער מיין פֿון דער סאַטירע איז אויפֿצודעקן די גאַנצע געמיינקייט און עזות פֿון די אַלע פּאַראַזיטן, וואָס לעבן אויפֿן חשבון פֿון דער בידנער מאַסע און טרעטן זי נאָך מיט די פֿיס:

וואָס שטופּט איר אייך, פֿאַרכעס, אין דער היץ,
אַז איר האָט ניט קיין שכל, קיין וויץ?
חזירים, אייזל, פֿערד, בערן,
וואָס ווילט איר אַלע קהלס־לייט ווערן?
ווי קומט עס אייך, אַז איר קענט אַלע מכּות?
אין וואַלד אַריין, איר ליידאַקעס! —
וואָס העלפֿט די אַסיפֿה, וואָס איז זי גאָר ווערט,
אַז זי באַשטייט פֿון אָקסן און פֿערד?..

אַ גרויסן פּלאַץ פֿאַרנעמט אין גאָטלאָבערס ווערק — דערהויפּט אין „דעקטוך", אין „סיים" און „גלגול", — „ניבול־פּה". דאָס

איז אויך אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון די אַמאָליקע משכּילים, (ווי פון דער פּאָלקסליטעראַטור בכלל). מיר געפינען דערפון אַ היפּש ביסל אויך ביי עטינגערן און ביי אַקסנפעלדן, נאָר ביי גאָטלאָבערן מער ווי ביי אַלעמען. גאָטלאָבער, איז, ווי געזאָגט, געווען אַ מענטש פון שטאַרקן טעמפּעראַמענט, אַ שטיק פייער, און כּדי צו קעמפן מיט די חסידים, האָט ער זיך געלאָזן אויף אַלץ. מיט דעם חסידישן עולמשן ניבול־פּה האָט ער זיי גופא געדעקט. דער „סיים" איז אָנגעפּיקעוועט מיט דעם. און דאָס דאָזיקע ניבול־פּה, הגם גראָבלעך און וואולגאַר, גיט עס דאָך צו דעם ווערק אַ קאָלאָריט און אַ פּאַרביקייט, אמת — אַ ביסל אַ צו מגושמדיקע. אפשר זיינען אין דרוק אומדערלאָזלעך די אַלע אויסדרוקן, וואָס האָבן אַ בולטן הינטערמיין און אַמאָל אויך אַ גאַנץ אָפענעם טריוויאַלן פּשט; דאָס ווערק אָבער וואָלט אָן דעם פאַרלאָרן זיין שאַרפקייט און כאַראַקטעריסטישקייט *),

בכלל, הגם גאָטלאָבער האָט זייער ווייניק משלים געשריבן. סך־הכּל עטלעכע, נאָר דאָס ביסל, וואָס איז דאָ, פאַלט בשום־אופן ניט אַראָפּ אַפילו פון אַזאַ טאַלענטירטן משלים־שרייבער, ווי עטינגער איז געווען.



אומקערנדיק זיך צו דעם הויפּט־עלעמענט פון גאָטלאָבערס שאַפן, צו זיין סאַטירע, האָבן מיר צו פאַרצייכענען נאָך אַ אינטערעסאַנט ווערק, הגם ניט אינגאַנצן קיין אָריגינעלס, „דעם גלגול".

די טעמע און די אידעע פון „גלגול" האָט ער גענומען פון יצחק ערטערס „גלגול הנפש", האָט אויך אויסגענוצט אייזיק־מאיר דיקס איבערזעצונג פון ערטערס „גלגול"; אָבער גאָטלאָבער האָט עס אַזוי אָריגינעל באַאַרבעט, אַזוי פאַריִדישט, אַריינגעלייגט אין דעם אַזוי פיל סאַטירע פון זיין שאַרפער פען, אַז דאָס ווערק האָט באַקומען אַ ביז גאָר באַזונדער פנים. דאָס גאַנצע ווערק איז איינגעטונקט

---

*) אייניקע שטעלן, וואו די אומדערלאָזלעכקייט גייט אריבער יעטווידע גרענעץ, האָבן מיר אויסגעשטראָכן און געשטעלט אויף דעם אָרט פּינטעלעך.

אין סאַרקאַזם, אין ביטערער גאַל און עטעמט מיט טיפן האַס צו דעם צעפּוילטן און אָפּגעלעבטן אין יידישן לעבן.

אין דעם דאָזיקן ווערק ווייזט זיך ווידער אַרויס אין זיין גאַנצער קראַפט דער שטורמער, דער רעוואָלטירער און צוימענ־ ברעכער; די קינסטלערישע זייט איז דאָ אַ טפל, אַ בייזאַך, דער עיקר איז — די פּראָפּאַגאַנדע, דאָס שמייסן מיט בייטשן די אַלע פּלאָגן און אָנשיקענישן פון דער דעמאָלטיקער יידישער עדה. דערצו האָט אים מיטגעהאָלפן דאָס קאָנען אויסגעצייכנט דעם גאַנצן רעקוויזיט, מיט וועלכן עס האָט זיך געצירט דער פּאַרצייטיקער לעבנסשטייגער: דעם גוטן־יידן, דעם חסיד, דעם חסידישן זינגער, דעם חזן, דאָס חזנות בכלל, דעם אַמאָליקן דאָקטאָר, דעם פּאָדריאַטשיק מיטן גלאָק, דעם מלווה וכדומה. וואָס שייך דער שפּראַך און דעם סטיל, זיינען זיי אַזוי צייטיק, פול און פּיקחותדיק, אַזוי שאַרף געווירצט, אַז ס'מאָג דינען פאַר אַ כוסטער.

ווען גאָטלאָבער האָט אָנגעשריבן דעם „גלגול", איז אומבאַ־ וואוסט; געדרוקט האָט ער אים אין יאָר 1871 אין „קול־מבשר", און אין יאָר 1896, אַ פּאָר יאָר פאַר זיין טויט, איז ער אַרויס אין אַ באַזונדער אויסגאַבע, סטיליסטיש שטאַרק געענדערט און איבערגעאַר־ בעט, און פון דער דאָזיקער סעפּאַראַטער אויסגאַבע דרוקן מיר עס איבער.

אגב איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אויף דער עלטער איז גאָטלאָבער, ווי ס'איז באַקאַנט, געוואָרן רעליגיעז און האָט חרטה געקראָגן אויף אַ סך זאַכן, וואָס ער האָט אין דער יוגנט באַקעמפט, אויך זיין באַציִונג צו די חסידים האָט אָנגעוו־ וואָרן איר אַמאָליקע שאַרפקייט, און דעריבער, קאָן זיין, האָט ער געענדערט אייניקע שטעלן אין „גלגול", וואו עס ווערט אָנגע־ גריפן דער בעל־שם; די דאָזיקע שטעלן פאַרגלעט ער אויף: „איי־ נעם פון די ערשטע עלטסטע גוטע־יידן"; אָנשטאָט: „שבחי הבעש"ט" — „גוטע יידישע טייטש־ספרים", וכדומה.

* * *

נאָר פון אַן אַנדער מין איז גאָטלאָבערס דריט זעלבשטענ־דיק ווערק „דאָס ליד פונם קוגל״, וואָס איז אַרויס אין יאָר 1863 אין אָדעס. דאָס האָט ווינציק צו טאָן מיט „פּראָגרעס און ציווי־ליזאַציע״; ס'איז אַ פּרווו צו שילדערן דעם לעבנסגאַנג פון אַ יידן פון זיין געבוירן ביז זיין טויט לויט דעם מוסטער פון שילערס „גלאָקע״.

פונקט אַזוי ווי אַרום דעם קריסטלעכן קלויסטער־גלאָק גייט דורך דאָס גאַנצע לעבן פון דעם קריסט, דער גלאָק איז דער אָנזאָגער פון זיינע יום־טובים און זיינע טרויער־טעג — אַזוי גייט אויך דורך דאָס לעבן פונם יידן אַרום דעם קוגל. גאָטלאָבער איז זייער נאָענט צו שילערס טעקסט, ער טוט עס אָבער אָן אין אַ יידישן לבוש, אין אַ יידישן אַרט דענקען, אין אַ יידישער לעבנספילאָסאָפיע.

ניט דאָ איז דער אָרט זיך אָפּצושטעלן אויף דעם גוואַל־דיקער באַטייטונג, וואָס די דייטשע ליטעראַטור האָט געהאַט אויף די משכילים, בפרט שילער האָט צוגעצויגן די הערצער פון די השכלה־שרייבער און ס'זיינען דאָ אַ סך איבערזעצונגען פון שילער אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. אויף יידיש זיינען פאַרהאַן בלויז געציילטע פּרווון, און צו זיי געהערט גאָטלאָבערס „זיצט דאָס ייִנגל״ (אין „דעקשוך״) פון שילערס „דער יונגלינג אַם באַכע״ און „דאָס ליד פונם קוגל״.

ווען מע פאַרגלייכט דעם „קוגל״ מיט עטינגערס „דאָס ליכט״, וואָס איז אויך געשריבן לויט „דער גלאָקע״, באַמערקט מען געוויסע השפעות פון „דעם ליכט״ אויף דעם „קוגל״, דערהויפּט בנוגע דער אויפפאַסונג, דער פאַרייִדישונג, דער אידעע. די זאַך קען אפשר פאַרענטפערט ווערן דערמיט, וואָס בעת גאָטלאָבער האָט באַזוכט עטינגערן, האָט עטינגער פאַר אים פאָרגעלייענט זיינע ווערק אין פּראָזע און פערזן, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען „דאָס ליכט״, און זייענדיק אונטערן רושם פון דער פּאָעמע,

האָט גאָטלאָבער געגומען די זעלבע טעמע פאַר דעם „קוגל".
יעדנפאַלס זיינען עס צוויי גאַנץ זעלבשטענדיקע זאַכן; ביידע
האָבן גענומען די טעמע בלויז אַלס קאַנווע צו מאָלן דעם יידישן
שטייגער, אָבער ביידע — אויף לחלוטין פאַרשיידענע אופנים.

אינטערעסאַנט איז, אַז „דער סיים", „דער דעקטוך", „דער קוגל" האָבן דערלעבט צו עטלעכע אויפלאַגעס. כמעט האַרט ביז דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין 1905 יאָר האָט מען נאָך זיי געזוכט אין פאַרקויף. דער „גלגול", ווי שוין געזאָגט, איז שטאַרק באַאַרבעט געוואָרן; צי גאָטלאָבער האָט עס אַליין באַאַרבעט — איז ניט באַוואוסט, ווייל ס'איז אַרויסגעגאַנגען האַרט פאַר זיין טויט, ווען ער איז שוין געווען אַבסאָלוט בלינד. נאָר אפשר האָט ער אים באַאַרבעט מיט אַ צייט פריער.

די ווייטערדיקע אויפלאַגעס פון „סיים" (וואַרשע, 1903), זיינען שוין אַרויס נאָך זיין טויט און שיידן זיך בלויז אין קלייניקייטן אונטער פון דער ערשטער אויפלאַגע. איז ווייטער די פראַגע: ווער האָט דאָ פאַרריכט?

דעם „קוגל" האָט ער געפירט מיט זיך אין זעלבן יאָר פון זיין ערשיינען צווישן אַנדערע ווערק אויף זיין רייזע איבער ניי-רוסלאַנד, וואָס ער האָט געמאַכט צוליב זיין קראַנקהייט, און דאָרטן עס אַליין פאַרשפרייט צווישן די גבירים, ווי ער פלעגט טאָן מיט אַלע זיינע ספרים *).



לידער האָט גאָטלאָבער — לויט זיינע אייגענע רייד — געשריבן זייער פיל, דערגאַנגען צו אונז זיינען אָבער זייער ווייניק, קוים איבער אַ צענדלינג. די גרעסטע פּאָפּולאַריטעט האָט ער געקראָגן צוליב זיינע לידער. ווי זיינע בני-דור גיבן איבער, איז ניט געווען קיין איין יידיש הויז, וואו מ'האָט זיינע לידער ניט

---

*) זע וועגן דעם זיינע רייזע-באַשרייבונגען „מסע ברוסיא החדשה" („המגיד", תרכ"ד, ז. 259).

געזונגען. ער איז געווען דער מיכל גאָרדאָן פון אוקראַינע. צענדי־לינגער יאָרן נאָכאַנאַנד זיינען זיינע לידער אומגעגאַנגען איבער וואָלינער שטעט און שטעטלעך. וועגן א־ייניקע זיינע לידער, וואָס זיינען געווען זייער פּאָפּולער, ווי „דער בידנע ישראליק", „קין און הבל" און פיל אַנד. דערציילט אויך זיין יוגנט־פריינד א. צע־דערבוים. און גאָטלאָבערס לידער האָבן ווידקלעך די מעלה, וואָס הגם קינסטלעריש זיינען זיי הינטערשטעליק, דאָס רוב משכיליש־מוסר־השכלדיק, פאַרמאָגן זיי אָבער דעם עלעמענט, וואָס מאַכט זיי נאָענט יעדן מאַסן־מענטשן; דאָס איז דער פאָלקס־טאָן, די פשוטקייט, דער לייכטער גראַם. וועגן גאָטלאָבערן קאָן מען רויק זאָגן, אַז אין אים האָבן זיך געראַנגלט צוויי נשמות: פון אַ משכיל און פון אַ קינסטלער, און ניט זעלטן האָט די ער־שטע אומגעבראַכט די צווייטע.

פאַרקערט מוז אָבער געזאָגט ווערן וועגן אַ טייל פון זיינע לידער, אַז אָפּטמאָל האָט אים אויך די מוזע געדינט.

צוויי לידער מוזן אויסגעטיילט ווערן באַזונדער צוליב זייער סאַטירע און קינסטלערישער פּאַראָדיע. דאָס ערשטע איז „די אַסיפה". דאָס איז אַ זעלטענע סאַטירע אויף דעם אינסטיטוט, וואָס הייסט אַסיפה, אויף די רעדלפירער, די בעלי־דעות פון דער אסיפה, אויף די תמיכים די אָרעמעלייט, די שטענדיקע שטומע שעפּעלעך, די באָנטשע שווייגס, וואָס האָבן הנאה כאָטש דערפון, וואָס זיי גייען צו די גבירים איבער די הייזער.

דאָס צווייטע—„איש חסיד"—איז אַ פּאַראָדיע אויף די מוצאי־שבת דיקע זמירות. צו פּאַראָד־עס האָט ער בכלל אַרויסגעוויזן אַ פעיִקייט; דאָס איז ביי אים די רעכטע האַנט פון דער סאַטירע, אָבער די דערמאָנטע פּאַראָדיע איז אַ שעדעווער אין דער דאַמאָלסטיקער יידישער ליטעראַטור. ס'איז נאָך מער אַ דערגרייכונג פאַר גאָט־לאָבערן, וואָס איז ביז איצט געווינט געווען צו שרייבן אין פרייען ריטם. דאָ איז שוין דער ריטם געשלאָסן, דער פערז געמאָסטן — אַ מאָדערנע פאָרם.

מ'דאַרף אויך ניט פאַרזען דעם קולטור־היסטאָרישן ווערט פון מאַנכע זיינע לידער. למשל, דאָס ליד „גזירת דייטש", וואָס

איז פאַרפאַסט געוואָרן בעת עס איז אַרויס די גזירה, אַז יידן מוזן אָנטאָן אייראָפּעיִשע קליידער, און שילדערט מיט לעבעדיקע בילדער דעם אַמאָליקן יידישן גאַנג, לעבט פאַר אונז אויף אַן עפּיזאָד אין דער יידישער פאַרגאַנגענהייט. אָדער דאָס ליד „גייט אין שול אַריין", וואָס ער האָט געשריבן בעת די פּאָגראָמען אין די אַכציקער יאָרן, ווען עס איז אָנגעשטאַנען די אַנטוישונג אין די רוסישע שׂרים און צוזאַמען מיט דעם איז געקומען דער באַנקראָט פון דעם משׂכּיליזם אַלס אידעע; אויך דער אויפקום פון דער חיבת-ציון-באַוועגונג ברענגט גאָטלאָבער צום אויסדרוק אין דעם ליד „די מאַמע מיט די קינדער".



די אַלטע לידער האָבן מיר אויפגעזאַמלט פון פאַרשיידענע צייטשריפטן, וואו זיי זיינען בשעתו געווען געדרוקט, אויסער די לידער, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין דעם בוקאַרעשטער „היועץ", ווייל מיר האָבן זיי ניט געקענט קריגן. אויך ווייסן מיר ניט, פון וואַנען זיינען גענומען די לידער „אַ זיפץ" און „אַ קלאָג", וואָס זיינען אָפּגעדרוקט אין באַסינס אַנטאָלאָגיע.

ביים אויפשטעלן גאָטלאָבערס יידישע ווערק האָבן מיר אויסער דער מאָדערניזירונג פון דער אָרטאָגראַפיע אַלץ איבערגעלאָזן אין זיין אורגעשטאַלט.



מיר זיינען אין אונזער קורצן איבערבליק ניט אויסן געווען צו געבן אַ גרינדלעכן אַנאַליז פון גאָטלאָבערס שאַפן אין יידישדאָס וועט שוין זיין די אויפגאַבע פון דער יידישער ליטעראַטור-געשיכטע און קריטיק. פאַר אונז איז געווען דער הויפטצוועק — צונויפצוזאַמלען די יידישע ליטעראַרישע ירושה פון א. ב. גאָטלאָבער און ווייזן, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט צו פאַרדאַנקען דעם דאָזיקן העראָישן קעמפער און שעפער פון דער השׂכּלה,

אויף וואָס פאַר אַ הויכער מדרגה ער האָט געבראַכט די יידישע ליטעראַטור־שפּראַך. אָבער איינס ווילן מיר דאָ אונטערשטרייכן: דעם שורש פון מענדעלע מוכר־ספרימס שאַפן דאַרף מען זוכן ניט אַזוי אין די ווערק פון אייזיק־מאיר דיק (ווי ש. ניגער וויל האָבן), נאָר אין די ווערק פון די וואָלינער, ווי אַן אַקסענפעלד, אַ ריב״ל און קודם־כל — פון א. ב. גאָטלאָבער, וועלכער איז ליטעראַריש געשטאַנען אַ סך העכער פון דעם פּאַרטייטשמערישטן אייזיק־מאיר דיק. באַזונדערס דאַרף מען דערביי נעמען אין אַכט, אַז מענדעלע איז געווען גאָטלאָבערס אַ תלמיד, אַ בן־בית, האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו לייענען גאָטלאָבערס יידישע ווערק אין כתב־יד און באַאיינפלוסט ווערן פון זיי, ווי זיין צווייטער תלמיד גאָלדפאַדען. אויף אַזאַ אופן האָט גאָטלאָבער ניט נאָר דירעקט, נאָר אויך אומדירעקט אָפּגעשפּילט אַ היסטאָרישע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור און פאַרדינט אַ בכבודיקן אָרט צווישן אירע גרינדער.

די אַרויסגעבער.

# די גזירה דייטשן

ביי אונז איז געוואָרן פאַרוויסט די וועלט,
מע דערקענט שוין נים, ווער ס'האָט געלט
און ווער בילדונג, ווער פאַרשטאַנד
און ווער ס'איז פון געמיינעם שטאַנד.

ביז אַהער האָבן מיר געהאַט סימָנים:
נגידים זענען געגאַנגען ווי מחותָנים,
אַלע גרויסע לייט כסדר
שבת און וואָכן אין זיידענע קליידער.

דער רב האָט געהאַט אַ באַזונדערן הילוך,
פון אויבן ביז אַראָפּ ווייס ווי אַ מילעך,
מיט אַ לאַנגן שטעקן, לענגער ווי ער,
און איז געקראָכן ווי אַ בער.

אַ חָסידל איז געגאַנגען דאָס פנים פאַרכמאַרעט,
אין איין אַלט ספּאָדיקל אָפּגעבאַרעט,
דאָס האַרץ אינדרויסן, דען טלית־קטן איבער די קני,
דאָס לולקעלע אין מויל — און קריעה־בליה.

אַ פּאָדראַטשיק האָט שוין צום האַלז אַ טיכל גענוצט,
האָט די שטיוול (אַמאָל אי דאָס בערדל) געפּוצט.
די קאַפּאָטע איז געווען שוין ניט אַזוי ברייט,
און אונטערם גאַרטל מאָדנע גענייט.

אַ בַעל־בית איז געגאַנגען אין אַ קאַפּטן מיט אַ ספּאָדיק,
אין אַ קיילעכיק מיצל איז געגאַנגען אַ מאָדיק.

אַ ליטוואַק אין אַ חצי־שבת מיט שפּיצלעך,
פּאָלישוקעס אין פוקסענע לאַפּנמיצלעך.

רופאים, מיט ביי־האָר, לאַנג ווי צעפּ,
פרומע יידן האָבן געגאָלטע קעפּ,
שטשאָגאָליעס האָבן די פּאות מיט ביר געצוואָגן,
געלערטע האָבן זיך דייטש געטראָגן.

זינד זענען געוואָרן אַלע איין קלאַס,
מע דערקענט שוין ניט קיין מענטש אין דער גאַס.

---

# דאָס גרעבעריליד.

מיר איז קיין מאָנאַרכע גלייך
מיט אַלע זיינע קרוינען;
אַלע מענטשן, אָרעם און רייך,
מוזן ביי מיר וואוינען.

דעם דַלות מוזן די אָרעמעלייט,
די רייכע — זייער עשירות
פאַרלאָזן, ווען עס קומט די צייט
צו וואוינען אין מיינע דירות.

איר, רייכע לייט, פון גרויסן שטאַנד,
טראַכט פאַר אייער נשמה!
היינט ליגט איר אויף טייער בעטגעוואַנט,
מאָרגן — אין דער אַדָמה.

היינט זענט איר נאָך ביים גאַנצן כּוח,
הוליעט און טרייבט קאַטאָוועס.
מאָרגן שרייט מען שוין גאַנץ הויך:
„צדָקה תּציל ממָוֶת".

היינט גייט איר אום, טאַנצט און שפּילט
געזונט אויף איטלעכעס אֵבֶר;
מאָרגן ליגט איר שוין פאַרקילט
דאָ אין קאַלטן קבֶר.

היינט זיצסטו פריש און פריי אין שטוב,
דו ווייסט ניט פון קיין צָרה;
מאָרגן ליגסטו שוין אין גרוב —
דו שטאָלצער גרויסער שְׂרָרָה!

איר, מענטשן, יאָגט און לויפט נאָך געלט,
איר וואָלט נאָר גאָלד געוואויגן;
זעט דאָ אויף דעם שטיקל פעלד
אַ שפּיגל פאַר די אויגן.

אַזוי זענען געלאָפן טאָג און נאַכט —
איבער בערג און שטיינער
די, וואָס ליגן דאָ פאַרשמאַכט
און רוען אויס די ביינער.

זעט דען קאָפּ, צעקראָכן און פויל,
דאָרט איז אַ מוח געליגן,
אַז ער האָט אויפגעמאַכט דאָס מויל,
האָבן אַלע געשוויגן.

יענץ ביינדל איז אַ ווייבל געוועזן,
שוין ווי ענגל זענען;
אויב ס'איז אַמאָל געוועזן שיין,
ווער וועט עס צינד דערקענען.

דאָס גרויסקייט ווערט דאָ גאָר פאַרשפּאָרט,
ווייל גלייך זענען דאָ אַלע;
דַלות און עשירות ליגן געפּאָרט,
אַזוי ווי חתן-כלה.

און דער קבר, וואָס איך גראָב,
וועט זיין אַן עושרס דירה;
זיין גאַנץ עשירות, זיין גאַנץ האָב,
איז ניט פאַרם טויט קיין שמירה.

די יורשים פרייען זיך אויף זיין טויט,
דאָס געלט איז זיי געבליבן;
מיט וויפל מי, מיט וויפל נויט
האָט ער עס צונויפגעקליבן.

עס איז אים אַלץ געווען גלייך,
ערלעכקייט און רַמָאות,
ער האָט אויפגעטאָן, צו ווערן רייך,
אַלערליי הַמצָאות.

וואָס קומט אים צינד דערפון אַרויס,
האָט ער דען הַנָאה ?
מיט לייוונט קליידט מען צינד אויס,
וואָס קאָסט גאָר זיין הוצאה ! —

פון אַלע דירות מיטן טייערן מעבל,
בלייבט אים נאָר דאָס חדר.
און נגידישע תּכריכים פון אַ וועבל
פון אַלע טייערע קליידער ! —

ער קומט ניט אין דער קאָטש צו פאָרן,
זי בלייבט דעם זון ירושה.
מיט וואָס האָט ער פאַרבראַכט די יאָרן,
כ׳לעבן, אַ גרויס בושה.

טאָג און נאַכט געלאַכט, געשפּעט,
געטרונקען און געגעסן.
געשלאָפן אין אַ טייער בעט,
דען אָרעמאַן פאַרגעסן.

אַ האַרץ האָט ער געהאַט פון שטיין,
און האָט קיינעם ניט געגעבן ;
ער האָט געמיינט, אַז ער אַליין
וועט שוין אייביק לעבן.

צינד האָט ער מיט אַלע גלייך
אַ קֶבר גאָר אַ קליינעם ;
ער ליגט — און איז שוין מער ניט רייך,
מיט אָרעמעלייט אינאיינעם.

קוקט אַייך אום, איר ליבע לייט,
אַזוי לאַנג איר האָט צייט צו זעָן *)‎;
באַטראַכט אייך, ווייל איר האָט נאָך צייט,
וואוהין איר דאַרפט צו גיין.

איידער איר קומט אין מיינע גיטער,
האָט איר צו קלערן.
אַז וואויל איז דעם, וואָס איז אַ גיטער **)‎,
דער ועט ניט פאַרפאַלן ווערן.

דער קבר איז נאָר פאַר דעם אַ שטראָף,
נאָר דער האָט ניט צו האָפן,
ווער ס׳איז אַ פאַרבלאָנדזעט שאָף
פונם פאַסטעכס האַנט אַנטלאָפן.

ווער ס׳האָט זיך פריער באַטראַכט,
דער האָט גאָרנישט צו זאָרגן;
נאָך דער שרעקלעך־פינסטערער נאַכט,
קומט אַ ליכטיקער מאָרגן.

דער טויט איז גאָר דאָס גרעסטע גליק,
וואָס גאָט האָט דעם מענטשן געגעבן;
דער קבר נאָר אַ שמאָלע בריק,
צון אַ בעסערן לעבן.

זעט נאָר אויבן דאָס גרויסע געצעלט,
וואו עס שימערן די שטערן;
דאָרט הייבט זיך אָן אַ וועלט,
וואָס וועט קיינמאָל ניט אויפהערן.

צווישןביידע וועלטן שטיי׳ן
שיפלעך — מע רופט זיי קברים.

---

*) = זען.

**) = גוטער.

דער שיפער — דער בין איך אַליין,
איך פיר איבער רייך און אָרעם.

מיינע פאַרשוינען גאָר אָן צאָל
זע איך דאָרט שוין שטיפן.
אין איין שיפל וועל איך אַמאָל
מיך אויך אַריבערשיפן.

צינד רוף איך מיינע לייט:
„פאָרט גאָר, פאָרט בשלום!"
אַמאָל וועט אָבער קומען אַ צייט,
אַז זיי וועלן מיר אַלע געבן „שלום".

---

# דער אָרעמער עושר.

(אויס דעם רוסישן נאָך קרילאָוו).

„ניצט עס עפּעס, לאָמיר זיך ניט נאַרן,
צו זיין אַ נגיד און תּמיד צו דאַרן,
נאָר דאָס געלט צונויפצושאַרן?

און צו וואָס? שטאַרבן און לאָזן געלט,
אַבי זיך אָנצומוטשען אויף דער וועלט,
און נאָך דעם טויט נאָך פון לייטן
די גרויסע חרפּות און בושות צו האָבן,
מע זאָל אויפעם קבר מיט די פינגער טייטן:
„אָט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן!" —
ניין, ווען גאָט זאָל מיר באַשערן עשירות,
וואָלט איך ניט געזשאַלעוועט געלט אַ סך,
און וואָלט געוואוינט אין טייערע דירות,
און וואָלט געוויזן, אַז איך בין רייך,
איך וואָלט מיר תּמיד סעודות־פּורים געמאַכט,
און וואָלט געלעבט און וואָלט געלאַכט.
איך וואָלט טאַקע, פאַרוואָס ניט, כּ'לעבן,
אי אָרימעלייט אויך געגעבן".

אַזוי שמועסט אַ מאָל אַ קבצן, הונגעריק און קראַנק,
ליגנדיק אין שטיבל אויף אַ האַרטער באַנק.
און ווי ער רעדט אַזוי צו זיך אַליין,
דערזעט ער פּלוצים עמעצן שטיין,
אַ טייל זאָגן אַ כּישוף־מאַכער,

אַנדערע מיינען נאָך גלאַכער *),
אַז דאָס איז טאַקע דער רוח געווען: **)

„ייִד, ווילסט, זאָגט ער, רייך ווערן,
איך וויל דיר העלפן זייער גערן.
נעם דאָס בייטעלע, זע נאָר אַ הער,
איין רענדל איז דרינען, ניט מער,
נאָר אַז דו וועסט דאָס אַרויסשאַרן,
וועט שוין דאָרט אַן אַנדערס האַרן.
דו קאָנסט אַזוי שאַרן גאָר פֿאַמעלעך,
ביז דו וועסט ווערן רייך ווי אַ מֶלך.
נאָר דאָס באַשווער איך דיך ביי דיין לעבן,
דו זאָלסט דערפֿון ניט אַ רענדל אויסגעבן,
מעגסט אַפֿילו זיין ווי אַ מלך רייך,
ביז דו וועסט ניט דאָס בייטעלע אריינוואַרפֿן אין טייך".

ער האָט אָפּגערעדט און איז פֿאַרשוואונדן,
און דער קבצן האָט דאָס בייטעלע אויפֿגעבונדן.
פֿאַר שמחה איז אים שיר די נשמה אַרויסגעפֿלויגן,
ער האָט ניט געגלויבט זיינע אייגענע אויגן.
ביי זיך אין האַרצן האָט ער געטראַכט:
ווער ווייסט? אפשר האָט זיך מיר נאָר אַזוי געדאַכט?

נאָר ווי באַלד ער האָט דאָס רענדל אַרויסגענומען,
האָט ער שוין געזען אַ גוטן סימן,
אַז דאָס איז ניט קיין חלום, ניט קיין ליגן,
אין בייטעלע איז שוין אַן אַנדערס געליגן. —
ער נעמט אַרויס דאָס אַנדערע געשווינד,
און פֿרייט זיך ווי אַ קליין קינד,
עס ליגט שוין דאָרט אַ רענדל ווידעראַמאָל,
און אַזוי ווייטער, גאָר אָן אַ צאָל.

*) = גלייכער.

**) = געווען.

„נאָ, טראַכט ער, היינט וועל איך אַלדינג פאַרגעסן,
איך וועל שוין היינט ניט טרינקען, ניט עסן,
איך וועל אָנשאַרן ביז מאָרגן רענדלעך אַ סך,
מאָרגן וועל איך שוין זיין זייער ראַך *),
איך וועל שוין מער קיין געלט ניט דאַרפן,
וועל איך דאָס בייטעלע אין טייך אַריינוואַרפן.
דעמאָלט וועל איך שוין קענען רירן פונם געלט,
און וועל עס אָנהייבן צו לעבן אויף דער וועלט“!

די גאַנצע נאַכט האָט ער די צייט פאַרבראַכט.
דען אַנדערן טאָג האָט ער זיך איבערגעקלערט:
„אַז גאָט האָט מיר יאָ אַזאַ גליק באַשערט,
נאָך וואָס זאָל איך עס פאַרשפּילן אומזיסט?
איך קאָן דען נאָך אָנשאַרן געלט ווי מיסט!
איך וועל בעסער נאָך ליידן הונגער און נויט
און וועל נאָך אַ טאָג ניט עסן אַ שטיקל ברויט,
אַקעגן וועל איך מאָרגן זיין אַזוי רייך,
אַז קיינער וועט מיר ניט קענען זיין גלייך.
איך וועל מיר טייערע פערדלעך קויפן,
איך וועל אָנהייבן אויף דער וועלט אַרומלויפן,
אין די גרויסע שטעט וועל איך פאָרן,
און אומעטום וועל איך מיר מאַכן קאָנטאָרן.
אַלע אָטקופן וועל איך נעמען אין פּאָדראַד,
און וועל אָנהייבן לעבן מיט פּאַראַד.
לעת־עתּה וועל איך נאָך עסן אַ סעכער אַ דאַרן,
און וועל ווייטער רענדלעך שאַרן“. —

ער שאַרט נאָך אַ טאָג, עס גליסט זיך אים נאָך,
עס גייט שוין אַוועק אַ גאַנצע וואָך;
ער האָט שוין אַלע טעפּ אָנגעשיט פול,
עס איז נאָך אַלץ ניט וויפל ער וויל.

*) = רייך.

דאָס בייטעלע אַוועקוואַרפן טוט אים באַנג.
קורץ, וואָס זאָל איך אייך דערציילן לאַנג,
ער האָט אַזוי לאַנג געשאַרט און געשאַרט,
און האָט געהונגערט און געדאַרט,
ביז ער איז געוואָרן דאַר ווי אַ פינגער,
און איז טאַקע אַזוי געשטאָרבן פאַר הינגער *)
אינם אייגענעם שטיבל, אויף דער אייגענער באַנק,
וואו ער איז פריי׳ר געלעגן קראַנק;
און אינמיטן ציילן און נאָך פאַרלאַנגען
איז אים די נשמה אויסגעגאַנגען.

---

און דאָס געלט? ווייסט איר, וואָס איז געוואָרן דערויס?
זיינע קינדער ברענגען עס צינד אויס
אויף פערד, אויף קאָטשן, אויף טייערע קליידער,
אויף וואַסער טרינקען, אויך אויף בעֶדער **)
(עס זאָל אייך גאָר ניט קשה זיין,
וואַסער קאָסט היינט מער ווי וויין).
פונם רוח איז דאָס געלט געקומען,
און דער רוח האָט עס באַלד אַוועקגענומען!

---

*) = הונגער.
**) = בעדער.

## דאָס זומער-פייגעלע.

„וואָס קוקט איר מיך אָן, איר פייגעלעך,
מיט אייערע פריילעכע אייגעלעך
וואָס איך טו מיך ניט אַ ריר,
און שטיי דאָ ווי געפרוירן; —
די יינגלעך האָבן מיר
די פליגעלעך אָפּגעשוירן.

איך זע די ביימעלעך בליען,
איך זע די פייגעלעך פליען,
איך זע פון דער זון דעם שיין,
און וואָלט אויך גערן געפלויגן;
איידער אָן פליגל צו זיין,
שוין בעסער גאָר אָן אויגן.

איך בין אויך אַמאָל
געפלויגן אַרום,
איבער בערג און טאָל
און אומעטום,
וואו אַ גרעזעלע,
וואו אַ רייזעלע
האָב איך געשמעקט
און אָפּגעלעקט,
און האָב דרינען
נחת געפינען *).

*) = געפונען.

היינט מוז איך שטיין
און צוזען,
ווי אַלע לעבן,
פליען און שוועבן,
נאָר איך שטיי
אין צרות, אין נויט,
עס איז מיר אָך און ווײ,
איך בין ערגער ווי טויט.

אָ שיינער אַ פריילעכער זומער, כ׳לעבן,
ווען גאָט האָט נאָר פליגל געגעבן,
אַרומצופליען אויף אַלע זייטן,
אויף די ביימער, אויפן גראָז;
אָבער צוצוזען נאָר פון ווייטן,
וואָס פאַר אַ ווייטאָג איז דאָס!

אָט זע איך דאָרט אַ ביימעלע אַ שיינס,
דערויף זיצט אַ פייגעלע אַ קליינס,
פונקט ווי איך, מיט אַזוינע זינען,
פונקט ווי איך פון פלייש און בלוט,
דער גאַנצער חילוק איז נאָר דרינען,
עס האָט פליגעלעך, און איך ניט.

ערשט צוריק
אַ קורצע צייט,
בין איך ביים גליק
געוועזן לייט;
איך בין געפלויגן,
וואוהין די אויגן
האָבן געגליסט
און האָב געוויסט *)

*) = געוואוסט.

פון אַ לעבן
און האָב אָפּגעגעבן
צו גאָט אַ דאַנק
מיט מיין געזאַנג
אַלע פרימאָרגן,
אָן צער, אָן זאָרגן;
ציגד זענען די אויגן
פון וויינען מיר רויט,
איך שטיי אייגעבויגן
און בין ערגער ווי טויט.

איר פייגעלעך, וואָס גאָט האָט אייך געגעבן פליגל!
קוקט אייך אָן אין מיר, ווי אין אַ שפיגל!
ווי עס קאָן זיך אַלצדינג איבערקערן,
ווי עס איז גאָר נישטאָ אויף דער וועלט קיין גליק;
איר קענט ווי איך נאָך, חלילה, ווערן,
דריבער טוט מיט רחמנות אויף מיר אַ בליק!

מיר זענען דאָך אַלע ברידער, שוועסטער,
אונז האָט באַשאַפן איין גאָט, דער בעסטער,
נעמט מיך אויף די פליגעלעך, פריינד!
און טראָגט מיך אַקעגן דער זון אַרויס; —
זעט איר, דאָרט ווי די זון שיינט,
דאָרט וואַקסן דעם פייגעלע פליגעלעך אויס.

איך וועל ווידער אָנהייבן
אַרומצופליען,
וואו פייגעלעך שוועבן,
וואו ביימעלעך בליען.
אויף אַלע גרעזעלעך,
אויף אַלע רייזעלעך

מיט טוי אַ טראָפּעלע
וועל איך דאָס קעפּעלע

מיר אָפּוואַשן,
און וועל נאַשן
אַ טראָפּן אַ זיסן,
און וועל געניסן
דאָס שטיקעלע לעבן,
וואָס גאָט האָט מיר געגעבן;
ער וועט מיר באַשערן
דאָס שטיקעלע ברויט,
און איך וועל ניצול ווערן
פאַר הונגער-טויט".

אַזוי וויינט אַ פייגעלע און קלאָגט,
פון די איבעריקע פאַרשטויסן, פאַריאָגט,
די פליגעלעך אָפּגעשוירן,
דעם קאָראַזש אָנגעוואוירן,
אַזוי וויינט עס מיט טרערן אין די אויגן,
עס וואָלט נעבעך אויך גערן געפלויגן;
עס איז דען געבוירן געוואָרן דעראָף,
ווייל ס'איז דעך נעבעך אַ שטיקעלע עוף. —
ווילט איר דאָס אומגליקלעכע פייגעלע קענען?
זאָל איך עס אייך ביים נאָמען נענען?
י ש ר א ל פלעגט מען עס רופן ביים גליק,
מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר צוריק;
ציינד, אַז די פליגל זיינען אים אָפּגעשניטן,
און עס האָט זיך שוין גענוג צרות אָנגעליטן,
און עס האָט שוין נעבעך ניט אַ גאַנץ גליד —
האָט איר עס אַ נאָמען געגעבן ז ש י ד!

## דער געגאַרטער מענטש.

די גאַנצע וועלט איז נאָר אַ חלום,
דער מענטש לעבט אין איר בשלום,
ער טראַכט, ער זאָרגט, אָן אַן עק,
ביז מע נעמט אים פון אים אַוועק.

ביי די יונגע יאָרן וויל ער נאָר געלט,
ער מיינט דאָס איז די גאַנצע וועלט,
ניט רויִק געשלאָפן, געגעסן,
אָן דעם לעבן גאָר פאַרגעסן.

וויפל ער האָט, איז אים אַלץ קאַרג,
גיב אים גוטס, וויל ער נאָר בעסער,
שיט אים אָן גאָלד אַ באַרג,
וועט ער אַלץ וועלן זיין נאָך גרעסער.

דערוועט ער אָבער אויף זיך אַ האָר אַ גראָען,
עפענען זיך אים ערשט די אויגן,
ער זעט, ער האָט ניט געהאַט קיין הנאה
פון די יאָרן, וואָס זענען אַוועקגעפלויגן.

דו געגאַרטער מענטש, לאָז דיך ריידן,
מיט וויפל דו האָסט, לעב צופרידן,
פלוצים הייסט מען זיך אַהין קלייבן,
וועט דאָס גאַנצע געלט איין אַנדערן בלייבן.

עס און טרינק און האָב הנאה,
לאָז דיך ניט קרענקען אויף הוצאה

פֿאַרגיס ניט אומזיסט קיין טרערן,
גאָט וועט דיר אויף פּרנסה באַשערן.

ווילסטו דיר דאָ גוט בעטן,
האָב־זשע רחמנות אויף אָרעמע לייט,
עס וועט דיך פֿון אַלע שלאַפֿקייטן רעטן
דו וועסט ניט שטאַרבן פֿאַר דער צייט.

ווילסטו דעם אָרעמאַן שטיצן
קען עס דיר אַוודאַי ניצן,
נאָר זאָלסטו זיך מיט דעם נישט באַרימען,
וואָרן דו וועסט אים פֿאַרשעמען.

ווי ווייט דו קענסט, טו נאָר גוטס,
עס וועט דיר דערנאָך אָקעגן קומען,
דו וועסט דאָרט דערפֿון האָבן גרויסע נוץ,
טילקאָ דאָס קענסטו מיטנעמען.

---

## גייט אין שול אַריין!

ווייַנט, ברידער, קלאָגט! ווייַנט טאָג און נאַכט!
וואָס גאָט האָט אויף אונז אַזאַ צרה געבראַכט,
וואָס קען עס גאָר קיינער פון אונז ניט פאַרשטיין;
אין רוסלאַנד, וואו עס הערשן משפטים גערעכטע,
דאָרט וואו די מענטשן זענען אויך ניט קיין שלעכטע,
זאָל קענען גאָר פּלוצלונג אַזעלכעס געשעען *):
צערייסן, צעברעכן, ראַבעווען, שלאָגן.
ווי זאָל מען ניט וויינען, ווי זאָל מען ניט קלאָגן!

פאַסט, ברידער, דאַוונט, זאָגט תהילים, זייט פרום!
טוט תשובה, גיט צדקה, קוקט אייך אַרום
דאָס איז פון אייביק אָן אונזער געווער.
שוין טויזנטער יאָרן, ווען עס טוט אונז וויי,
דערהערט גאָט אין הימל אונזער געשריי,
מיר מוזן נאָר וויינען, מיר קענען ניט מער:
נאָר גאָט קען אונז העלפן, נאָר ער אַליין,
ער וועט דערהערן אונזער געוויין!

איבערן לייב גייט איבער אַ גרויל,
ווי אונזערע שונאים האָבן געעפנט אַ מויל,
פון אַלע זייטן בזיונות זילזולים:
שווינדלער, בלוטצאַפּערס, פּיאַווקעס, וואַמפּירן,
מיר טוען ניט מער נאָר עקספּלאָאַטירן,
וואָס טראַכט מען ניט אויס, וועלכע בילבולים!
וואָס איטלעכער טוט און עס איז רעכט,
טוט עס פון אונז איינער—איז עס שלעכט.

*) = געשען.

למשל, ניט טרינקען, ווער ווייסט עס ניט קלאָר,
איז תּמיד אַ מעלה, און אַ גרויסע גאָר;
וואָרעם אַ שיכּור איז דאָך אַלדאָס בייז.
נאָ, איז ביי אונז יידן גאָר דער עיקר,
אַז מע זאָל חלילה ניט זיין קיין שיכּור,
זעט־זשע ווי מע פאַרדרייט דעריבער די נעז! *)
ווי אונזערע שונאים האָבן יסורים,
פאַרוואָס מיר זיינען ניט קיין שיכּורים.

לערנען אונזערע קינדער גאָר בעסער,
איז דעריבער די שנאה אויף אונז נאָך גרעסער
פאַרוואָס האָט אַ ייד מער שכל, פאַרשטאַנד?
אַז מיר האַנדלען און וואַנדלען, זיינען מיר פאַקטוירים
שטודירן אונזערע קינדער און ווערן דאָקטוירים,
איז ווידער איין אומגליק פאַרם גאַנצן לאַנד.
יידן דאָקטוירים, טעכניקער, אַדוואָקאַטן,
אָט דאָס איז שוין גאָר אַ שלעכטער משא־ומתּן!

וואָס־זשע דען זאָלן מיר טאָן? זאָגט איר אַליין!
ניט דאָס, ניט יענץ, ניט גרויס, ניט קליין,
ניט מיט די גלידער, ניט מיט דעם מוח;
וואָס ווילט איר, זאָגט, וואָס זאָלן מיר בלייבן?
קיין שענקען ניט האַלטן, קיין רעצעפּטן ניט שרייבן,
מיר זאָלן ניט שטיין ניט נידעריק, ניט הויך,
זאָגט, איך בעט אייך; איר ווייסט וואָס איר ווילט
ניין, כלעבן, ניין, נאָר פּשוט, איר בילט.

איך וויל ניט זאָגן, אַז מיר האָבן נאָר מעלות,
עס איז דאָ אויף אונז טאַקע אויך אַ סך שאלות,
נאָר צו־וואָס ברענגט ניט אַ מענטשן די ביטערע נויט?
אַ סך פּראָצענט נעמען איז אַוודאי אַן עבֿירה,
וואָס האָט אָבער אַ ייד פאַר אַן אַנדערע בּרֵירה?
וואו־דען זאָל ער נעמען דאָס שטיקל ברויט?

---

*) = נעז.

אַז ער טאָר ניט טאָן אַלצדינג, האָט איר פאַרגעסן,
סיידן עס זאָל איין ייד דעם אַנדערן אויפעסן.

צונויפגעפּאַקט ווי הערינג אין פעסער,
ווי קענען מיר יידן האַנדלען בעסער?
אַז הענט און פיס זענען אונז געבונדן?
דאָ דאַרף מען ניט זיצן, אַהין זיך ניט ווייזן,
אַוודאי דאַרף מען זיין שטאַרקער פון אייזן,
ווער קען עס אויסהאַלטן? ווער קען עס דערטראָגן?
האָט דען אַ ייד ניט ווי אַלע מענטשן אַ מאָגן?

נאָר אייך, אומזיסטע שונאים, וויל איך עפּעס פרעגן:
אייך שטייען דאָך יאָ אָפן אַלע וועגן,
וועלכע פרנסה איז אייך פאַרווערט?
הַלְוַואי, וואָלטן מיר געהאַט אַ מַעֲשֶׂר מִן הַמַּעֲשֵׂר
ווי קומט צו אייך אַזעלכע באַרייסער?
וואָס מע האָט עס גאָר אויף דער וועלט ניט געהערט?
זיי מאַכן דאָך פון זייערע בעלי־חובות גאָר אַ תֵּל,
און שינדן זיי פשוט גאָר אָפּ די פעל.

נאָר וואָס קומט אַרויס פון אונזערע טענות,
אַז מיר האָבן אַ פּנים ווי אָפּגעשלאָגענע הושענות,
וואָס מע וואַרפט זיי אַוועק אונטערן שטענדער.
ווער וועט צו אונזערע רייד זיך קערן,
אַז מען וויל אַפילו יענע ניט הערן,
וואָס ריידן קריסטן, ענגלענדער?
אונז בלייבט נאָר איבער וויינען, קלאָגן
און זיך שטאַרק אין האַרצן שלאָגן.

שלאָגן אין האַרצן פאַר אַ סך זאַכן,
וואָס מיר האָבן געקאָנט בעסער מאַכן,
און איצונד צו פאַרבעסערן איז שוין צו שפּעט.

מיר האָבן אונזערע קינדער אויף דעם אַרט ערצויגן,
וואָס קען זיי איצונד זייער ערציִונג טויגן,
אַז זיי זענען אין דער וועלט צעזייט און צעשפּרייט?
מיר האָבן געמיינט, מיר זענען היגע לייט,
איצונד ווייזט מען אונז קיין מערב־זייט.

שלאָגן אין האַרצן דאַרפן מיר אונז כּלעבן,
אַז מיר האָבן אונזערע קינדער איין ערציִונג געגעבן,
וואָס האָט זיי אין דער בלאָטע אַריינגעשטעלט.
וואו זאָל אונזער קינד זיך וועגדן און קערן,
ווי אַזוי זיך אין דער פרעמד ערנערן,
ווי אַזוי זיך דורכהעלפן אין דער וועלט
אַז נאָר דאָ איז ער אַ וואוילער יונג,
אַחוץ איין לשון כּאָטש שנייד אים אָפּ די צונג.

אמת, מיר האָבן עס געמיינט זייער געטריי,
און האָבן געהאַט אַ גוטע כּוונה דערביי,
וואָס מאַכט אונז בשום אופן ניט קיין שאַנד:
„וואָס ניצט אונזערע קינדער פרעמדע שפּראַכן?
אַז מיר ווילן פון זיי קיין פּראַנצויזן מאַכן,
לאָזן זיי בעסער ניצן אין זייער פאָטערלאַנד?"
אַזוי האָבן מיר תמיד געטראַכט און געזאָגט.
וואָס טוט מען אָבער אַצינד, אַז מע ראַבעוועט
און מע שלאָגט?!

טאַקע נאָר וויינען, טאַקע נאָר קלאָגן,
טאַקע נאָר קאָפּ אין דער וואַנט זיך שלאָגן,
פאַסטן און זאָגן תהילים און סליחות,
צו גאָט בעטן און וויינען און שרייען,
ער זאָל אונז פון די צרות באַפרייען,
פון די פּאָגראָמעס, פון די רציחות.
אַזוי, ליבע ברידער, אַזוי מוז עס זיין!
גייט־זשע, ליבע יידן, גייט אין שול אַריין!

## די אַסיפה

אײן אַלטע מעשה, נאָר שפּאָגל נײ!

עס איז באַקאַנט פון אַלטער צײט,
אַז נגידים און אָרעמעלײט,
וואָס געפינען זיך תּמיד צווישן יידן,
זענען אײנס פונם אַנדערע ניט צופרידן.
אַ ייד קען זיך פאַר אַ ייד ניט בוקן,
פאַר זײן אײגענעם ברודער בײגן דעם רוקן:

„איך מעג זײן אָרעם און דו רײך,
פונדעסטוועגן זענען מיר בײדע גלײך;
און אפשר האָב איך גאָר אַ טײערע נשמה,
און דו ביסט גאָר אינגאַנצן אַ טמא, —
עס פאַרדריסט דיך אפילו, מעגסט דיך קראַצן,
אַ ייִדישע נשמה קען מען דאָך ניט שאַצן".

אַזוי רעדט זיך אײן דער אָרעמאַן פון אַלטע צײטן
און דעם נגיד שטעכט עס אין די זײטן:
„דו, קבצן! טראַכט ער זיך, איז דאָס עפּעס אַ תּירוץ?
פאַרוואָס זאָלסטו ניט האָבן פאַר מיר דרך־ארץ?
תּרבות, שײגעץ! איך האָב דאָך די מטבע,
ווי קומסטו, עזות־פּנים, צו זאָגן אַ דעה".

דאָס מחלוקת איז אַזוי ווײט געקומען,
אַז די נגידים האָבן זיך צונויפגענומען
און האָבן זיך געמאַכט אײן האַנט, אײן ראָט,
אַרויסצוטרײבן די אָרעמעלײט פון שטאָט.

„וואָס טויגן אונז קבצנים, מיר ווילן זיי ניט זען, *)
צו אַלדע שוואַרצע יאָר זאָלן זיי זיך גיין"

„יאָ, רופט זיך אָן ר' יאַנקל דער רייכער,
צוודאי וואָלט אָן אָרעמעלייט געווען גלייכער;
עס פירט זיך אָבער אַזוי ניט אין דער וועלט,
פאַרגעסט ניט, מיר האָבן טאַקע, אַ טאַקסע, זי
קאָסט אונז געלט,
מילא, דאָס פלייש קענען מיר אַליין עסן,
איר מוזט דאָך אָבער ניט פאַרגעסן,
ווען מען וועלן מיר פאַרקויפן די ביינער,
אַז פון אָרעמעלייט וועט ניט זיין קיינער?
ווער וועט צאָלן פאָדאַט, סוויעטשנאָי סבאָר?
און וואָס וועלן מיר טון, אַז עס קומט אַ נאַבאָר?
אויך פאַרגעסט ניט: פון זייערע הענט
רייסן מיר כּשרע הונדערט פראָצענט,
זינד פאַרשטייט איר, וואָס באַטייט
אַרויסצוטרייבן די אָרעמעלייט?
קלאַפן, שלאָגן, ברעכן די ביינער,
כּהיכי-תּימא, דאָס ווערט אייך קיינער,
באַר אַרויסטרייבן היט אייך ווי פאַר פייער,
אַזאַ מעשה וועט אייך קאָסטן טייער"! —

עס איז געבליבן דאָס ניט צו פאַרלאַנגען,
און די נגידים זענען זיך צעגאַנגען.

עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ צייט,
זענען געוואָר-געוואָרן די אָרעמעלייט,
וואָס די נגידים האָבן געוואָלט מאַכן,
זיי האָט שטאַרק פאַרדראָסן אַזעלכע זאַכן:

„וואָס האָבן די נגידים אונז אַ דעה צו זאָגן,
אַז אויף אונזערע פלייצעס מוזן מיר אַלץ טראָגן?

*) = זען.

זיי אונז אַרויסטרייבן? אַ שיינער כשא־ומתן!
מיר צאָלן פּאָדאַטס, מיר האַלטן סאָלדאַטן,
מיר ליידן תּמיד אַלע פּריזשימקעס.
אונזערע בעבעכעס שלעפּט מען פאַר ניעדאָימקעס,
מיר לאָזן זיך ברענען, מיר לאָזן זיך בראָטן,
אונזערע קינדער נעמט מען פאַר רעקראָכן,
און פון די נגידים האָבן מיר עפּעס אַ סך?
וואָס קומט אונז אַרויס, וואָס זיי זענען ראַך? *)
דעריבער מוז טאַקע צווישן אונז בלייבן,
אַז די נגידים זאָל מען אַרויסטרייבן".

„ניין! — רופט זיך אָן איין אָרעמאַן אַ געניטער,
ניין, רבותים, דער פּלאַן איז ניט קיין גיטער; **)
די נגידים קומען צונוץ, איר זאָלט ניט לאַכן,
ווען ניט זיי, ווער וועט אַ רייסטער מאַכן?
ווער וועט געבן עצות, מאַכן תּקנות?
שטעלן זעקיצעס, נעמען משכּנות?
ווער וועט האָבן רחמנות
אויף יתומים און אַלמנות,
זיי צו ווייזן אַ שטייגער פּרנסה אַ גרינגער,
צו גיין אין די הייזער און שטאַרבן פאַר הינגער? ***)
און אַז עס וועט אויף יידן חלילה קומען רדיפות,
ווער וועט זיך סטאַרען? ווער וועט מאַכן אַסיפות?
דרינען שטעקט אַ חכמה אַ טיפע,
נאָר נגידים קענען מאַכן איין אַסיפה.
איין אַספה! איר ווייסט ניט, וואָס דאָס באַטייט,
ווייל צו אַסיפות לאָזט מען ניט אַריין אָרעמעלייט;
ביי דער אַסיפה פאַרשליסט מען די טירן,
נאָר נגידים פאַרשטייען דאָס רעדל צו פירן,

*) = רייך.
**) = גוטער.
***) = הונגער.

און אַז מע מאַכט אַ מאָל אַ קבצן דאָס גליק,
ער זאָל זיצן ביי דער אַסיפה איין אויגנבליק,
לאָזט מען אים אַריין נאָר מיט דעם תנאי,
ער זאָל ניט זאָגן קיין דעה דערביי.
ער מעג זיך טראַכטן וואָס ער וויל,
נאָר ניט גערעדט, שאַ! שווייג שטיל!
ער מעג אַפילו זיין דער רב אַליין,
מוז ער האַלטן די צונג צווישן די ציין.
דאַרויס, ליבע לייט, קענט איר פאַרשטיין,
אַז אָן נגידים קענען מיר זיך ניט באַגיין.
די אַסיפה זאָל אייך תמיד שטיין פאַר די אויגן,
וועט איר וויסן, צו וואָס די נגידים טויגן.
דאַריבער מוזן פּאַקע די נגידים בלייבן
און מע טאָר זיי בשום אופן ניט אַרויסטרייבן".

---

אַזוי איז במוסכם כולם געבליבן,
מע האָט די תקנה אין פּינקס פאַרשריבן:
"הֱיוֹת, אַזוי פון יָמים ושָנים
זענען דאָ ביי יידן נגידים און קבצנים,
מוז מען דאָך וויסן צו וואָס איטלעכער ניצט,
פאַרשרייבן מיר עס אין פּינקס איצט:
צום רייסן, צום בייסן, קלאַפּן, שלאָגן
און אַלערליי צרות איבערצוטראָגן
דאַרפן אָרעמעלייט אויפשטעלן די פּלייצעס,
און די נגידים—ניצן אויף אַסיפות און עצות,
מיר מוזן זיי נאָכזאָגן דעם שבח אָן חניפה:
זיי מאַכן אויסגעצייכנט איין אַסיפה!" —

עס איז אַפילו ניט נייטיק זיך צו התמענען דערביי,
נאָר לאָז זיין: איינס, צוויי, דריי.

---

# די מאַמע מיט די קינדער.

די מאַמע רופט, די מאַמע בעט:
וואו זענט איר, ליבע קינדער?
וואָס גייט איר דאָרטן טריט ביי טריט?
נאָ גייט שוין, גייט געשווינדער!

איך וואַרט אויף אייך אַ לאַנגע צייט,
איך וויל אייך דאָ דערנערן;
איך וויל, איר זאָלט שוין אויך זיין לייט,
אייערע צָרות זאָלן אויפהערן.

ווי לאַנג וועט איר אייך וואַלגערן אין דער פרעמד?
ווי לאַנג וועט איטלעכער אייך דערקוטשען?
איר האָט שוין באַלד ניט אויפם לייב קיין העמד,
ווי לאַנג וועט איר אייך דאָרט נאָך מוטשען?

ווי לאַנג וועלן שונאים אייך מאַכן אַ שֵׁם,
אַז איר ווילט נישט אַרבעטן, איר זענט פויל?
גייט אַהיים, אַהיים! אַהיים!
איך וועט האָבן ברויט מיטן פולן מויל.

קומט צו מיר, צו אייער מוטער,
וואָס וואַרט אויף אייך מיט אָפענע הענט,
איך וועל אייך געבן ברויט מיט פוטער,
און איר וועט נישט מבוזה זיין אַזוי ווי איר זענט.

עס טריפט מיר פונם האַרצן בלוט
אָנצוקוקן אייערע צָרות,

איר האָט דאָך ניט אַ רויִקע מינוט,
עס העלפט אייך ניט קיין שום הסברות.

דער קאָפּ איז פאַרדולט טאָג און נאַכט:
וואו באַקומט מען, נעבעך, דאָס שטיקעלע ברויט?
מיט אַזאַ לעבן די וועלט פאַרבראַכט
איז כלעבן ערגער ווי דער טויט.

און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק שלעק —
מוזט איר נאָך ליידן חרפּות, זילזולים;
איר לעבט, נעבעך, תּמיד אין פּחד, אין שרעק,
פאַר אויסגעטראַכטע פאַלשע בּילבּולים.

גליקלעך איז דער, אַז וואויל איז דעם,
נאָר דעם טוט קיין מאָל דער קאָפּ ניט וויי,
ווער ס'האָט אַ רויִקע זיכערע היים,
און קיינער קען אים ניט שרייען: „גיי!"

אַזוי רעדט אַ מאַמע צו אירע קינדער,
טיף פונם האַרצן גייען די ווערטער אַרויס;
זי גלעט, זי קושט איטלעכס באַזונדער,
איינס פון די קינדער לאָזט זי ניט אויס.

ביי אַן אמתער, גוטער, פרומער מיטער *)
האָט איטלעכס קינד אַ גרויסן ווערט;
עס איז איר נעבעך פינסטער און ביטער,
אַז דעם קינד איז דאָס לעבן פאַרשטערט.

איר וואָלט — זע איך — גערן געוויסט **),
די קינדער, די מאַמע, ווער זיי זענען? —
אַייער פאַרלאַנגען איז נישט אומזיסט,
אָט באַלד וועט איר זיי בּיידע קענען,

*) = מוטער.
**) = געוואוסט.

די קינדער, וואָס זענען נעבעך ניט צופרידן,
די מאַמע מיט דעם האַרץ דעם געטרייעם:
די קינדער — זענט איר אַלע, ליבע יידן!
די געטרייע מאַמע די איז — ירושָלים!

---

## איש חָסיד.

(מיטן ניגון פון זמירות למוצאי שבת).

פאַר גאַנץ לאַנגע צייט,
דערציילט מען ביי לייט
איז אַ חסיד אַ פרומער געווען *);
אַ חסיד, דאָס הייסט,
ווי איטלעכער ווייסט...
דאָס פאַרשטייט איר מסתמא אַליין.

אַ ווייב איין אַנטיק
און קינדער פינף שטיק,
נאָר קיין ברויט איז אין שטוב ניט געווען;
דאָס ווייב לאָזט נישט רו,
די קינדער דערצו:
גיב אונז עסן — מיר ווען אויסגיין!

ער גייט אום פאַרשמאַכט
ביז שפעט אין דער נאַכט:
„אוי, ביז וואַן איז דער שיעור מיר צו ביין?"
במַחשָבות פאַרטיפט,
ער האָרכט ווי מע ריפט **) —
און דערזעעט פאַר זיך עמעצן שטיין.

מע גיט אים די האַנט,
אזוי ווי באַקאַנט,

*) = געווען.
**) = רופט.

און מע פרעגט אים, וואָס ביסטו פאַרטראַכט?
ער ענטפערט אים שטיל:
„דער קאָפּ איז מיר דיל,
אוי, פאַרשוואַרצט ווער איך טאָג אַזוי נאַכט!

נאָר צָרות און לייד,
קיין עסן, קיין קלייד,
ווײַן אַ פּסאַרניע, איז אין שטוב ביי מיר קאַלט;
דאָס שטיקעלע ברויט
איז שווער ווי דער טויט —
און מע ווערט פון דעם גיך גרוי און אַלט"...

— אָט הער נאָר, מיין קינד,
דו ווייסט ווען צינד
האָסט אַ זכיה פאַר זיך דאָ צו זען?
איך בין... אַנו טרעף,
פון הימל דער שעף —
אליהו הנביא אַליין!

איך ווייס וואו אַ סוד,
איך האָב דורך אַ כאָד,
וואו דו ווילסט, קאָנסטו טרעפן מיך דאָרט;
איך וואַקס פלוצים אויס
אין איטליכנס הויז,
ווי מע רעדט נאָר אַרויס מיר אַ וואָרט.

און פסח ביים טיש,
צו קידוש, צו פיש,
צו די סדָרים דורכאויס מוז איך זיין;
און גאַנץ אויבנאָן
דאָרט גרייט מען מיר אָן
אַ באַזונדערן בעכער מיט ווײַן.

*) = דול.

און וואו נאָר סע איז,
עס טרעפט זיך אַ ברית,
קום אַהין איך צו לויפן גאָר גיך,
און פלי נאָך אַחיך *)
אַרום ווי אַ בליץ.
אומעטום בין דאָך איך דער שליח.

אַט היינט בין איך הי,
און מאָרגן גאַנץ פרי
אויף צוויי בריתן—דאָס מוז איך נאָך זיין:
אין אַלט־קאָסנעטין.
ביים דייטשל אין ווין —
דאָ אי דאָרט איז דער ברית זייגער ניין...

— אוי, זיידעניו, הערט,
אַז מיר איז באַשערט
אֵלִיָהון צו זעען דאָ הי,
טאָ העלפט־זשע מיר אויך
מיט אייער גאָטס כוח...
וואָס? עס דאַרף אייך דען קאָסטן פיל מי?

איך גיב אייך דאָס וואָרט
אַט דאָ אויפן אָרט —
איך וועל פרום זיין, און ערלעך, און פיין,
און צדקה אָן אַ שיעור
וועט פאַלן פון מיר —
אַזאַ צדיק ווי איך וועט ניט זיין!...

דער זיידע האָט געהערט,
האָט לאַנג ניט געקלערט,

*) = אחוק.

טוט אַ זאָג באַלד צום חָסיד גאַנץ שטאַרק:
— דו נעם מיך און בינד
און פיר מיך געשווינד
אָפּ אַהין, וואו עס שטעלט זיך דער מאַרק.

און פרעג נאָר דאָרט רעכט,
ווער דאַרף זיך אַ קנעכט,
וואָס ער קאָן אַלסדינג טון אין דער וועלט?
פאַרקויף מיך, נישט טראַכט,
און גיך אָפּגעמאַכט,
דו וועסט נעמען פאַר מיר אַ סך געלט!

— אוי, זיידעניו, ניין!
ווי קאָן עס געשען,
אַז אַ קנעכט זאָל פאַרקויפן זיין האַר?
איך וועל עס ניט טאָן
אייך פאַר אַ מיליאָן,
ניין, איך וויל ניט, איך קאָן ניט קיין צער!

— דו שוטה, איך ווייס,
נאָר טו וואָס איך הייס,
מן הסתּם אַז מע שמיסט דאָ מיט דיר!
טאָ זיי ניט קיין נאַר,
דו ביסט שוין מיין האַר —
שטיי ניט, נעם מיך און בינד מיך און פיר!

אַ פריץ דאָרט שטייט,
דעם יידן דערזעט,
אויף דעם מאַרק מיט אַ קנעכט דאָרטן שטיין:
— וואָס קאָסט אָט דער העכט,
דער דאָזיקער קנעכט?
—כ'וויל אַכטהונדערט מאָל טויזנט גילדיין;

עס איז קיין סך געלט,
און וואָס אין דער וועלט
וועט ער מאַכן דיר, קריגן אַלסדינג;
דו ווילסט דיר אַ הויז,
אָט בויעט ער דיר אויס,
מיט דעם קוק ווערט דיר פאַרטיק גאָר גרינג!

— מ׳דערקענט אין איין בליק,
ער איז איין אַנטיק;
וויפל טעג דאַרפסטו בויען אַ הויז?
— אַ הויז? וואָס הייסט דאָס?
וואָס קלעקט דאָס מיר וואָס?
אויב דו ווילסט, בוי איך אַ שטאָט דיר באַלד אויס,

פאַרגעס ניט דאָס אויך,
אַז ניט מיט מיין כוח
טו איך מאַכן אַלסדינג וואָס איך מאַך;
די האַנט מיינע שאַפט
מיט הימלשן קראַפט
און מיר העלפן מלאכים אַ סך.

דו, פריץ, גיב געלט,
איך מאַך דיר אַ וועלט,
עס ווערט פאַרטיק ביי מיר אין איין נאַכט...
דער פריץ הערט אויס
און ציילט געלט אים אויס
נאָר מיין חסיד האָט לאַנג נישט געטראַכט—

דער קנעכט איז פאַרקויפט,
דער חסיד אַנטלויפט,
ער פאַרפירט אַזש דעם „זייט מיר געזינט״...
ער הערט ניט קיין וועלט,
ער האָט שוין היינט געלט,
אליהו פאַרגעסט ער געשווינד.

מע זאָגט: אין אַ צײַט,
ווי ס׳פּירט זיך בײַ לײַט,
האָט שוין קײנער דעם חסיד דערקענט;
אויס חסיד, אויס־אויס,
אויס חסידות, אויס קלויז,
אַ כּל־בוניק, נעמט גרויסע פּראָצענט!

מײַן חסיד, איר זעט?
גייט דײַטשעס געקלײדט,
און דאָס ווײַב זײַנס, אַז אָך איר און ווײ!
ער האָט זי שוין פײַנט,
און זאָגט שוין גאָר הײַנט,
אַז מע דאַרף בײַ זיך האָבן נאָך צווײ...

פון צדקה ווער שמיסט? *)
די טירחה איז אומזיסט —
מע דאַרף רײַסן בײַ אים פון די צײן;
פרעגט מיך נישט מער,
„ווער איז ער אָט דער?"
אוי, איר ווײסט אים, איר קענט אים אַלײן...

---

*) = שמועסט.

# אַ זיפץ

גיב מיר מיין יוגנט צוריק!
גיב מיר די קינדערשע צייט.
דאָס איז געווען מיין גליק,
יעצט איז דאָס גליק פון מיר ווייט.

איך האָב מיין כבוד געוויסט, *)
איך האָב גאָר די וועלט ניט געהערט;
איך האָב מיך געשפּילט אויף דעם מיסט, —
קיינער האָט מיך ניט געשטערט.

מיסט איז אויך דאָס, וואָס איך וויל
אַצינד, אויף די עלטערע טעג,
עס מאַכט מיר דעם קאָפּ אָבער דיל **),
איטלעכער שטייט מיר אין וועג.

וואָס איך וויל, וויל יענער אויך,
שטאַרקער פון מיר וויל ער גאָר;
מיר דאַרט נאָר תּמיד דער מוח,
עס ווערן מיר גראָ אַלע האָר.

עס האָט זיך מיר חכמה פאַרגליסט ***) —
זי צו דערלאַנגען איז שווער,
אַצינד זע איך — עס איז גאָר אומזיסט, —
נאַרישקייט גילטן דאָך מער.

מענטשן, וואָס בענטשן פּאַר געלט,
לויפט מען נאָך און מע שרייט: נעם!
זעט נאָר, ווער גילט אין דער וועלט,
אייניקלעך פונם „בעל־השם“.

---

*) = געוואוסט. **) = דול. ***) = פאַרגלוסט

# אַ קלאָג.

ניט נאָר דערויף וויין איך און קלאָג אַצונד,
וואָס מיין פאָלק איז אין גלות דורכאויס;
עס טוט מיר נאָך וויי גאָר די אַלטע וואונד,
אַז איך דערמאָן זיך, גייט מיר דאָס לעבן אויס.

פאַר מיינע אויגן שטייט מיר נאָך דאָס בילד,
וואָס מיין פאָלק האָט געליטן און ליידט נאָך איצט;
דאָס יידישע פנים איז איין אמתע שילד,
דערויף איז זיין געשיכטע אויסגעקריצט.

איך הער נאָך דאָס געוויין און זע דאָס בלוט,
וואָס מיין פאָלק האָט פארגאָסן יעדן טאָג.
האָבן זיי דען געהאַט כאָטש איין באַרוטע מינוט?
דעריבער וויין איך אַזוי און יאָמער און קלאָג...

---

# דער סיים

אָדער די גרויסע אַסיפה אין וואַלד, ווען די חיות האָבן אויסגעקליבן דעם לייב פאַר אַ מלך.

אַלע מחברים פון משָלים,
וואָס שרייבן חכמות אָדער הַבָלים,
פון עזאָפּ
דעם גרויסן קאָפּ,
און לאַפּאָנטעֵן
וואָס איז מלא חֵן,
ביז קרילאָוו
דעם באַסניאַסלאָיו,
שרייבן אַלע און ברענגען ראַיות,
אַז דער לייב איז דער מלך פון די חַיות.
איטלעכער זאָגט זיך אָפּ אַ סליחה,
אַז דעם לייב קומט די מליכה *).
אָבער פּאַרוועץ און פּאַרוואָס
קומט אים דאָס —
האָבן זיך אַלע ניט ווויסנדיק געמאַכט,
נאָר איך האָב דערויף געטראַכט,
ביז איך האָב אַ ביכל געפינען **),
וואָס די היסטאָריע פון די חיות שטייט דרינען,
דאָרט האָב איך געזען שטייט געשריבן,
ווי אַזוי דער לייב איז מלך געבליבן.

---

ווי די חיות האָבן אַ מלך געדאַרפט,
האָט זיך תיכף דער אייזל די ציין געשאַרפט:
„איך, זאָגט ער, בין צו דער מלוכה געבוירן,
ווייל איך האָב דאָך לאַנגע אוי׳רן —

---

*) = מלוכה.
**) = געפונען.

ווייס איך? — דוכט זיך, ווי מיר געפעלט,
איז קיין גרעסערע מעלה נישטאָ אין דער וועלט.
ווער עס קאָן צום ווייטסטן הערן,
דער דאַרף אוודאי מלך ווערן".

„ניין!—רופט זיך אָן צו אים דער בער:
אויב דו האָסט ניט קיין מעלה מער,
נאָר וואָס דיינע אויערן זענען לאַנג,
גיי־זשע, איך בעט דיך, גיי דיר דיין גאַנג,
וועסט ניט זיין קיין מלך ביי אונז,
לאַנגע אויערן איז ניט קיין קונץ!
איך וועל דיר זאָגן דעם אמת אינגאַנצן —
מלך דאַרף זיין ווער עס קאָן טאַנצן!"

אָט דאָ האָט אָנגעהויבן דער פוקס צו מאַכן העזיות,
און אים נאָך — אַלע געווײַדלטע חיות:
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„יאָ,—רופט זיך אָן דער שאָף:
אַ וויידל איז טאַקע אַ גרויסע זאַך!
דער רב מעג אים טראָגן אויפן קאָפּ,
און ער ניצט נאָך צו זאַכן גאָר אַ סך —
נאָר אויב דערפאַר קומט אים די מליכה,
דאָס דאַכט מיר איז אַ רציחה.
מיר דאַכט, ווי מיר געפעלט,
גילט אַ טייערער פעלץ מער אין דער וועלט.
איך דאַרף, ביי אייך זיין חשוב, ליבע ברידער!
איך מאַך ביי מענטשן אָן אַ גערידער, *)
ביי מענטשן — האַלט עס ניט פאַר גרינג,
כאָטשי זיי זענען אפילו אַקעגן אונז יונג **),

*) = גערודער.
**) = יונג.

ווייל גאָט האָט זיי צום לעצטן באַשאַפן,
פונדעסטוועגן זענען זיי קליגער — אפילו פון די אַפן!
זיי קענען לאַכן און שפּרינגען און גיין אויף צוויי פיס —
כאָטשי עס איז דאָך אַפילו פּאַסקודנע און מיאוס —
נאָר אַ קונץ איז עס דאָך, וואָס מיר קענען עס ניט מאַכן,
און זיי קענען נאָך אַ סך אַזוינע זאַכן, —
הכּלל, ווען דער מענטש זאָל ניט האָבן איין חסרון —
וואָס ער ווערט נאַקעט און באָרוועס געבאָרן,
וואָלט ער געדאַרפט ביי אונז מלך זיין,
ווייל ער האָט דעם בעסטן קאָפּ,
נאָר אַזוי ווי דער פּעלץ מאַכט אים ערשט פיין,
דאַרף מלך צו זיין דער שאָף.

ביי מענטשן, אַלע גרעסטע נגידים,
רוסן, פּוילן און יהידים *),
די גרעסטע שׂררות, די גרעסטע לייט,
גייען אין שאָפּענע פּעלצן גאַנץ ווינטערצייט;
ווערן די פּרעסט אַ ביסל בייז,
שטעקן זיי אין מיר גאָר אריין די נעז.
און ווער עס איז אַפילו ניט אַזוי רייך,
וויל ער דאָך אָבער דעם רייכן זיין גלייך,
פאַרקויפט ער אַפילו דעם קישן פון צו קאָפּן
און מאַכט זיך געשווינד אַ פּעלץ מיט שאָפּן.
וויל איינער ווערן אין שטאָט אַ בטיח **)
און וויל הייסן אַ נגיד גיך,
כאַפּט ער די לעצטע הונדערט ריבל ***),
כאָטש דאָס ווייב האָט אַפילו פאַריבל,
און מאַכט זיך אַ שאָפּענעם פּעלץ געשווינד,
אָט הייסט ער שוין אַ נגיד אַצינד,

*) == יהודים.
**) == אַ בטוח.
***) == רובל.

און כאַפּט שוין אויפן קוויטל —
אַכלל, צו אַלעמען בין איך אַ מיטל
ווער עס וויל האָבן אַ שטיקל קרעדיט,
טאַסקעט ער מיך אומעטום מיט.
זעט מען מיך נאַר, אַז איך בין שיין,
קען אים שוין קיינער ניט זאָגן: ניין!
איך בין געוואָרן אַזאַ פּאַניבּריה,
אַזוי ווי פּאַרצייטן זיידענע מאַטעריע.
ווער עס האָט געהאַט אַמאָל אַכאָטע
צו'ן אַ זיידענעם טיזליק, אַ זיידענע קאַפּאָטע,
דער האָט חשק היינטיקע צייטן
אויף אַ שאָפּנפּעלץ זיי אויסצובייטן.
פונם סויבּל דאָס עקל,
פונם פוקס דאָס פּעלצל
האָבן ניט געהאַט פּאַרצייטן מער חן אין די אויגן
ווי איך אַצינד מיט געוואַנט איבערגעצויגן.
עס פעלט מיר אין כבוד שוין ניט אַ פּיצל
פונם שטריימל מיט דעם פוקסיקן מיצל.
מען טראָגט מיך שוין זומער אין די גרעסטע היצן
און מען גייט מיט מיר שבת אין שול אַריין שוויצן.
אַלע מענטשן פון גרויס ביז קליין,
קענען זיך צינד אָן מיר ניט באַגיין.
אין וואָס גייען אָנגעטאָן די מחותּנים,
בשעת זיי זיינען דעם חתן מקבל פּנים?
און אין וואָס גייט דער חתן, אַז עס איז אַ בלאָטע און נאַס
און מען פירט אים צו דער חופּה דורך דער גאַנצער גאַס?
און וואָס טוען די אונטערפירערס דען אָן מער,
ווען זיי פירן דעם חתן ווי מען פירט אַ בער?
און ווען מען באַוואַרפט דעם חתן מיט האָפּן,
גייט ער אויך אין אַ פּעלץ מיט שאָפּן. —

און אַ לערערל, גאָר אַ געמיינער מאַן,
וואָס נעמט פאַר אַ תּלמיד צען קערבלעך אַ זמן,

אָדער ער גיט גאָר אַ שטונדע פּאַר קעסט און דירה
און טראָגט זיך אַרום מיטן ביכל און מיט דער ווירע
און קאָן דייטש אויפן שפּיץ מעסער,
און רוסיש אַוודאי אויך ניט בעסער,
ווער שמועסט מיט זיין יידיש קאָן מען זיך דערקוויקן,
און שרייבן שרייבט ער לויטער ציקן *) —
אַז ער וויל קלאָמערשט דעם גרויסן טאָן שפּילן,
מען זאָל מיינען ער האָט עטלעכע גילן,
כּדי ער זאָל קענען אַ כּלה דערטאָפּן **),
גייט ער אויך אין אַ פּעלץ מיט שאָפּן.

די וועלט איז שוין היינט אַזוי אויפגעקלערט,
אַז אָן מיר האָט דער מענטש קיין ווערט.
צי גייט ער דייטש, צי גייט ער יידיש,
צי פירט ער זיך אָרעם, צי נגידיש,
צי כאַפּט ער אויף באָרג, צי צאָלט ער מזומן,
אין אַ שאָפּענעם פּעלץ מוז ער אין מאַרק אַריינקומען. —

אַז די וועלט איז נאָך געווען גאָר אָן פאַרשטאַנד,
זענען ווייסע שמויסן חשוב געווען אין לאַנד.
שוואַרצע ציגן פון דער קרים
האָבן געגאָלטן אומעדים ***).
געקרייזלטע שמויסן מיט קיטאַי איבערגעצויגן,
האָבן גאָר פאַרשיינט די אויגן.
ווער שמועסט אין גרויע שמויסן —
קענט איר אייך אַליין שוין שטויסן —
זענען געגאַנגען פריצים עלעגאַנטן,
פּאָדראַדטשיקעס און ליוועראַנטן;
וואָרעם, אַלע מענטשן האָבן טולופּעס געטראָגן
מיט שוואַרצע און ווייסע שמויסן אונטערגעשלאָגן,

---

*) = צוקן.
**) = דערטאַפּן.
***) = אומעטום.

זענען שטשאָגאָליעס געפאַלן אויף דער המצאָה
און האָבן זייערע אונטערגעשלאָגן מיט גראָע.
דאָס איז אָבער געווען אַ נאַרישע וועלט,
זיי האָבן גאָרנישט פאַרשטאַנען, ווי אויסצוברענגען געלט.
אמת, דעם שכל האָבן זיי שוין אַפילו געהאַט,
דעם אָרעמאַן ניט צו פאַרגינען דאָס לעבן,
אליין זיך אָנצועסן זאַט
און דעם אָרעמאַן קיין שטיקל ברויט צו געבן.
אַקעגן דאָס האָבן זיי נאָך ניט געוויסט *),
ווי אַזוי געלט אויסצוברענגען אומזיסט.
און דאָס, ליבע חיות, זאָלט איר פון מיר הערן,
די גרויסע מלאכה איז גאָר שפּאָגל-ניי:
אויסצוברענגען, אַזש בדלות צו ווערן,
און קיינעם ניט צו טון קיין טובה דערביי!
איך געדענק, אַז איך בין גאָר אַ קינד געווען,
האָב איך אַמאָל אַ ספר געזען,
דער מחבר — איך קאָן ניט קלאָר געדענקען ווער —
מיר דאַכט, דער מחבר איז געווען דער בער,
און דער אייזל, אונזער פילאָזאָף,
האָט געמאַכט אַ פירוש דעראָף.
דאָרט איז געשטאַנען גרויסע חקירות,
ווי אַזוי אויסצוברענגען אַ גרויס עשירות
גאָר אין אַ קליינער קורצער צייט
און עס זאָל ניט אַרויסקומען ניט נאָט און ניט לייט.
נאָר ווייל איך בין נאָך געווען אַ קינד
קען איך אַ סך ניט געדענקען אַצינד,
נאָר דאָס קאָן איך מיך נאָך אַצינד דערמאַנען,
דאָס איז דאָרטן געוויס געשטאַנען:
טאָטין, ציגאַרן, צוויטאָטשנע טיי,
סויבל, עליק, שליאַמעס, פיי,

---

*) געוואוסט. ==

דראָשקעס אויף צו פאָרן שפּאַצירן,
און די ווענט געקלעפּט מיט שפּאַלירן —
דאָס איז דאָרט אַלץ געשטאַנען געשריבן,
נאָר שאָפּענע פּעלצן זייַנען אויסן געבליבן!
מען האָט אין מיר פאַרגעסן, אַ חידוש בפּירוש. —
אי אינם ספר, אי אינם פּירוש! —
נאָר הימל און ערד האָבן דאָך געשוואוירן,
אַז קיין זאַך זאָל ניט ווערן פאַרלוירן.
זעט־זשע, איר חכמים פון וואַלד
ווי די צייט איז טאַקע געקומען באַלד,
וואָס איך דער שאָף זאָל נתגלה ווערן,
די גאַנצע וועלט אויפצוקלערן:
אַז איינער וועט האָבן קערבלעך אַ פּאָר,
זאָל ער זיי ניט אין קאַסטן אַריינלייגן,
ער זאָל זיך מאַכן אַ טולופּ מיט גרויסע האָר,
אַזוי גוט ווי יענער, וואָס האָט אַ גרויס פאַרמעגן.
ציינד האָב איך דערלעבט, ברוך השם!
אַז איך האָב שוין טאַקע דעם גרויסן שם,
און ווער עס איז נאָר אַ ביסל אויפגעקלערט,
ווייסט, אַז אָן מיר האָט דער מענטש קיין ווערט. —
איר זאָלט, ליבע חיות, כאָטש זען פון וויטן —
ווייל איר קאָנט דאָך ניט קומען ווי איך צווישן לייטן —
איר זאָלט זען מייַנע לייט זיך שמעלצן,
אַז זיי טוען אָן די שאָפּענע פּעלצן,
וואָלט איר אַליין מיטן שכל פאַרשטאַנען,
אַז איך דאַרף ניט אַוועקגיין ליידיק פון דאַנען,
איר וואָלט מיך אַלע, אויף הייליקע נאמנות!
ווי אַ מלך באַשענקט מיט מתנות.
באַרעכנט אייך נאָר, וואָס דאָס באַטייט,
אַזוי חשוב צו זיין ביי לייט.
דער פּאָדראַדטשיק קאָן אויפן טאָרג ניט שטיין,
דער סוחר קאָן אויף דער בערזע ניט גיין,

דער ראָטמאַן קאָן אין דער פּרעסטודסטווע ניט זיצן,
דער לערער קאָן ביי דער לעקציע ניט שוויצן,
פיר פלוידערן דאָס ביסל אויסגעשטעלץ —
אַז ער גייט ניט אין שאָפּנפּעלץ. —

נו, איך האָב שוין געקאָנטשעט מיין דרשה,
אַצינד זאָגט אויב עס איז אייך עפּעס קשה.
מיר דאַכט, אַז איר וועט אייך איבערלייגן פאַמעלעך,
דאַרף טאַקע נאָר איך זיין ביי אייך מלך". —

שוין האָבן אַלע חיות „יאָ!" געוואָלט זאָגן,
הייבט זיך פּלוצים דער בער אָן צו קלאָגן:

„בילא, פון מיין טאַנצן האָט איר חוזק געמאַכט
און ווייל איך האָב קיין עק ניט האָט איר מיך אויסגעלאַכט,
און לאָזט מיך נעבעך שטיין און וויינען —
און דעם שאָף ווילט איר פאַר אַ מלך קריינען?
איז, ווידער, אַ פעלץ פון אַלצדינג ווערט מער,
ווער־זשע האָט אַ שענערן ווי דער בער?
אין בערענע פעלצן גייען דאָך אַלע שׂרָרות,
שאָפּן דאַרף מען דאָך שוין גאָר אויף כפּרות.
מען האָט שאָפּן אַוועקגעוואָרפן פון לאַנג,
שאָפּן איז געוואָרן אַ יידישער גאַנג.
בערן! בערן! — הערט מען שרייען,
ווער עס וויל אַ פעלץ אַ נייען,
בערן האָבן אַ לייטיש פנים,
אין שאָפּן גייען גאָר קבצנים".

„ניין! — רופט זיך אָן אין מיטן דאָס פערד:
איך בין מער פון אייך אַלע ווערט.
מיך פוצט מען ווי אַ טאָק,
און מען הענגט מיר אויף אַ גלאָק,

באַקומט מיך אַ פּאָדראַטשיק, וואָס האָט אַ ביסל געלט,
קלינגט מיט מיר די גאַנצע וועלט.
מען דעקט מיר מיט אַ קאָברעץ צו דעם אָחור
און מען קעמט מיך ווי אַ חשוב בָחור,
מען ברענגט מיר היי אַ גאַנצן פּאַק
און האָבער אויך אַ פולן זאַק
און מע פּלאַוועט מיך אין טייך
ווער איז נאָך ווי איך אַזוי רייך?
דאַרפט איר נאָך ערגעץ אַ מלך זיכן? *)
מיר צו די פיס דאַרפט איר קריכן,
איר דאַרפט מיך לעקן מיט די צינגען **),
אַז איר דערהערט מיין גלאָק גאָר קלינגען

. . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

און אַ גריוועס האָב איך אַחוץ,
און קום טאַקע צו עפּעס צו נוץ,
הכלל, דער בעסטער מלך אויף דער ערד
קאָן נאָר זיין איך — דאָס פערד".

„באַ! — רופט זיך אָן דער עלפאַנט געשווינד!
דו פערד ביסט נאָך גאָר אַ קינד,
וואו ביסטו געוועזן יענע יאָרן,
אַז מען פלעגט אויף מיר ארומצופאָרן?
וויפל מלחמות האָב איך מיטגעמאַכט?
וויפל מענטשן האָב איך אומגעבראַכט?

*) = זוכן.

**) = צונגען.

איך זאָל אַזוי מָשיחן דערלעבן,
אַז מען פלעגט מיך אָפּיום צו טרינקען געבן *)
און וואו פאַרמאָגט איר אַלע דאָס,
וואָס עס שטעקט ביי מיר אין דער נאָז?
מיט מיין נאָז, מע רופט זי ריסל,
לעק איך אויס די גרעסטע שיסל
און קאָן מיט איר מאַכן אַלצדינג,
אַזוי און אַזוי — ווי אַ מענטש מיט דער צינג **). —

אַ נאָז איז ניט קיין קליינער אַרטיקל!
דער הינדיק האָט פון מיין נאָז נאָר אַ שטיקל,
בלאָזט ער זיך שוין אָן ווי אַ פּאַס
און שרייט: האַלט דיר! האַלט דיר! אין מיטן דער גאַס.
„האַלט אייך! איר פעלצן!" מעג איך אַוודאי שרייען
דער שאָף מיטן אלטן, און דער בער מיטן נייען,
האַלט דיך, דו בער, מיטן פעלץ.....
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
צו דער מלוכה זענט איר אַלע צו קליין;
מלך קאָן זיין נאָר איך אַליין...

אַ נאָז, אַ נאָז, דאַכט זיך איז עס ווייניק! —
עס איז גענוג פאַר איינעם, ער זאָל ווערן קעניג,
ווער עס האָט נאָר אַ נאָז אַן אַנטיק,
עס איז גאָר נישטאָ קיין גרעסער גליק.

*) וואונדערט אייך ניט, אויפן עלפאַנטס שביעה,
איך האָב געהאַט אַ קלאָרע ידיעה,
אַז אַלע חיות פון וואַלד
גלויבן, משיח וועט קומען באַלד
זיי פון גלות אויסצולייזן,
פון שלעכטן מענטשן פון בייזן,
וואָס שינדט זיי אָפּ די פעל,
און מאַכט פון זיי אַ תל.
פון בלעמס אייזל איז אַ ספר געבליבן,
דאָרט האָב איך געזען שטייט עס געשריבן.

**) = צונג.

פון אַ נאָז לאַכט נאָר אַלץ אַ שפּעטער,
אַ נאָז איז ביים מענטשן אַ באַראָמעטער,
צי זענען די מענטשן גוט, צי זענען זיי בייז,
דערקענט מען עס נאָר אויף זייערע נעז.
אויף אַ שטאָלצן מענטשן, אויף אַ בייזן אויך
זאָגט מען, זיי טראָגן די נעז צו הויך.
האָט איינער געשפּילט אין קאָרטן צופּיל,
און האָט פאַרשפּילט אַ סך געלט אינם שפּיל
און איז בּרוגז וואָס האָט אים צופּיל געקאָסט —
זאָגט מען: ער האָט די נאָז אַראָפּגעלאָזט.
און אויף אַ נאַר האָט זיך איטלעכער צו קלאָגן,
ער ווייסט ניט ווי די נאָז צו טראָגן.
האָט אַ טשינאָווניק אַן עוולה געטאָן
און האָט באַקומען אַ וויגאָוואָר דערפאַר,
זאָגט מען ניט: ער האָט באַקומען אַן אויג אָדער אַ צאָן
אָדער מע האָט אים גערופן נאַר;
וואָס דען האָט אַ וויגאָוואָר פאַר אַ סימן?
„דער און דער האָט אַ נאָז באַקימען *)!"
שטייט נאָך די נאָז אויף אַ קאָפּ אַ גיטן **),
זאָלט איר זיך אַלע פאַר איר היטן,
זי דערפילט, זי דערשמעקט
וואָס ביי אייך אין האַרצן שטעקט.
דעריבער דאַרפט איר ניט קלערן אַ סך:
איך דאַרף זיין מלך ביי אַך ***)! —

„יאָ! — זאָגט דער פוקס שטילערהייט צו זיך אַליין,
איך בין טאַקע צו דער מלוכה צו קליין.
דאָס איז דאָס אומגליק, דאָס איז דער שלאַק,
די וועלט האָט ליב אַ גרויסן, כאָטש אַ דורצאַק.

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

צונד האָט דער עלפאַנט די נאָז אַריינגעשטעקט אין מיטן
און זאָגט, אַז ער איז צו דער מלוכה דער גרעסטער מחיתן ****).

*) = באַקומען. **) = גוטן. ***) = אייך. ****) = מחותן.

מיר געפעלט, אַז ער איז אַפילו ניט אומגערעכט,
ער וואָלט פאַר אַ מלך ניט געוועזן שלעכט:
ערשטנס עסט ער ניט קיין דָבָר מִן הַחַי,
ער עסט צום מיינסטן נאָר היי און גראָז,
צווייטנס האָט ער נאָך אַ מעלה דערביי —
איך וועל אים קענען פירן ביי דער נאָז!"

"סאַ! — כוס אין מיטן דערינען אַ קלאַפּ
אַ שיין געהערנטער בּאָרדאַטע צאַפּ:
נעז, פעלצן, עקן, אוי'רן
זענען ניט צו דער מלוכה געבוירן! —
דאָס אַלדינג גאָר פאַרשפּאָרט,
ווער עס האָט נאָר אַ שיינע בּאָרט *).
דער רוס, דער טערק און דער ייד
ווערן זייער גאַנץ לעבן ניט מיד
די בּאָרט צו קעמען און צו גלעטן.
איך וואָלט געוואָלט מיט אייך וועטן,
אַז זיי וועלן גיכער קענען ליידן,
מען זאָל די קעפּ זיי אָפּשניידן,
איידער זיי זאָל נאָר רעדן הערן,
אַז מען וויל, זיי זאָלן די בּערט שערן.
אַפילו דער געבּילדעטער פראַנצויז
האַלט אויך די בּאָרט גאַנץ גרויס.
און דער פּאָליאַק, דער מענטש פון וויץ,
דער יאַסניע וויעלמאָזשניע, מאָסציע דאָבּראָדזיעיע,
וואָס האָט אַלע טאָג אויפן קאָפּ אַן אַנדער מיץ
און אינם קאָפּ אַן אַנדער דֵעָה,
גייט אויך אַצונד גאָר מיין גאַנג
און טראָגט אַ בּאָרט, ווי מיינע אַזוי לאַנג. —
פונדעסטוועגן קענען די מענטשן מיט זייערע בּערט

*) = בּאָרד.

זיך צו מיר ניט גלייכן בשום אופן,
מיינע הערנער זענען אויך עפּעס ווערט,
דאָס קאָן דער מענטש פאַר געלט ניט קויפן.
מיט לאַנגע נעז, לאַנגע אוי'רן
ווערן מענטשן אויך געבוירן.
פעלצן קויפן זיי פאַר געלט,
דאָס זעט מען אַ סך אויף דער וועלט.
הערנער קאָן קיין מענטש ניט באַקומען —
סיידן ער האָט פריער אַ ווייב גענומען. —
אַ באָרט מיט הערנער — אָט דאָס איז אַ זאַך!
אַזעלכע חיות זענען נישטאָ אַ סך.
איר זאָלט, ליבע חיות, אויס מיר ניט לאַכן
מיך אַליין דאַרפט איר פאַר אַ מלך מאַכן".

„לאַנגע האָר קורצן שכל —
רופט זיך אָן די קאַץ מיט אַ שמייכל:
ניט אין דער באָרט ליגט דער כוח,
דער עיקר איז דער שכל, דער מוח,
און דאָס פאַרמאָג נאָר איך אַליין,
אַזוי ווי איך בין דאַכט זיך קליין.
איך שאַר מיך צו צו דער באַלעבאָסטע פון הויז
און טו איר אַ טובה, כאַפּ איר אַ מויז.
און ווער מיט איר חבר־לאַפּ,
דערנאָך טו איך אַ שטיקל פלייש אַ כאַפּ.
און בשעת איר איז עפּעס אַנדערש אין קאָפּ,
נאַש איך אויף סמעטענע אַ טאָפּ.
די דינסט הייבט אָן צו קרעכצען, צו הויקען,
אויף איר וועט זיך אויסגיסן דאָס באָד אינגאָנצן *),
איך אַנטלויף אונטערן אויוון, הייב אָן צו מיויקען
און לעק מיר אין איין וועג אָפּ די וואָנצן.
מענטשן, וואָס האָבן אין קאָפּ געהירן,
פלעגן ווי איך זיך אויפצופירן.

*) = אינגאַנצן.

אַ טייל פּאַרדריסט עס אַפּילו אויך,
רופן זיי דעם נאַר קאַצענער מוח,
און אויף דעם חכם, וואָס האָט ניט קיין שאַץ,
זאָגן זיי, ער איז פאַלש ווי אַ קאַץ.
דאָס איז דאָך אָבער נאָר קנאה און פּאַרדראָס,
מע קאָן קיינעם ניט אויפהענגען אויפן כויל קיין שלאָס.
פאַרוואָס בין איך פאַלש? פאַרוואָס בין איך שלעכט?
אַז איך כאַפּ מייזלעך, טו איך אפשר ניט רעכט?
וואו כאַפּט דען ניט דער שטאַרקער דעם שלאַפן?
נאָך וואָס־דען האָט מיך גאָט אַ קאַץ באַשאַפן?
אָבער מיין גלייכן, ווי איך אַזאַ קאַץ,
טו איך קיין מאָל ניט אַ ביס, אַ קראַץ.
האָט איר אַמאָל געהערט דערציילן,
אַז צוויי קעץ זענען געגאַנגען צו אַ דין־תורה,
ווייל זיי האָבן זיך ניט געקאָנט ביט אַ מייזל צעטיילן,
ווי אָפּט מענטשן מיט גנבישער סחורה?
אַז מענטשן רופן מיך פאַלש, איז נאָר אַ געלעכטער,
יוער איז דער פאַלשער, ווי דער מענטש דער שלעכטער?
רעד איך דען אחד בפה ואחד בלב,
אַזוי ווי ער, דער פּסיאָ קרעוו?
גלאַט, איך בין קיין נאַר ניט, דאָס שטעכט אים אין די זייטן,
נאָר דער נאַר האָט דאָס גליק היינטיקע צייטן.
איר אָבער, ליבע חיות, איבערלייגט אייך אַ ווײַלע,
וואָס פאַר דעם מענטשן איז אַ חסרון, איז פאַר אייך אַ מעלה,
מיר ליידן בלויז פון אים גרויסע צרות,
ער כאַפּט אונז אַלע מיט זיינע הַסְבָּרות.
ווילט איר קענען אויס דעם מענטשן לאַכן,
זאָל איר מיך נאָר פאַר אַ מלך מאַכן".

„האַוו האַוו! — הייבט אָן שרייען אַ הינט —
און די קאַץ איז אַנטלאָפן געשווינד:
„איך בין דער הונט, הייבט ער אָן צו זאָגן,
וואָס איך האָב מיך פון אייביק אָן נאָר צו קלאָגן,

איך בין איטלעכן געטריי מיט דעם גאַנצן לעבן
און מיר וויל מען אַפילו אַ שטיקל ברויט ניט געבן.
דאָס ווייסט איטלעכער פון אייך,
אַז איך בין קיינמאָל ניט רייך,
נאָר וועלכע חיה פון פאַרשטאַנד
ווייסט ניט, אַז אָרעם איז ניט קיין שאַנד?
אַקעגן ווייסט דאָך אָבער קינד און קייט,
אַז עס איז ניטאָ איבער מיין ערלעכקייט.
איך בין צופרידן מיט מיין שטאַנד
און זאַטשעפּע ניט אַ פליג אויף דער וואַנד".

„ניין! — זאָגט דאָס פערד — איך וואָלט גערן געשוויגן,
איך קען אָבער ניט ליידן, אַז מען זאָגט אַ ליגן.
באַרים דיך ניט אַזוי, האָדיע, געניג *)!
זאָג ניט, אַז דו זאַטשעפּעסט ניט אַ פליג.
נאַר אָפּ אַ נאַר, אָבער ניט דעם קליגן **).
איטליכער ווייסט, אַז אַ הונט כאַפּט פליגן".

„נו פטור, נו — ענטפערט דער הינט ***) —
אַזאַ ליגן איז מיר אויך אַ זינד.
עס רעדט זיך אַזוי, עס גייט אַזוי דער שמיכ,
אָבער איך דריגע ניט אַזוי ווי דו מיט די פיס.
צום דאַנק האָסטו מיך פאַר אַ ליגנער געמאַכט,
דערפאַר וואָס איך היט דיך פאַר גנבים אַ גאַנצע נאַכט".

„אַ שיינעם דאַנק דיר, מיין טייערער וועכטער! —
רופט זיך אָן דאָס פערד מיט געלעכטער.
קאָנסטו ניט וויסן וואָס מיר קומט אַרויס,
אַז איך שטיי ביים באַלעבאָס אָדער ביים גנב אין הויז?

---

*) = גענוג.
**) = קלוגן.
***) = הונט.

ביידע גיבן מיר נאָר האָבער און היי,
און ווער עס שמייסט מיך — טוט מיר אַלץ וויי".

„געזונג!—זאָגט דער הונט, געזונג זיך שוין קריגן,
מילא בקיצור, כאַפּ איך יאָ פליגן,
אָבער דו האָסט דיך אויף מיר ניט צו קלאָגן
און אַז דו האָסט גערעדט, האָב איך דיך ניט איבערגעשלאָגן,
אַצונד, אַז מיין טשערע איז צו ריידן געקומען,
זאָלסטו פערד אַ ביסל פאַרשטומען.
לאָז מיך דערציילן אַלע מיינע מעלות,
פרעג מיך ניט איבער אין מיטן קיין שאלות,
דו ביסט דאָ ניט קיין רב, קיין דיין,
דו דאַרפסט פריער פאַר אַלע ניט שרייען,
מע מאַכט שוין היינט ניט קיין פערד פאַר רבנים —
דעריבער זיי ניט קיין אומזיסטער עזות־פנים".

דער הונט האָט מער ניט גערעדט מיט דעם פערד,
און האָט זיך ווידער צו די חיות אומגעקערט:

„אַנאָ, ליבע חיות, איך שמועס ווידער מיט אייך,
איר ווייסט, אַז איך בין קיינמאָל ניט רייך,
נאָר אָרעם ווייסט איר, איז דאָך ניט קיין בושה,
און ווייטער, עס קאָן מיר נאָך פאַלן אַ גרויסע ירושה,
אָדער גאָט וועט מיר אַ כשרע מציאה באַשערן,
וועל איך נאָך אפשר אַן עושר ווערן.
געפינען און ירשענען קאָן אַ הונט אויך,
דערצו דאַרף מען ניט קיין גרויסן מוח,
בפרט איך האָב אַ רייכע משפחה:
דער נגיד דער וואָלף איז מיין געשוועסטער־קינד,
גאָט זאָל מיר נאָר געבן אַ שטיקל הצלחה,
וועל איך טאַקע אַן עושר ווערן געשווינד.

און אַ ברודער האָב איך פון הי גאָר ניט ווייט,
ליגט ער אויף אַ גרויסן קאַסטן מיט געלט,
נאָר אַז איך קום צו אים, האָט ער ניט צייט,
אַזוי ווי עס פירט זיך היינט אין דער וועלט.
אָבער יַרשענען וועל איך אים, אַז ער וועט ליגן אין דער ערד,
דאָס וועט מיר ניט אָפּפּסקענען אַפילו דאָס פערד,
נאָר לאָמיר שוין דאָס אַוועקלייגן.
לעת־עתּה האָב איך ניט קיין גרויס פאַרמעגן *),
אָבער פונדעסטוועגן, מיט דעם יושר
בין איך מיט מיינע מַעלות אַן עושר.
ווי מיין געטריישאַפט איז ניטאָ אויף דער וועלט,
איך בין געטרייער אַפילו פון אַ ווייב.
האָט מען מיך ביי דער טיר געשטעלט,
שפּרינג איך איטלעכן אויפן לייב;
ניט נאָר אַ גנב וואָלט איך געגרן צעריסן,
איך בייס אַפילו דעם, וואָס זי וואָלט ניט געביסן —
און מיין חוש־הָרֵיח קאָנט איר דאָך שוין,
דערפאַר אַליין קומט מיר די קרוין.
וועל איך זיין מלך אין וואַלד,
וועט מען אייך ניט כאַפּן אַזוי באַלד.
איך וועל שוין פון וייטן דערשמעקן,
אַז מע וועט קומען אייך איבערשרעקן,
וואָרעם אַצונד, אַז איך דין ביים מענטשן, ביים רוצח,
ווייס איר דאָך שוין וואָס איר האָט פון מיין חוש־הריח.

היינט ריִרעוודיק זיין, ניט פויל,
און דערצו האָבן אַ גרויס מויל,
צו מאַכן אַ גרויסן אויסגעשריי,
און מיטם ווייִדל פיגורן אַלערליי —
דריגען, ברידער, שווער איך אייך,
דריגען איז מיר קיינער ניט גלייך.

*) = פאַרמעגן.

מיך האָט גאָט געבענטשט מיט אַ ברכה
צו זיין צווישן מענטשן אַ לאַנגע צייט,
דאָרט האָב איך געלערנט די גרויסע מלאכה
צו בילן — ווי מען בילט ביי לייט!

קושן און בייסן,
גלעטן און רייסן,
באַשמעקן און לעקן
און די צונג אַרויסשטעקן —

דאָס, שווער איך אייך ביי מיין געזונט,
לערנט מען נאָר ביים צווייפוסיקן הונט.
איך גיב אים דעריבער דעם נאָמען דעם שיינעם,
וואָס חוץ אים פאַרגין איך אים אויף דייטש צו רופן פריי׳ך
גאָר פשוט און פראָסט „צווייפיסיגעס טהיר".
דאָרט זאָלט איר זען קונצן און שטאָקעס,
ווי איינער מיט דעם אַנדערן מאַכט מַחזָקות:
דאָרט קושט איינער דעם אַנדערן אין מויל
און שיסט אים דורך דורכן האַרצן אַ קויל,
דאָרט זעט מען איינעם קושן און לעקן,
זיך אויף אַלע פיר אויסשטרעקן,
ביז ער לעקט אַרויס ביים פריינד ביים מילרן
פון דער קעשענע עטלעכע גילדן.
האָט ער זיי שוין באַקומען געוויס,
טוט ער אים דערנאָך נאָך אַ גוטן ביס.

אין אַזוינע שקאָלעס בין איך געוועזן,
דאָס איז בעסער ווי ביכער לעזן.
אַז וואויל איז דעם, וואָס איז ווי איך ערצויגן,
מיך דאַרפט איר פאַר אַ מלך ווײַלן.

וואָס איך האָב געזען מיט מיינע אויגן,
האָט איר אַפילו ניט געהערט דערציילן.
איך האָב געזען מענטשן אַלערליי
און געהערט זייער געשריי:

קבצָנים, נגידים,
מתנגדים, חסידים,
אַ סך קולות, גאָר אָן שיעור,
איטלעכער בילט אויף אַן אַנדער מאַניר,
דער אַפּם גָאון, דער אַכם רַב,
ר ר ר ר ר! האַוו! האַוו! האַוו!" —
. . . . . . . . . . . . . .

דער הונט איז אַרייַנגעקומען אין דער רציחה,
ווייל ער האָט דערזען אַ חזיר אָנקומען.
ער האָט שוין גאָר פאַרגעסן אין דער מליכה *)
און האָט דעם חזיר ביים אויער גענומען.
דער חזיר האָט אָנגעהובן צו שרייַען „געוואַלד!"
אַז ער האָט אַזש פאַרטויבט דעם גאַנצן וואַלד.
דער הונט האָט אים אַזוי געביסן,
אַז די חיות האָבן אים קוים אָפּגעריסן.
„אַוועק! — שרייַען אַלע חיות אין איינעם,
דו דאַרפסט דאָ ניט זאַטשעפּען קיינעם!
אַוועק, דו הונט! דו סיפּאַק! סאַבאַקע!
אַ מלוכה װעלן מיר דיר געבן? — אַ מַכּה!
קוים ביסטו ערשט אַ קאַנדידאַט,
און האָסט דיך נאָך ניט אָנגעגעסן זאַט,
ווילסטו שון אַלע פירן ביי דער נאָז?
און בייסט אַ זאַזיטעטשנע באַלעבאָס!"

ווי דער חזיר האָט די ווערטער דערהערט,
האָט ער זיך ערשט צו די חיות אומגעקערט,
און אָנגעהויבן צו קלאָגן: „געוואַלד! איז דאָס אַ יושר,
אַז דער קבצן זאָל בייסן מיך — דעם עושר?!
ווער קען זיך דען גלייכן
צו מיר, דעם רייכן?

*) = מלוכה.

ווייל איך האָב פיינט אַ פעלץ אַ שיינעם?
אָבער איך דאַרף ניט האָבן צו קיינעם!
איך וויל נישט קיין קליידער, קיין גרויסע הייזער,
איך האָב פיינט גדלות, איך שטיי ניט אין כבוד,
איך בין מיר גאָר אַ פּראָסטער חזיר
און האָב טיש און קוואַרטיר אין בית־הכּבוד: —
פונדעסטוועגן האָב איך אַ קאַנטאָר אינם ני,
מיין פירמע איז: סוויניאַ עט קאָמפּאַני".
אַ קאָפּ האָב איך גאָר אַ ווינדער,
דאָס שווער איך אייך, ווי איך בין אַ חזיר!
ביי מענטשן, אַז אַ מלמד לערנט מיט קינדער,
שרייט ער אַלץ: חזיר! חזיר!
און פון מיינע מעלות וועל איך ניט שמיסן,
כּדי עס זאָל אייך, ליבע חיות, ניט פאַרדריסן.
נאָר איך שווער אייך, אַז איך זאָג ניט קיין ליגן:
איך האָב אַ מאָל וואָי! וואָי! געשריגן,
זענען פאַרבייגעגאַנגען צוויי פראַנצויזן,
אַ סימן, זיי זענען געגאַנגען אין לאַנגע הויזן —
האָט מיר איינער דערלאַנגט איבער די אויערן
אַ כליסק מיט אַ פּאַנפּאַראָנסקי בייטש
און זיי האָבן זיךביידע געשוואוירן,
אַז איך רעד פראַנצייזיש ווי אַ געבאָרענער דייטש! —
מילא באַרעכנט: אַ דייטש געבוירן,
און אַז איך רעד פראַנצייזיש, האָבן פראַנצויזן געשוואוירן,
און פּרנסה האָב איך אַזוי גרינג —
בין איך ניט אַ וואוילער יינג?
אַפילו די יידן, וואָס האָבן מיך פיינט,
זאָגן, אַז זיי עסן מיך, נאָר ניט היינט;
אָבער אַז זיי וועלן אויסגעלייזט ווערן,
אַז עס וועט קומען משיח־צייט,
דענצמאָל וועלן זיי געוואָר ווערן,
וועלכע איז מיין כּשרע זייט.

ווען מיין פלייש זיי זייער גוט שמעקן
און זיי וועלן פון מיר די פינגער לעקן.
און אַזוי ווי עס איז באַקאַנט דער וועלט,
אַז איך בין ניט לְהוט נאָך געלט
און קאָכע מיך נאָר אין אַזאַ עסנוואַרג,
וואָס קיינער איז דערויף ניט קאַרג,
וויל איך נאָר דערפון האָבן אַזוי פיל דאַכאָה,
וויפיל עס זענען שוין דערגאַנגען דעם סוד
און האָבן זיך צו מיין פלייש גענומען
נאָך איידער משיח איז געקומען.

און מיינע האָר — איר זאָלט דערויס ניט לאַכן —
נוצן אויך צון אַ סך זאַכן:
ערשטנס, קומען זיי דעם שוסטער צוניץ,
צו מאַכן צון אַ דראַטווע אַ שפיץ.
אָן דראַטוועס האָט דער מענטש ניט קיין שיך,
אָן שיך האָט ער אַ פנים ווי אַ ריח *),
ווארעם ער איז דאָך געבוירן באָרוועס און מיאוס,
ניט אַזוי ווי איך מיט שיך אויף די פיס.
קומען מיינע האָר אריין אין רעכטע הענט,
מאַכט מען מיט זיי גאָר ווייס די ווענט,
און לכבוד שבת און ימים־טובים
שמירן פרומע ווייבער מיט זיי דעם אויוון.
כ׳לעבן, אַז פאַר די אַלע זאַכן
דאַרפט איר מיך פאַר אַ מלך מאַכן.
איך ווייס שוין אפילו אייער תֵּירוץ:
עס איז עפעס ניט קיין דרך־אֶרֶץ,
אַז פאַר אַ פראָסטן חזיר, אָן אַ טיטל
זאָלט איר אַלע האַלטן דאָס היטל,
נאָר גלייבט מיר, מיינע ליבע חיות,
אַז דאָס איז שוין היינט אויך ניט קיין נייעס.

*) = רוח.

דאָס זאָגן שוין אַפּילו מיינע קליינע חזירים:
„כֶּסֶף וְזָהָב מִטַהֵר מַמְזֵרִים“! —

„כאַ! כאַ! — צעלאַכט זיך אַן אַף,
אויסגעפּוצט ווי אַ גראַף,
ערשט אַנטלאָפן פון דער שטאָט צוריק,
וואו ער איז געשטאַנען ביים פּריץ אויף אַ שטריק.
ער איז געקומען פיין אויסגעפּוצט
אין אַ נייַ סערדעטל נאָך ניט אָפּגענוצט,
אין אַ קליין קאַפּעלושל מיט אַ שמאָל רענדל,
אַרומגעבונדן מיט אַ זיידן בענדל,
אין אַ שיינער זיידענער קאַמיזויל
מיט אַ שטיקל ציגאַרע אין מויל.
כאָטשי עס גייט אַפּילו ניט קיין רויך,
ער רייכערט גאָר ניט, מיין שיינער גראַף,
נאָר צום חנדל פּאַסט עס אים אויך.
וואָס טוט ניט נאָך דעם מענטשן אַן אַף!
אַלמאַי, דאָס ווייסט איטלעכער נאָך גיכער,
אַז אַן אַף קען ניט לעזן קיין ביכער,
פונדעסטוועגן זאָלט איר געדאַרפט זען אַצינד,
ווי ער האָט זיך אַ דריי געטאָן געשווינד
און האָט אויף אַ בוים אַרויפגעקלעטערט
און האָט דאָרט קלאָמערשט אַ בוך געבלעטערט,
גלייך ווי ער ווייסט וואָס שטייט דרינען
און זוכט און וויל דאָרט עפּעס געפינען“.

„כאַ־כאַ־כאַ! האָט ער זיך צעלאַכט,
אַז ער האָט זיך אַזש פאַרקאַכט:*)
מען דאַרף, זאָגט ער, נאָר לאַכן
און חוזק מאַכן,

*) = פאַרקייכט.

ווי איטלעכער פון אײַך איז אַזאַ נאַר
און וויל זיין מלך, דערפאַר
וואָס איז אַ שיס פולווער ניט ווערט.
ווער האָט אַזעלכע נאַרישקייטן געהערט?
אַ זעלכע פאַרכעס זאָלן מיינען,
אַז מען דאַרף זיי פאַר מלכים קריינען?

. . . . . . . . . . . . . . . .

דעם צאַפ — פאַר דער באָרד, פאַר די אויערן — דעם אייזל,
פאַר דעם פעלץ—דעם שאָפ, דעם עלפאַנט פאַר זיין נעזל*),
די קאַץ פאַר איר מיויקען,
דער הונט פאַר זיין הויקען,
דער בער — ווייל ער טאַנצט אַ פראַנצאָסקי קאַדריל,
און דער חזיר — ווייל ער עסט וואָס ער וויל,
ווייל ער האָט געערדט פראַנצייזיש מיט אַ פאָר לײַדאַקעס
און האָט אַ קאָנטאָר פון לויטער היוויניאַקעס.
האָט איר פון אַזוינע מעלות פאַרגעניגן,
קענט איר נאָך טויזנט מלכים קריגן:
אָט וועט קומען דער שלימעזאַלניק, דאָס שעפעלע,
מיט די פאַרשמאַכטע ליפּן ווי אַ נעפּעלע,
וועט אָנהייבן צו מעקען אויפן דינעם קול,
און וועט אייך דערציילן די מעלות פון זיין וואָל
און זיין גוט הארץ, ווי עס וויל קיינעם ניט ווערן,
ווער עס וויל אים די וואָל אָפּשערן.
עס וועט אייך דערציילן פון אָנהייב כסדר,
ווי עס האָט דעם ערשטן מענטשן פאַרזאָרגט מיט קליידער,
און כאָטשי עס גייט אַליין נאַקעט און בלויז,
איז עס פאָרט ביי זיך גאַנץ גרויס,
און וועט אייך ווייזן הונגערט תתומים,
אַז עס איז — גבאַי ביי דער חברה מַלביש עֲרומים.
ווילט איר פון איטלעכן הערן זיינע אייגענע שבחים,
דאַרפט איר אַלע מאַכן אויף די חיות פאַר מלכים".

---

*) = נעזל.

דער אַף האָט געוואָלט נאָך לאַנג שפּעטן,
נאָר פּלוצלונג האָט ער דערזען אַ דיקן אַ פּעטן
מיט שײנע הערנער, דאָס איז אַ גוטער סימן
גאָר פּאַוואָליע צו דער אסיפה אָנקימען: *)

„אַ שײן שטערנטיכל, זאָגט דער אַף צו זיך אַלײן,
אַזאַ שלימזל איז נאָך דאָ ניט געווען.
וואַרט! איך וועל אים דאָ אַ ברוך־הבא מאַכן
אַז אַלע זאָלן זיך האַלטן בײַ די זײטן פאַר לאַכן".

און ווי דער אַף האָט דאָס אָפּגערעדט
הײבט ער אָן הויך, מיט אַ געשפּעט:
„זעט נאָר רבותים, וואָס דאָ גײט פאַר אַ פּאַרשוין!
עס קאָצל קומט, סערצע! רביצין קרוין!
געדענקט איר, איך האָב אײך אין שטאָט געזען,
אַז איך בין בײַ אײער מאַן בײַם רב געווען?
איך האָב אים געבראַכט אַ לײלעך מיט פלעקן,
האָט ער אײך, רביצין, געהײסן לעקן.
איך זאָל עס נאָך אײך דערצײלן אין פרײדן,
ווי איר האָט געזאָגט, אַז עס האָט גאָר אַ טעם גן־עדן;
איר האָט געמײנט, אַז עס האָט זיך אײנגעמאַכטס פאַרגאָסן,
אַיאָ, איך זאָג ניט קײן ליגן? זעט, דער אײזל האָט גענאָסן.
זעט איר, וואָס הײסט אַ גוטער זעער? **)
איך האָב אײך תיכף דערקענט אינם שלײער!
נאָ, געליבט איז גאָט, וואָס איך זע אײך ווידער!
עס קאָצל קומט, רביצין, זיצט אַנידער"!
דאָ האָבן זיך די חיות אַזוי צעלאַכט,
אַז דער גאַנצער וואַלד האָט אַז געקראַכט
און אַרום און אַרום, אין דערפער און שטעט ***)
האָבן זיך דערשראָקן קינד און קײט.

*) = אנקומען.
**) = זעער.
***) = שטעט.

מען האָט געמיינט, אַז דאָס לאַכן די קליפּות
און צווי מיידלעך, וואָס מע האָט געפירט צו די חיפּות, *)
האָבן מפּיל געווען אין מיטן דער גאַס,
דער חזן האָט געשווינד געשיקט דעם באַס
מודיע זיין דעם רב, וואָס דאָ איז געשען,
דער איז געשווינד געקומען צו גיין
און האָט גוזר תענית געווען אויף דריי טאָג.
אין שטאָט איז געוואָרן אַ יאָמער אַ קלאָג,
מע האָט געזאָגט עס באַטייט אויף גרויסע גזירות,
מע האָט אָנגעהויבן אין שטאָט זוכן עבירות, —
האָט מען געפונען: דער עירוב איז צעריסן
און אַ יידענע האָט פאַר סוכות אַ פּיטום אָפּגעביסן,
דער בעל־תוקע האָט ראש־השנה פאַרקירצט אַ תרועה,
און דער חזן האָט אינם נוסח פון קדיש פאַרפעלט אַ תנועה,
אַ מלמד האָט געלערנט חומש מיט דעסויערס ביאור
און די מקווה שטינקט ניט קיין שיעור! —
און דאָס אַלצדינג האָט געגעבן די קליפּות כוח,
אַז זיי לאַכן און שרייען אַזוי הויך,
און אַז זיי וועלן ניט באַלד אויפהערן,
וועט גאָר די וועלט זיך איבערקערן.
בעלי־שמות האָבן אויך געהאַט דעם אייגענעם טעות
און האָבן אַלע אָנגעהויבן זאָגן השבעות,
מלמדים האָבן אָנגעהויבן צו לערנען משניות,
בטלנים האָבן אין תהילים געריבן,
דערווייל איז שטיל געוואָרן צווישן די חיות,
האָט איטלעכער געמיינט, ער האָט די קליפּות פאַרטריבן.

דער אָקס האָט דאָס געפילדער איבערגעהאַרט,
דערנאָך האָט ער זיך צו דער אַסיפה צוגעשאַרט.
ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן מיט חן און מיט חניפה:
„איך בין ניט קיין רביצין, זאָגט ער צו דער אַסיפה,

*) = חופּות.

דער אַף פּלוידערט און ווייס ניט וואָס.
איך בין דאָך דער אָקס, אַ שטאָט-באַלעבאָס!
אין אַ קליין שטעטל, פון הי גאָר ניט ווייט,
בין איך אַ לאַנגע צייט
אין אַ ווייגהויז אויף דער ברא געשטאַנען.
וויפיל יאָר? — דאָס קאָן איך מיך ניט דערמאָנען.
אָ-וואַ! דאָס איז גאָר מיין גאַנצער חיסרון,
איך האָב כלעבן ניט אַ פּיצל זיכרון.
נאָר גענוג, איך בין געשטאַנען אויף דער ברא,
וואָס דאַרפט איר, ליבע חיות, מער וויסן, הא?
ווער עס שטייט אויף דער ברא, איז גוט אַפּס ביין,
ווער עס איז גוט אַפּס ביין, האָט מן הַסתּם חֵן.
איך זאָג אייך דאָ קיין ליגן ניט פיר,
ער מעג צוגיין נענטער צו מיר.
איך וועל קיינעם ניט שלאָגן מיטן האָרן,
איר מעגט מיך טאַפּן פון הינטן און פון פאָרן.
אַ גרויסער מבין, אַ קַצב כון דער פלייש-פּאַכט
האָט מיך גוט אויסגעטאַפּט ערשט נעכטן פאַרנאַכט,
און אַז ער האָט אויף מיר אַ הסכּמה געגעבן,
דאַרף איך ניט קיינעמס הַסכּמה, כלעבן. —
נאָר איך האָב שוין פאַרגעסן וואָס איך האָב אָנגעהויבן.
נאָ! — אַז איך דאַרף מיך פאַר אייך ניט לויבן,
איר זעט אַליין, מיט אייערע אייגענע אויגן,
אַז איך וועל אייך פאַר אַ מלך טויגן.
איך האָב שוין ווידער פאַרגעסן כלעבן, *)
פון וואַנען איך האָב געוואָלט צו ריידן אָנהייבן — — —
איך האָב געהערט דערציילן,
אַז איר ווילט אַ מלך וויילן— — —
נאָ, בקיצור, וואָס איז דער חילוק פאַר אייך און פאַר מיר,
אַז איך האָב געזאָגט דאָס שפּעטער און יענץ פרי'ר, **)

*) = כלעבן.
**) = פריער.

איר דאַרפט דאָ קיינעם ניט פרעגן קיין עצות,
קוקט נאָר אָן מיין בויך מיט מיינע פלייצעס,
מיר דאַכט, מע דערקענט אינם ערשטן בליק,
אַז נאָר איך אַליין בין ווערט דאָס גליק
אויף מיין קאָפּ די קרוין צו טראָגן.
אויף מיר וועט זיך קיינער ניט האָבן צו קלאָגן".

ווער איר מיר. ליבע לייט. וועלן גלייבן? —
מע האָט שיר דעם אָקס די מלוכה געגעבן!*)
די חיות האָבן הנאָה געהאַט פון זיין שמיס**) —
קורץ, ער איז זיי געפעלן פונם קאָפּ ביז די פיס!
איטלעכער האָט מיט אַן אַנדערער תניעה, ***)
מיט אַן אַנדער חן, אַנדערע העוויות,
אַז פון זיין צד איז נישטאָ קיין מניעה
צו מאַכן דעם אָקס פאַר מלך פון די חיות.
אויף צוויי פיס האָט זיך געשטעלט דער בער,
דער הונט האָט געשאָקלט דעם וויידל אַהין און אַהער
און האָט פון אַלע זייטן געניוכעט און געשמעקט,
די קאַץ האָט זיך די וואָנצעס אָפּגעלעקט,
דער אייזל
האָט אויסגעשנייצט דאָס נעזל,
דער צאַפּ האָט זיך די באָרד געגלעט,
און דער אַף האָט אַלע נאָכגעשפעט.
עס איז שוין גאָרניט פיל אָפּגעגאַנגען,
דער אָקס זאָל די מלוכה דערלאַנגען,
ווען דער וואָלף, דער באַרימטער גנב,
זאָל ניט געווען ווייזן אינם סוואָד זאַקאָנאָוו
(ער איז געווען אַ ראַטמאַן עטלעכע יאָר.
איז ער אין די זאַקאָנעס געווען זייער קלאָר)

*) = געגעבן.
**) = שמועס.
***) = תנועה.

ער האָט אַ זאַקאַן געפונען קאַם
ערגעץ אינם טויזנטסטן טאָם,
אַז חיות וואָס קענען קיין פלייש ניט עסן,
טאָרן זיך ניט מישן אין קהלשע אינטערעסן....

דער וואָלף, ווי אַ קלוגער געניטער מאַן,
האָט פאַרגעגעבן אַ נייען פּלאַן:
אַז דעם אָקס, ווייל ער איז ניט קיין פלייש-פרעסער,
זאָל מען גאָר מאַכן פאַר אַ פּראָפעסער,
אָדער, פאַר נויט, פאַר אַ רב אַ דיין,
פאַר זיי איז אויך געגוג פּאַלאָווע און קלייען.
פאַר קאַנדידאַט אויף אַ מלך, איז דעם וואָלף געפעלן —
מעגן די חיות טאַקע אים אליין שטעלן.
„נישקשה זאָגט ער, עס דאַרף אייך ניט זיין קיין בושה,
אַז איך וויל, קומט מיר די מלוכה בירושה;
איך האָב צוויי הינט פאַר כשרע עדות,
אַז שוין עטלעכע פון מיינע זיידעס
האָבן אין וואַלד די מלוכה געפירט,
און האָבן זייער גוט רעגירט.
גאָר דימענטן זענען זיי געוועזן אין שלאָף,
און וואַכנדיק האָבן זיי נאָר צעריסן בהמות און שאָף",

ביי די ווערטער איז איין בהמה
גאָר געוואָרן מלא חימה.

נאָר דער וואָלף האָט בעזאָגט: „וואָס ווילסטו, דו חכמות?
ווען דען זאָל מען צערייסן, ווען ניט בהמות? —
אויף בהמות און שאָף האָט קיינער קיין רחמנות,
איר טויגט פון אייביק נאָר אויף קרבנות.
הערט, ליבע חיות, און איר וועט ווייסן באַלד
אַז טאַקע מיר קומט די מלוכה אין וואַלד.
דער גרויסער גיבור איזיגריס דער דריטער
איז געוועזן אַ נאָענטער קרוב פון מיין מיטער,

ער האָט געהאַט די באַרימטע ציין
און איז געשטאָרבן ווי אַ העלד:
ער האָט זיך דערוואָרגן מיט אַ ביין
וואָס האָט זיך ביי אים אין האַלז געשטעלט.
אין מיין ווירע האָט מען גערופן לופוס דער פרימער,*)
ער האָט ניט גערעדט מיט קיין פּראָוועגציסער
און איידער ער איז אָנגעפאַלן אויף אַ טשערעדע שאָף,
האָט ער אויסגעזאָגט תהילים פון אַלף ביז תּו.
ער האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון אונזער גֶאמָנָה
אין האָט בלויז פאַרגאָסן מיט דער בְּנוּנה.
אַז אָקסן, פערד, אייזלען, בערן,
זאָלן אַלע וועלף נאָר ווערן".
ביי די ווערטער האָט זיך דער וואָלף אָנגעבויגן
און האָט אויפגעהויבן צום הימל די אויגן.

דער אַף איז אויף אַ ניסנבוים געזעסן
פון זינט דער וואָלף האָט זיך געשטעלט פאַר אַ קאַנדידאַט,
ער האָט ניט געקנאַקט און האָט ניט פאַרגעסן,
דעם וואָלף נאָכצומאַכן פונקט, אַקוראַט,
און ווי ער האָט געזען דעם וואָלף זיך מודים בוקן
און האָט די לעצטע ווערטער געהערט,
האָט ער אויך אָנגעבויגן דעם רוקן
און האָט אויך די אויגן איבערגעקערט
און האָט מיט געלעכטער און מיט געשפּעט
די לעצטע ווערטער איבערגערעדט:
„אָקסן, פערד, אייזל, בערן,
זאָלן אַלע וועלף נאָר ווערן!"

אַצונד האָט זיך דער אַף אַ ביסל צעשטיפט,
האָט אַ וואָרף געטאָן דעם קאַפּעלאָש אין דער לופט

*) = פרומער.

און האָט אים געכאַפּט מיט איין כּוס,
דערנאָך האָט ער געטאָן אַ הוס.
אַזוי זענען זיך נוהג פון יָמים ושָנים
אַלע מַגידים אַלע דַרשָנים
איידער זיי הייבן אָן מיטן עולם צו שמיסן,
מוזן זיי זיך פריער אַ ביסל אויסהיסן.
און ווער עס גיט אַ ספר אַרויס,
הוסט זיך אויך פריער גאַנץ גוט אויס,
דערמיט מוז דאָס ספר זיך אָנהייבן,
דעריבער האָט מען עס הקדמה אַ נאָמען געגעבן.

איך קען אַ מחבר פון אַ סֵפר,
אַ גרויסן פּרעסער, אַ גרויסן פּעָפּער *)
וואָס האָט זיך אין דער הקדמה אַזוי צעהיסט, **)
אַז עס ווערט שוין תיכף צו לייענען פּאַרמיאוסט
און איידער מע קומט אָפּם ספר אַרויס,
שלאָפט מען זיך שוין ביי דער הקדמה אויס.
דאָס ספר אַליין איז נעבעך זייער נאַקעט
און אין דער הקדמה האָט ער אָנגעכראַקעט.
און דאָס איז אַלץ, איך זאָלט דערויס ניט לאַכן,
ווייל איינער וויל דעם אַנדערן נאָכמאַכן.
די מענטשן זענען ווי די אַפּן אַצונדערט,
אַז איינער טוט אַהוס, טוט דער אַנדערער הונדערט.
אַמאָל איז געווען אַן אַנדערע וועלט,
אַז איינער האָט זיך פאַר אַ מחבר געשטעלט,
האָט ער געדאַרפט האָבן פריער פאַרשטאַנד,
איידער ער האָט גענומען די פען אין דער האַנט,
איטלעכער אין זיין פאַך.
היינט דאַרף מען נאָר ספרים אַ סך,

*) = פּעפּער.

**) = צעהוסט.

צונויפ־שעפּען שטיקלעך, פון דאַנען, פון דאָרט —
עס מעג אַפילו ניט געהערן אַ וואָרט צון אַ וואָרט
אין דעם ספר שטייט דאָס, אין יענעם אַזוי,
ווער שמועסט, אז מע מישט אויס אַ ייד מיט אַ גוי,
פילוסופיָא, קבָלה, אפיקורסות מיט חסידות,
פרייע געדאַנקען און תורה פון אַ שָלוש־סעודות —
ווערט מען אַוודאי באַקאַנט אויף דער וועלט.
מע שטופּט אריין ספרים און מע נעמט געלט.
ווער שמועסט אַ פּאָעט —
דאָס איז גאָר אַ געשפּעט,
ער דאַרף קיין פּאָעזי,
נאָר אַ ביסל מי
צו זוכן אין תנך אין אַלע ערטער,
וואו עס געפינען זיך מערקווירדיקע ווערטער,
אַזעלכע, וואָס ניט איטלעכער פאַרשטייט זיי געשווינד!
(ער מעג אַפילו אליין אויך ניט וויסן פון זיין געזינט). *)
און דערצו זאָל עס אויסקומען צום גראַם, מיטן קנאַק,
ווער שמועסט, אַז איטלעכע שורה טרעפט נאָך אָן לפ״ק!
איבעריקעס מעג צום לפ״ק עפּעס פעלן,
ווער וועט אַ בעלן זיין אים נאָכצוציילן.
קורץ, אַ פּאָעט צו זיין איז כלעבן גאָר גרינג,
דערצו האָט ער דאָך אַ פּראָווע צו פּלוי־ערן אַלדינג:
אַ פויגל, אַ קוואַל, די זון, די לבנה,
אַן אַלטער, אַ בחור, אַ בתולה, אַן אַלמנה.
די וואָלקן, די טייכער, די ביימער, דאָס גראָז,
די אויגן, דער שטערן, די ליפּן, די נאָז,
אַלדינג וואָס מאַכט פריילעך און וואָס מאַכט מָרה־שחורה,
פאַרם פּאָעט איז אַלדינג אַ סחורה;
איז דער שיר גוט צי איז ער שלעכט,
דאָס ווייסט כלעבן קיינער ניט רעכט.

---

*) = געזונט.

פאַרשטייט מען אים ניט — נאָך בעסער!
דאָס איז אַ סימן, אַז דער פּאָעט איז גרעסער.
נאָר איך האָב מיך דאָ צופיל פאַרשמוסט,
איר וועט זאָגן, איך האָב מיך אויך צעהוסט.
אַ טייל וועלן גאָר זאָגן, אַז איך כראַקע —
טאַקע! —
איך וויל די מלאכה ניט זיין מחלה,
איך בין אַ מחבר גלייך מיט אַלע! —

קורץ, איך וויל אייך אַ סך ניט ברייען,
דער אַף האָט אָנגעהויבן אויף אַ קול צו שרייען:
„ליבע חיות! אויב אייער לעבן איז אייך טייער,
היטזשע זיך פאָרם וואָלף ווי מע היט זיך פאַר פייער!
ווי ער צעלייגט אַזוי דעם חן,
וועט פון אייך ניט בלייבן אַ ביין.
היט אייך פאַר זיין פרוכער צונג,
זי איז שאַרף ווי אַ קלונג.
ער וועט אייך טרינקען דאָס בלוט פון האַרצן
און וועט אייך דערנאָך אָפּגעבן שטשאָט,
אַז ער אַליין האָט דערפון גרויסע שמאַרצן,
נאָר וואָס קאָן ער מאַכן, אַז עס איז דער ווילן פון גאָט.
אַט די דראַבעס, די הולטאַיעס
האָבן אַרויסגעבראַכט גאָר אַ נייעס,
צו טאָן אַלע שלעכטע בייזע זאַכן
און ניט זיך, נאָר גאָט שולדיק מאַכן.
זיי קענען אייך איינעם קוילען מיט אַ מעסער
און זאָגן, ווען גאָט זאָל וועלן עס זאָל זיין בעסער,
וואָלט דאָס מעסער דעם האַלז געשניטן,
און דער שטאָל וואָלט זיך אויף האַלץ פאַרביטן.
אָט זייט ניט קיין מחותּנים
מיט אַ יראת־שמים־פּנים.
ווער עס האָט אויף יענעם קיין רחמנות,
זאָל ניט האָבן ביי אייך קיין נאמנות.

ביי ווען דאָס פרומקייט ליגט אויף דער צונג,
ביי דעם ליגט שמדשטיק אויף דער לונג.
קוקט אייך נאָר צו צו דעם צדיק אַ מינוט:
ער האָט נאָך פון די ליפּן ניט אָפּגעווישט דאָס בלוט
פון שעפּעלע וואָס ער האָט ערשט אויפגעפרעסן,
צונד האָט ער שוין גאָר דערינגען פאַרגעסן
און שטייט און לייענט דאָס צעטל פון זיין יחוס
אָוועק, דו דראַב, צו אַלדע ריחות"*)! —

די חיות האָבן דערווייל אַ ייִשוב געהאַט,
זיי האָבן זיך צוגעקוקט גוט אַקוראַט,
ווי דער פרומער וואָלף מיטם חסידישן חן
האָט שטילערהייט געקלאַפּט מיט די ציין,
ער האָט געמיינט דאָס געשעפט איז שוין געענקט.
אָט איז ער שוין אַ מלך אין וואַלד
און האָט זיך שוין דערווייל באַלעקט:
ער האָט געמיינט, ער עסט שוין באַלד.
וואָרעם דערפון דאַרף מען דאָך ניט שמיסן,
דאָס פאַרשטייט איר מן הסתם אַליין,
אַז ער האָט געוואָלט די מלוכה נאָר אויף צו געניסן,
און פון אַלע חיות וואָלט ניט געבליבן אַ ביין.
אַז דער וואָלף איז ניט קיין מלך,
איז אויך אין וואַלד ניט זייער פריילעך,
אַז ער איז נאָר אַ טשינאָווניק, כאָטש דער מינצטער,
איז אויך געגונג ביטער און פינסטער.
אַ מלך דאַרף ער נאָך זיין, פּשיטא!
אָט דאָס וואָלט געווען אַ צרה אַ גיטע.**) —

די חיות האָבן זיך אומגעקערט צום אַף מיט אַדאַנק,
וועלכער איז געזעסן אויף אַ בוים פריי און פראַנק,
האָט ניס געקנאַקט און קונצן געמאַכט
און האָט פונם וואָלף זיך אויסגעלאַכט.

---

*) = רוחות. **) = גוטע.

„זעט, ווי גוט ער איז, ווי פרום!
זעט מען נאָך אַרום און אַרום
אַזאַ כּשרע נשמה!
ער וויל אַפילו אין מיר ניט זען קיין נקמה,
ער האָט מיך ליב, כאָטשי איך בין זיין פיינד,
אַדרבה, ער איז מיר גאָר אַ גוטער פריינד,
ער וואָלט מיך מיט גילדערנע צעטן באַהאַנגען,
ווען ער זאָל נאָר קענען מיך דערלאַנגען"

די חיות האָבן זיך אַזוי צעלאַכט
און האָבן אַזאַ געפילדער געמאַכט,
אַז עס האָט זיי אַוש אין די זייטן געשפּאַרט,
און דער וואָלף האָט זיך דערוויייל אַוועקגעשאַרט.
ער האָט זיך אין טיפן וואַלד אַריינגעכאַפּט
און האָט דאָרט פרייער מיט די ציין געקלאַפּט:
„הער, אַפּאָניאָ! איך זאָל דיר קריגן,
וואָלסטו ניט געהאַט קיין גרויס פאַרגעניגן!
מענסט אָפּגעבן גאָט אַ שבח און אַ זֶמֶר *),
וואָס איך קאָן ניט קלעטערן אויף קיין ביימער!
באַ! וואָלט איך געקאָנט קלעטערן — געוויס,
דו וואָלסט שוין מער ניט געקנאַקט קיין ניס.
נאָר וואַרט! איך וועל דיר פאַר דיינע שבחים
אַמאָל נאָך באַצאָלן מיט רווחים!" —

נאָר לאָמיר אַוועקוואַרפן דעם וואָלף אין דער רציחה
און לאָמיר זיך אומקערן צו די חיות מיט דער מליכה.
די מעשה, זאָגן זיי, מוז האָבן אַ סוף,
מיר מוזן לייגן דעם קאָפּ דערויף,
מיר זאָלן באַקומען אַ רעכטן קעניג,
און קאַנדידאַטן זענען דאָ וייער ווייניג.

---

*) = זֶמֶר.

צווישן אַלע, וואָס האָבן זיך געשטעלט,
איז ניטאָ איינער וואָס אונז געפעלט.
אייזל, פערד, וועלף, בערן —
די קרוין וויל איטלעכער טראָגן גערן.
איטלעכער באַרימט זיך מיט זיין מַעלה.
אויב ער נוצט עפּעס אונז? דאָס איז די שאלה.
דער עיקר, וואָס מיר דאַרפן פונם מלך האָבן,
איז — ער זאָל אונז נאָר ניט באַגראָבן.
ער מוז זיין שטאַרק, קוראַזשירט,
אין דער מלחמה — אַ שפּירט!
אַקעגן די אויגן
דעם שונא געפלויגן,
רייַסן,
בייסן,
טרעטן,
קנעטן,
ניט רוען אַ מינוט,
זיך באָדן אין בלוט.
קומט ער אָבער פון דער מלחמה צוריק
און אין וואַלד איז רויק און שטיל,
דאַרף ער צו זוכן נאָר אונזער גליק,
און מיר דאַרפן פאָלגן אַלץ וואָס ער וויל.
ער דאַרף אָבער וועלן נאָר וואָס איז רעכט,
דאַרף תמיד זיין גוט און קיין מאָל ניט שלעכט.
רופט זיך אָן, ברידער, איטלעכער פון זיין אָרט:
פון אַזאַ בריה ווער ווייסט צו זאָגן אַ וואָרט?"

אַלע חיות זענען געבליבן ווי שטום,
מען הערט ניט קיין תשובה אַרום און אַרום.
אַז מע האָט גערעדט פון פעלצן . . .

. . . . . . . . . . . . . .

און נאָך פון אַזוינע זאַכן ווי דאָס,
האָט איטליכער געהאַט זיך באַרימען מיט וואָס!

צינד, אַז מע שמועסט פון דעם וואָס איז נייטיק,
האָט איטלעכער נאָר אַ מַכָּה, אַ ווייטיק.

אַזוי גייט עס אין דער וועלט תָּמיד ביי לייטן:
מַעלות שיטן זיך פון אַלע זייטן,
איטליכער זאָגט, ער קאָן אַלדינג,
איטלעכער וויל זיין אַ וואוילער יינג *),
אַז עס קומט אָבער אין אַ נויט, אין צָרות,
טויגן זיי אַלע אויף כַּפָּרות.
ר׳ ישראל, ר׳ רפאל,
איטלעכער וויל זיין ראש־הַקָהָל,
מהיכי תיתא! אַ טיטל איז עס אַ שיינער,
און צו קָהָל לייגט ניט צו קיינער!
אַמאָל ווערט מען אי רייך אַז ס׳איז באַשערט,
און שישי אין שול איז אויך עפּעס ווערט.
קומט אָבער אַ גובערנאַטאָר אַמאָל,
וואָס טוט מען אַצינד, מיין ראש־הקהל? —
אַז אָך און ווי איז נעבאַך דעם עולם
אַז דער ראש־הקהל שטייט ווי אַ ליימענער גולם.
חאָטש ווער צווצעט טאַקע אַפּם אָרט,
דער ראש־הקהל רעדט ניט אַ וואָרט.
ער קען זיך נאָר בייגן און ביקן **),
מע האָט אים פאַרגעסן די צונג צו פּיקן.
וואָס שטופּט איר אייך פאַרכעס אין דער היץ?
אַז איר האָט ניט קיין שֵׂכֶל, קיין וויץ?
חזירים, אייזל, פערד, בערן,
וואָס ווילט איר אַלע קָהָלס־לייט ווערן?
ווי קומט עס צו אייך, אַז איר קענט אַלע מכות?
אין וואַלד אַריין, איר ליידאַקעס! —

צוריק צו די חיות, מיינע ליבע לייט!
איר האָט דאָ פאַרבראַכט אַ שיין ביסל צייט,

*) = יונג. **) = בוקן.

איבער דער מעשה וואָס איר לייענט אצינד.
קיינער פון אייך איז מן הסתּם ניט אַזוי בלינד
ניט צו פאַרשטיין שוין פון פרי׳ר,
אַז ניט אין דער מעשה גייט עס מיר.
אין וואָס מיר גייט? — שטויסט אייך אַליין,
איר זענט אַלע ניט פון שטיין און פון ביין,
איטלעכער מענטש האָט אַזוי פיל הבנה
צו פאַרשטיין גאַנץ גוט מיין כּוונה.

די אַסיפה וואָלט נאָך געדויערט ביז אַצינד,
די חיות וואָלטן קיין מלך ניט געפונען אַזוי געשווינד,
עס וואָלט ניט געהאָלפן זייער פאָרשטן און קלערן,
ווען גאָט זאָל זיי ניט געווען אַ מלך באַשערן.
וואָס העלפט די אַסיפה, וואָס איז זי גאָר ווערט,
אַז זי באַשטייט פון אָקסן און פערד?
נאָר גאָט איז דאָך אָבער אַ שומר פּתאים
און ווייזט תּמיד נאַראָנים נסים נפלאים,
האָט ער פאַר זיי אויך געטראַכט
און האָט זיי אַליין אַ מלך געבראַכט,
אַ מלך אַ שיינעם, אַ קלוגן, אַ גיטן,
נאָר פאַר זיין כּעס דאַרף מען זיך היטן.
נאָ, אַזוי שטייט דאָך אין פּסוק, דאָס איז קיין קאַטאָוועס:
„חמת מלך מלאכי מוֶת"!

אין וואַלד איז שטיל, קיל דאָס וועטער,
די זון שיינט דורך צווישן די בלעטער,
די פייגעלעך זינגען צווישן די צווייגן,
אַלע חיות הערן און שווייגן.
אַ וואַסערל ריזלט אין וואַלד ביי דער זייט
און אויף אַ בערגל ניט זייער ווייט
זעט מען אַ לייב, אַ שיינעם, זיך שטעלן.
אים אויגנבליק איז ער אַלע געפעלן.

ער האָט ניט גערעדט אַ וואָרט צו זיין שבת,
ער איז נאָר געשטאַנען גלאַך. *)
ער האָט אַ געגעניץ געטאָן און אַ בליק מיט די אויגן
און האָט זיך די גלידער אויסגעצויגן
און מיט אַמאָל האָט עס געטאָן אין וואַלד אַ קלונג
און אַלע חיות, ווי מיט איין צונג,
האָבן געשריען זייער פריילעך:
„יחי המלך! יחי המלך!
דער לייב זאָל לעבן, דער קיניג פון וואַלד!"
און אַלע האָבן אַנידערגעקניט באַלד
און האָבן געשוואָרן און געפרייט זיך דערביי
דעם לייב דעם מלך צו זיין געטריי. —

פון דעמאָלט אָן, אַזוי שטייט געשריבן,
איז דער לייב מלך געבליבן.
ער רעגירט ערלעך, טוט ניט קיין שלעכטס,
מע הערט פון די חיות פון קיינעם אַ קרעכץ.
דער וואַלד פירט זיך ווידער ווי ער האָט זיך געפירט:
דער שוואַכער ליגט שטיל, דער שטאַרקער פּאַרפירט,
דער גרויסער איז גרויס, דער קליינער איז קליין,
וואויל איז דעם, ווער עס האָט שאַרפע ציין.
דאָס איז אַלדינג שוין אַלטע זאַכן,
די וועלט קאָן מען ניט איבערמאַכן.
נאָר אַפּס לייב האָט זיך קיינער ניט צו קלאָגן;
אַבי ער האָט ניט קיין הונגער אין מאָגן,
זיצט ער זיך שטיל, רויק, ספּאָקאָינע —
הלוואַי וואָלטן געוועזן אַ סך אַזוינע! —

ע נ ד ע.

*) = גלייך.

# דער דעקטור

אָדער

צוויי חופות אין איין נאַכט

אַ קאָמעדיע

# פ ע ר ז אָ נ ע ן:

**יאָסעלע,** דעם נאמנס. א שיין בחורל פון אכצן יאָר. ער האָט ליב פריידעלען

**ר׳ יחזקאל,** דער נאמן, זיין פאָטער

**ר׳ יעקב,** דער רב, זיין מחותּן ער האָט אַ בלינדע סאָכטער, וואָס איז

יאָסעלעס כלה. דער רב זאָהיקעט זיך

**ר׳ פינחסל,** דער לאַדזשינער בעל־שם, דעם רבס אַ קרוב

**פריידעלע,** אַ שיין מיידל פון זעכצן יאָר, יאָסעלעס געליבטע

**ר׳ צלאל,** איר פאָטער, אַ פּראָסטער ייד, אַ ראַנדאַר

**טאָלצע,** ר׳ צלאלס אנדערע ווייב, געוועזן פריער דעם רבס ווייב

**דער קאָנעווער מורה־הוראה,** זיין מחותּן, אַ האַלבער רבי

**לעמל,** זיין בחור, בעזנאָסע, פריידעלעס חתן

**צוויי גבאים,** דעם מורה־הוראהס

**ישראל,** זיין בעל־עגלה

**עוריאל,** משרת ביי ר׳ צלאלן אין קרעטשמע

**מאַרשעלאָק, קלעזמאָרים, ווייבער, ווייסע־חברה**

די מעשה טרעפט זיך אין דזשעוו, אויך אין אַ קרעטשמע, 2 ווערסט פון דעם שטעטל, און אויך אויף דעם טראַקט צווישן שטעטל און דער קרעטשמע

# ערשטער אַקט

װערט פאַרגעשטעלט אַ קרעטשמע, אין מיטן איין טויער און אויף ביידע זייטן שטיבער. אין דער רעכטער זייט די אייגנטלעכע קרעטשמע, אין דער לינקער—ליידיקע סטאַנציעס פאַר געסט. די קרעטשמע איז צוויי װיערסט פון דעם שטעטל דזשעװ.

# ערשטער אויפטריט

## פריידעלע

זיצט איינע אליין אין דער סטאַנציע, קוקט אַרויס דורך דעם פענסטער. מע זעט אַקעגן אַ װעלדל, נעבן װעלדל אַ װאַסערל. זי זינגט:

ביי דער קוואַל זיצט אַ ייִנגל,
פלעכט פון צאַצקעס זיך אַ קרענצל.
ער זעט זי שווימען אויפן וואַסער,
די כוואַליעס טאַנצן זייער טענצל.

אַזוי פליען מיינע יאָרן,
ווי דאָס וואַסער אַזוי געשווינד;
ווי דאָס קרענצל ווערט פאַרוויאַלעט,
אַזוי וויאַלעט מיין געזינט.

פרעגט מיך ניט, פאַרוואָס איך טרויער
אין בעסטער יונגער צייט,
ווען עס פרייט זיך יעדער מענטש,
ווען עס האָפן אַלע לייט?

ווען אַלע מענטשן פרייען זיך,
אין שמחת־תורה און אום פורים,
ווערן מיר דערוועקט אין האַרצן
מיינע ביטערע יסורים.

וואָס ניצט מיר דען דער גאַנצער תענוג,
וואָס איך האָב אין דער שיינער צייט?
נאָר זי אַליין איז וואָס איך זוך,
זי איז נאָנט און עוויג ווייט.

איך שטרעק די האַנט ווי ווייט איך קאָן,
איך וואָלט זי גערן צו מיר געצויגן.
אָך, איך קאָן זי ניט דערלאַנגען,
דאָס האַרץ איז מיר שיר אַרויסגעפלויגן!

קום אַהער, דו שיינע זיסע,
וואַרף אַוועק דיין רייכע משפחה.
מיט דעם שווייס וועל איך אַרבעטן,
גאָט וועט געבן אונז די ברכה.

הער אין וועלדל פישטשען פייגעלעך
און דאָס וואַסער רוישט דערביי.
פלאַץ איז אינם קלענסטן שטיבל
פאַר מאַן און ווייב, וואָס ליבן טריי.

זי האָט אָפּגעזונגען. שטייט אַ ביסל פאַרטראַכט, דערנאָך שמועסט זי צו זיך אַליין
אמת, אינם קלענצטן שטיבל וואָלט איך פאַר ליב אָנגענומען. איך
וואָלט גאָרניט געוואָלט מער קיינעם חוץ אים. מיט אים איז ביי
מיר אַ וואַלד־קרעטשמע גלייך מיט דער גרעסטער שענסטער שטאָט.
אָן אים, ווייס גאָט, איז די גרעסטע שענסטע שטאָט ביי מיר
אַ וואַלד־קרעטשמע, אַ פוסטיניע. נאַרישע מענטשן, וואָס זוכט איר
דעם תענוג, דאָס גליק אין אַ גרויסער שטאָט אין פּאַלאַצן און
קאַרעטעס — זוכט אַ האַרץ, וואָס פילט אייער האַרץ! האָט ליב

און ווערט געליבט, און דאָס גליק, דער תענוג וואוינט מיט אייך אומעטום. נאָר נאָך איינס פעלט צום גליק: קיינער זאָל אייך עס ניט ווע̇לן שטערן. מיר האָט גאָט מיין גליק באַשערט, מענטשן רייסן עס מיר אָבער פון די הענט אַרויס. יאָסעלעס טאַטן גלוסט זיך אַ רב, מיינעם האָט זיך אַ קעלביקער דיין פאַרגלוסט, און מיר ביידע מוזן נעבעך זיין די כפרה-הינדלעך! אָט באַלד, באַלד איז שוין אַן עק פון אונז! אָט שטייען שוין די פיר דרוקעס! איך ווייס ניט, צו וואָס טויגן נאָך פיר, מיר דאַכט זיך, אַז מיט איין דרוק קען מען מיך אויך דערהרגענען. נאָר עס האָט אַ פּנים, אַז דאָס באַטייטן מיין שטיפמאַמע, די בייזע געוועזענע רביצין, מיין ליבן האַרצעדיקן חתן, דעם געשטאָפּטן למדן, מיין חנעוודיקן מחותן מיט דעם ווייסן לעטניק, מיין כשרע מחותנתטע, וואָס פאַרדריפּעט זיך ביז אין דער פינטע. אַ שיין געשלידער, כלעבן! סע גוט פאַר איין עין-הרע! אַנדערע האָבן גליק, עס שלעפּט זיך אַ שידוך עטלעכע יאָר, דערווייל קאָן מיט דער צייט אַלץ אַנדערש ווערן. אַז מע געווינט צייט, געווינט מען אַ סך! מיר האָט מען די האָפענונג אויך אַוועקגענומען. אַזאַ פאַרכאַפּעניש טרעפט זיך זעלטן. אַכט טעג, אַז די תנאים זיינען געווען הינטער מיינע אויגן. איך קאָן ניט קיין חתן, קיין מחותן און פּלוצלונג מיט אַמאָל גיי צו דער חופּה! נאַ דיר אַ מאַן אַ קאַנעוועער בחור! איך קאָן אים ניט, איך ווייס אים ניט, אַבי מע וועט מיך פירן מיט דער פּויק! און אַז מע וועט פאַרלייענען דעם דעקרעט, בין איך שוין פאַרפאַלן אויף אייביק! ניט אומזיסט פאַרהענגט מען אונז די אויגן, אַזוי טוט מען אַלע, וואָס מע פירט זיי די קעפּ אַראָפּנעמען... אָט דאָ זאָל מען זען אַ פאַרקערטע וועלט! מיין טאַטע מאַכט מיר חתונה. וועמעס חתונה, וועמעס שמחה איז עס? — מיינע! צום סוף איז עס פאַר מיר דאָס גרעסטע אומגליק! ווער פרייט זיך? — די מאַמעטשקע! זי וועט פטור ווערן דעם מאַנס בת-יחידה, וואָס איז אויף איר אַ מבין. און יאָסעלע, כאַ-כאַ-כאַ! און יאָסעלע נעמט דער מומעס בלינדע מויד! אַ גוטער שידוך פאַר אים, כלעבן!.. טאַקע פּונקט זיין אַ געבונדענער מענטש! וואָס קומט דיר אַרויס, וואָס דו האָסט אַ האַרץ וואָס פילט, אַז אַנדערע האָבן איבער דעם

צו שאַפן? מיט וועלכן חן, מיט וואָס פאַר איין נעפיל האָט ער מיר דאָס שיינע לידל געזונגען אקעגן, אים וועלדל ביים טייכל! — טרערן זענען אים אין די אויגן געשטאַנען! און מיר זענען די טרערן ניט געשטאַנען אין די אויגן, ניין, זיי האָבן זיך ריקעס־ווייז געגאָסן... אינמיטן וואַסער האָט עס זיי ווייט אַוועקגעטראָגן... און איך האָב געטראַכט ביי מיר: אַזוי ווי די טרערן וועלן זיך שוין ניט אומקערן, אַזוי קערן זיך אויך די יאָרן ניט אום. ביי די געדאַנקען האָב איך אָנגעהויבן צו ציטערן, אַ דראָשטש איז מיך באַפאַלן. און יאָסעלע האָט מיך ביי דער האַנט געכאַפּט, און האָט מיר דעם ערשטן קוש געטאָן. גאָט! ווי האָט מיך דער קוש דורך־און־דורכגענומען! ניין, גאָט אין הימל, דו קענסט אויף אַזוי אַ קוש ניט בייז זיין! אַזוי קושן זיך די מלאכים אים הימל, אַזוי קושט די זון די רויזן און די בלומען אין אַ שיינעם זומער־מאָרגן, אַז די ראָסע ציטערט אויף די בלעטלעך... אַזוי ווי די טרערן האָבן אויף מיינע באַקן געציטערט, אַזוי האָט אדם־הראשון חוהן דעם ערשטן קוש געגעבן, אַז גאָט אַליין, ניט דער רב, האָט זיי מסדר־קידושין געווען! מיין האַרץ האָט געפּילט און פּילט נאָך, נאָר דאָס מויל מוז שווייגן, אַזוי ווי אַ שעפּעלע, אַז מע שערט עס...

# צווייטער אויפטריט

## פריידעלע און יאָסעלע

**יאָסעלע** וואָס איז ביז אַהער געשטאַנען הינטער דער טיר און האָט אַלדינג געהערט, קומט פּלוצלונג אַריין אַז מע שערט די שאָף, ציטערן די לעמעלעך! דעריבער, פריידעניאָ, לאָז ציטערן דיין חתנדל לעמל, דו אָבער ציטער ניט און איך ציטער אויך ניט. דו ביסט נאָך לעת־עתּה מיט דיין חתן הינטער דער חופּה ניט געשטאַנען און אויך מיט מיין לַכֲּהניאָ אויך ניט, לאָזן זיך די מחותּנים דער־ווייל פרייען. דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט! זאָג מיר נאָר, פריידעניאָ, וואָס געפעלט דיר אַזוי ניט דיין חתן, דו האָסט דאָך אים גאָרניט געזען? אַדרבא, מיר דאַכט, אַז אין דעם נאָמען אַליין

קען מען זיך שוין פאַרליבן! לעמל! אַי־וויי, וואָס פאַר אַ זיסער נאָמען! זאָלסט נאָך וויסן, ווי אַזוי ער פּאַסט אים! וואָלט נאָר ניט געווען איין חסרון, וואָס דיין חתן קאָן אים נעבעך מיט זיין חָנעוו־דיקן מיילעכל ניט אויסריידן.

**פריידעלע** פּאַרוואָס? איז ער אפשר שטום. אָדער האָט אים דאָס לשון אָפּגענומען?

**יאָסעלע** ניין, שטום איז ער ניט, כאָטשע ער איז קיין גרויסער בעל־דבּרן אויך ניט. נאָר פּשוט, לעמל אויסצוריידן דאַרף מען דאָך גאַנץ נייטיק האָבן די נאָז. פּרוּוו־נאָר, אַמישנע, האַלט דיר צו די נאָז, וועסט זען, ווי דו וועסט ניט קאָנען זאָגן **לעמל** (ער גייט צו איר, נעמט זי ביי דער נאָז) אַנאָ, פריידעניאָ, זאָג, נאָר לעמל! (פריידעלע רייסט זיך ביי אים אויס, טוט אים אַ וואַרף די האַנט און שטעלט זיך ברוגז ביים פענסטער. יאָסעלע גייט צו, פאַרשטאָפּט זיך אַליין די נאָז און מאַכט ווי איין פאַנפאַטש **לעבל**! לאַכט.)

**פריידעלע** (קערט זיך צו אים מיט פאַרוויינטע אויגן) הערסטו דו, יאָסעלע, ווי איך זע, האָסטו עפּעס הנאה מיך צו בּושען. האָט דאָס ניט אַפּנים, ווי איך האָב מיר אויסגעקליבן דעם חתן, וואָס דו רייצסט זיך מיט מיר? דו ווייסט דאָך דעם אמת, אַז מיין ווילן אין דערביי ניט געווען, מע האָט מיר קיין דעה ניט געפרעגט. וואָס־זשע ווילסטו האָבן פון מיר און טראַכסט אויס אַזוינע זאַכן, וואָס זייען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן, אַבי מיר דאָס האַרץ אַרויס־צונעמען? קאָנסטו ניט וויסן, ווי מיט דער נאָז אַזוי אָן דער נאָז. ער מעג אַפילו פון מיינטוועגן זיין מיט פּופּצן נאָז? און מעג שיינען ווי די זון.

**יאָסעלע** (מיט פּופּצן נעז. טאַקע זייער שיין.)

**פריידעלע** (לאַכט מיט פאַרוויינטע אייגן) איך לאַך אַזש פאַר צָרות. נאָ, לאָז ער זיין מיט פּופּצן קעפּ אַפילו, וועט ער מיר שוין אויך ניט געפעלן!

**יאָסעלע** טאַ, צווישן פּופּצן קעפּ ווי געפינט זיך ניט כאָ־טשע איין רעכטע נאָז?

**פריידעלע** ווידער מיט דער נאָז, אָבער מיט דער נאָז!

יאָסעלע עס פאַרדריסט מיר נאָר, וואָס ער וועט נאָך האָבן צו איר אַ פּרעטענסיע.

פריידעלע וועלכע?

יאָסעלע באשר, אַז ער איז פאַר דיר אַ חתן געוואָרן, האָט מען אים אַזוי לאַנג ביי דער נאָז געצויגן, ביז מע האָט זי אים אַראָפּגעצויגן.

פריידעלע איך האָב דאָך דיר איינמאָל געזאָגט. אַז מיר איז קיין חילוק ניט, ווי מיט אַ נאָז, אַזוי אָן אַ נאָז.

יאָסעלע וואָס הייסט קיין חילוק ניט? דאָס אַרט דיך ניט, וואָס דו וועסט אים ניט קענען ביי דער נאָז אַרומפירן?

פריידעלע ניין כלעבן, איך וויל ניט אַזאַ מאַן, וואָס איך זאָל אים קענען ביי דער נאָז אַרומפירן. איך וויל אַזעלכן, וואָס זאָל מיך קענען פירן וואוהין ער וויל. נאַ, האָט מען מיר אָנגע־האַנגען אַ שלימזל, וואָס איך האָב מיך גאָרניט דערויף געריכט! גלויב מיר, עס גייט מיר ניט דרינען, וואָס ער איז שיין. ער זאָל אַפילו זיין דער ערשטער פאַרשוין אין דער וועלט, וואָלט ער מיר שוין אויך ניט געפעלן. מיר געפעלט נאָר איינער און ווייטער קיינער!

יאָסעלע איינער, קיינער — עס גראַמט זיך אַפילו, נאָר פונדעסטוועגן איז פּאָרט ביי דיר היינט די חופה צו מזל, האַ? און איך האָף צו גאָט, אַז ער וועט דיך אַפילו ניט שלעפּן, ויעסט אַליין גיין!

פריידעלע מיט פאַרדרוס אַזוי שוין גאָר? צום סוף ביסטו נאָך גערעכט? וואָס דען האָב איך פאַר אַ ברירה? אַז דו ביסט אַזאַ בריה מיט דער צונג, קענסטו לֶצן און ווערטלעך זאָגן! אַנאַ, וואו איז דיין וואָרט? דו האָסט מיר טויזנט מאָל געשוואָרן, אַז דו וועסט ניט דערלאָזן צו קיין אַנדער שידוך, וועסט אַלע ספּאָ־סאָבעס זוכן ביי מיין טאַטן אַ חָשוב צו ווערן און וועסט ניט טאָן קיין שידוך בשום אופן; צום סוף ביסטו דער ערשטער געווען, וואָס האָט אַ שידוך געטון!

יאָסעלע ניט איך, מיין פאָטער! נאָר איך האָב דאָך דיר לאַנג געזאָגט, אַז דו זאָלסט קיין כלה ניט ווערן, ווען נאָך אַלץ רעכט זיין.

פריידעלע גלייך ווי איך וואָלט עמעצן געבעטן מיט מיר אַ שידוך צו טאָן! נאָר הער־צו, יאָסעלע, ביסט אַ קלוגער יונג. דו מיינסט, ווייסט מיך פּאַרקרוטען, איך זאָל מיינען, איך בין שולדיק, ניט דו. וואָס ווער דיר אַרויסקומען, אז דו ווייסט מיך שוין נאָר אָפּנאַרן? האָסט אַ פּנים, נאָך די תנאים האָסטו מיר ניט הונדערט מאָל געשוואוירן, אז מיר וועלן ביידע חתונה האָבן?

יאָסעלע מן הכתם ביידע, וואָס דען מיינסטו, איך וועל, חלילה, פאַרזיצן? איך וויל אוודאי חתונה האָבן. אי דאָס נאָך היינט, כאָטשע מיט דיר אין איין טאָג! דו ווייסט, פריידעניאָ, אַז ביי מיר איז היינט הופה, צום מזל?

פריידעלע זייער דערשראָקן וואָס, מיט דער בלינדער קו? מיט דער יאַשטשערקע? מיט דער מומעס טאָכטערל? מיט דעם רבס זאָכערע? נאָ, און דו ווייסט גיין צו דער פאָכערע?

יאָסעלע זאָכערע, פאָכערע — גאַנץ וואויל, כלעבן! ווייסט, דו טויגסט זייער אַ גראַם־זאָגערין צו זיין. נאָר וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן, אָבער אונטער דער חופה בין איך נאָך ניט מיט איר געשטאַנען און דו מיט לעמלען אויך ניט?

פריידעלע ווי הייסט, היינט דאַרף [זן] ביידע חופות זיין, ביי מיר און ביי דיר! דו קענסט נאָך האָפן? עס איז נאָר צום לאַכן ווי דו ביסט ביי דיר אַזוי פאַרזיכערט! מיר דאַכט, אַז דו נאַרסט מיך, אָבער דו ווייסט דעם אמת. עס איז ניט מעגלעך!

יאָסעלע לאַכן דאַרף מען פון קיין זאַך ניט, מעגלעך איז אַלסדינג. איך האָב אַמאָל געהערט פון איין אַלטן יידן אַ לידל זינגען, האָב איך עס מיר אויפגעשריבן. איך וועל עס דיר אומיסטנע פירזינגען, עס איז זייער שיין. ער זינגט:

מען זעט אין דער וועלט אָפט זאַכן,
וואָס ברענגען נאָר צום לאַכן.

מיינע יונגע קינדער —
עס איז גאָר לויטער הינדער.

ווי קאָן מיט דעם דרך הטֶבע *),
למשל, יענע נקֵבה,
וואָס [איז] אינגאַנצן אַ שפּאַן,
חָשוב זיין ביי דעם מאַן?

און ער זאָגט דער גאַנצער וועלט,
אַז ניט צוליב איר געלט
האָט ער זי גענומען —
פון ליבע איז עס געקומען.

קינדער, איר זענט נאָך יינג **),
איר פאַרשטייט ניט אַזוינע זאַכן.
מעגלעך איז אַלסדינג,
מע דאַרף דערויס ניט לאַכן.

און יענץ ווייבל דאָרט
שווערט זיך אויף איר וואָרט,
אַז זי האָט ניט אין זינען קיינעם,
נאָר אים אַליין, נאָר איינעם!

עס געפינען זיך מענטשן כלעֶבן,
וואָס ווילן איר ניט גלייבן,
זיי האָבן זי געזען שטיפן, לאַכן,
מיט יונגע־לייט מחזָקות מאַכן —

און זאָגט דווקא ביין,
זי האָט אין זינען אים אַליין.

---

*) = הטֶבע
**) = יונג.

זי טוט זיך טאַקע אַ שפּיל אינמיטן דערין,
זי האָט פאַרט נאָר אים אין זין.

קינדער, איר זענט נאָך יונג,
מעגלעך איז אַלסדינג.
איר פאַרשטייט ניט אַזוינע זאַכן,
מע דאַרף דאַרויס ניט לאַכן

אָט גייט יענער דייטש געקליידט.
ער זיצט די פיס גאַנץ צעשפּרייט,
רעדט דייטש ווי אַ געבאָרענער ריס *),
ער איז אַ גרויסער מאַן געוויס.

ער שפּילט זיך מיט אימפּעריאַלן
מיט באַנקאָווע בילעטן,
ער איז אויף גוטן ווייַן אַ בעלן,
אויף ביפשטיק מיט קאָטלעטן.

הערט, ווי ער שרייט אויף אַ קול
צום איזוואָשציק פּאַשאָל. פּאַשאָל!
אָט איז ער ערשט פון מאָסקווע געקומען
און האָט אַ גרויסן פּאָדראַד גענומען.

מאָרגן לויפט ער קיין וואַרשע אַוועק
מיט סיגנאַציעס גאַנצע פּעק;
דאָרט וועט ער די וועלט איבערקערן,
נאָך אַ יאָר וועט ער אַ מילאָנטשיק ווערן.

נו, ווער קאָן דרינען מסופק זיין,
אַז דער מענטש איז וואויל און פיין.
נאָר גייט שמועסט מיט דער בייזער וועלט,
הערט, ווי מען פלוכט אים, מען שעלט.

*) = רוס.

מע זאָגט: ער איז אַ פּאָדלער יִינג,
ער איז ספּאָסאָבנע צו טאָן אַלסדינג:
גנבענען, ראַבעווען, פּערל אָפּרייסן,
עס איז אים שוין אַמאָל געקומען שמייסן.

טאַקע זיינעם אַ באַקאַנטן
האָב איך אַמאָל געהערט זאָגן,
אַז ער איז אַרומגעפאָרן מיט קאָמעדיאַנטן
און אַ קאַטערינקע אַרומגעטראָגן.

עס איז אַפילו ניט צו גלייבן,
אַ מענטש זאָל זיך פּלוצלים אויפהייבן.
וואו האָט ער גענומען די מטבע?
פון אַ קאַטערינטשיק — אַ מאָסצי דאָבראָדזעיע!

נאָר, קינדער, איר זענט נאָך יִינג,
איר פאַרשטייט ניט אַזוינע זאַכן.
מעגלעך איז אַלסדינג,
מען דאַרף דאַרויס ניט לאַכן.

און דאָרט גייט אַ ייד אַ געמיינער,
ער איז נעבעך הויט און ביינער,
דאָס פּנים נעבעך טויט
און אָן אַ שטיקעלע ברויט.

ווי עס איז, זאָגט איר, געמאָלט,
אַז דער זאָל פאַר הונגער שטאַרבן,
אָט האָט מען אים ערשט געצאָלט
טויזנט מזומנע קאָרבן!

האָט מיר ניט פאַריבל,
ועקס גראָשן פון דעם ריבל *)

*) = ריבל.

האָט ער ניט לאַנג גענומען,
וואו האָט ער דעם דלות באַקומען?

קינדער, איר זענט נאָך יינג,
איר פאַרשטייט ניט אַזוינע זאַכן.
מעגלעך איז אַלסדינג,
מען דאַרף דאַרויס ניט לאַכן.

דאָרט שטייט ווידער איינער,
ער האָט מער פלייש ווי ביינער,
ער איז פעט און דיק,
געפּאַשעט ווי אַ ביק.

און די גאַנצע וועלט ווייסט דאָך,
ער פאַסט צוויי מאָל אין דער וואָך,
פון זיין אייגן מויל האָב איך עס געהערט —
היינט קענט אַ וועלט און קלערט!

עס איז, דאַכט זיך, נאָר אַ געשעפעט,
פון תעניתים ווער ווערט פעט?
אַזוי הער איך אויך זאָגן.
איר קענט עס ניט פאַרטראָגן.

קינדער, איר זענט נאָך יינג,
איר פאַרשטייט ניט אַזוינע זאַכן.
מעגלעך איז אַלסדינג,
מען דאַרף דאַרויס ניט לאַכן.

און יענער, למשל, ווי געפעלט אייך.
ער איז אַוודאי זייער רייך.
דאָס איז דאָך דער גביר ר׳ מאָשקע.
ער פאָרט דאָך אויף אַ דראָשקע.

די פערד די קעפּ פאַרריסן,
דער קוטשער ווערט אויסגעריסן,
ער מוז פאַר אַלעמען זאָרגן
און אפילו האָבער באָרגן.

נאָר וועט איר׳ס גלייבן,
ער האָט ניט אַ גראָשן כּלעבן!
די פערד האָט ער באַקומען
אויף באָרג, ניט פאַר מזומן.

נאָר קינדער, איר זענט נאָך יינג,
איר פאַרשטייט ניט אַזוינע זאַכן.
מעגלעך איז אַלסדינג,
מען דאַרף דאַרויס ניט לאַכן.

דאָרט פליעסקעט איינער מיט די הענט
און שאָקלט זיך אַהין־אַהער,
רייסט זיך אויף די גלייכע ווענט
און ריטשעט ווי אַ בער.

ער בייגט זיך מודים ביז צו דער ערד
שפּרינגט קדוש ביז צום הימל,
שלאָפט ביז חצות אויף דער הוילער ערד,
און טוט שוין נאָך חצות ניט אַ דרימל.

ער קומט אַהיים נאָר פרייטאָג־צונאַכט,
און האָט היינטיקס יאָר צוויי בריתן געמאַכט,
ער האָט מקיים געווען זייער שיין
„אַף לַאֲמָתְךָ תַּעֲשֶׂה בֵּן“.

נאָר, קינדער, איר זענט נאָך יינג,
איר פאַרשטייט ניט אַזוינע זאַכן.
מעגלעך איז אַלסדינג,
מע דאַרף דאַרויס ניט לאַכן.

זעסטו, פריידעניאָ, פון דעם לידל קאָן אַלסדינג מעגלעך זיין. אַ מענטש דאַרף קיין מאָל ניט פאַרצאָגן. דאָס לידל האָט קיין נאָר ניט אויסגעטראַכט. איך האָב אויך אַ שטיקל דערצו צוגע־זעצט, דו מעגסט עס הערן ער זינגט:

דו ביסט לעמלס כַּלָה,
דאָס ווייסן מיר אַלע.
מיט אים אונטער דער חופה גיין
האָט דיך נאָך קיינער ניט געזען *).

ווילסט אפשר קשיות פרעגן, **)
וועל איך דיך אָן יעקב־אָבינו דערמאָנען:
מיט רָחלען איז ער זיך געגאַנגען לייגן,
מיט לֵאהן איז ער אויפגעשטאַנען.

סעקאָן זיך נאָך איבערדרייען,
ביז נאַכט איז נאָך ווייט,
מיר קענען נאָך זיין לייט.

נאָר, פריידעניאָ, ביסט נאָך יינג,
פאַרשטייסט ניט אַזוינע זאַכן.
מעגלעך איז אַלסדינג,
זאָלסט דאַרויס ניט לאַכן.

הער נאָר צו, פריידעניאָ, פאָלג מיר איין זאַך: האַלט מיך ניט פאַר קיין פלוט און וויל ניט וויסן פאַר דער צייט. פרעג מיך ניט איבער, נאָר פאָלג מיך און ראַטעווע זיך, דיין טאַטן ניט. דיין חתן וועט קומען פאַרהאַנגען ווי אַ כלה דאָס פנים מיט אַ דעקטוך, ווייל מע וועט ניט וועלן זאָלסט זען, אַז ער איז אָן אַ נאָז. וועסטו וועלן אָנהייבן לאַרימען, פילדערן און וועסט אים דווקא

*) = געזען.

**) = פרעגן.

וועלן זען, וועסטו גאָר קאַליע מאַכן: ממה־נפשך, האָסטו געשוויגן ביז אַהער, וואָס דו האָסט טאַקע געהאַט אַ פּראָווע צו זאָגן, אַז דו ווילסט ניט קיין כלה ווערן הינטער די אויגן, אַ מיידל, קיין עין־הרע, אין דיינע יאָרן און אַ יתומה אָן אַ מאַמע דאַרף זיך גאָרניט אַזוי שטאַרק שעמען, נאָר דו האָסט זיך שוין פריער געשוויגן, מאַך־זשע זיך ווייטער אויך ניט ווייסנדיק, וואָרעם אויספירן וועסטו דאָך שוין אַצינד אַוודאי ניט! וועט־זשע יאָ דער טאַטע מבייש זיין דעם צדיק, דעם קאַנצווער מורה־הוראה, איבער אַזאַ קלייניקייט, איבער אַ שטיקל נאָז און אים לאָזן מיט דעם טייערן בן־יחיד צוריקפאָרן? אַ חרפה, וואו שטייט עס געשריבן, וועט ער דיר זאָגן, אַז איטליכער ייד דאַרף האָבן אַ נאָז? וואָס איז, אָן אַ נאָז איז מען קיין ייד ניט? און אַז דו וועסט שוין גאָר די וועלט איינלייגן, וועט מען דאָך דיר ענטפערן, אַז מבייש זיין אַזאַ תכשיט קאָן מען ניט און ביי יידן פאַרבינדט מען זיך ניט אויף אייביק: דו האָב חתונה, און אַז ס׳וועט דיר דערנאָך ניט טויגן, וועסטו זיך אין אמת מיט אים גטן — גלייב מיר מע וועט דיר אַזוי זאָגן — פאָלג־זשע מיך בעסער און מאַך דיך גאָר ניט ווייסנדיק. שווייג גאָר שטיל, וועסט שוין זען, וואָס דאָ וועט זיך טון!

פריידעלע. וואָס וועט זיך טון, זאָג מיר אויך.

יאָסעלע. אָט דאָס איז דאָך געווען מיין ערשטע בקשה, אַז זאָלסט מיך ניט פרעגן.

אַלע נקבות, זעט אַ ווינדער,
אַלטע ווייבער, יונגע קינדער,
האָבן אַ ירושה פון דער באָבע חוה
תמיד נאָר צו זיין ציקאַווע.

וויל ניט באַלד וויסן, וואָס איך האָב אָפּגעלייגט אויף שפּעטער; אויף דעם ערגסטן פאַל בלייבט דאָך דיר איבער די ברירה זיך דערנאָך צו גטן!

פריידעלע. מיינע שונאים זאָלן מיר אַזוינע ברירות האָבן! נאָר וויסן וואָלט איך געוואָלט, ווי אַזוי וועט מען זיך ניט שעמען צו ברענגען אַ חתן מיט אַ דעקטון?

יאָסעלע. זעסטו. אַ מלאכה אַ תירוץ! מע וועט זאָגן, ער איז עפּעס געפאַלן אויף די אויגן.

פריידעלע. יאָ, ער איז געפאַלן אויף די אויגן און האָט זיך צעשלאָגן די נאָז! וויי איז מיין לעבן, אַלץ איבערן פינסטערן יחוס, אַלץ איבער דער מומע, וואָס וואָלט געוואָלט האָבן אַ סך רבנים אין דער משפחה! עס קאָן איר נאָך אַלץ דער סמאַרקאַטע רב ניט אַרויס פון דעם קאָפּ!

יאָסעלע. איך האָב הנאה, פריידעלע, דו האָסט איינע געדאַנקען מיט מיר: איך קאָן אויך ניט ליידן דעם יחוס. זיי טיילן זיך זייער פיל צו, און כלעבן, אומזיסט! וואָרעם אין דער אמת, ווער הייסט ביי אונז, אומשטיינס געזאָגט, אַ מיוחס? אַ פּאַר-כאַוואַטע חסידל, אַבי עפּעס דעם רוחס אַן אייניקל, אַ שלים-שלימזולניק, אַ נאַכליע, אַ באַנק-קוועטשער! זעסטו, אין דייטש-לאַנד זענען די טאַקע אמתע מיוחסים, ראַפּאָפּאָרט, הורוויץ, לאַנדאָ און נאָך אַזעלכע גלייכן! דער קומט אַרויס פון דעם „פני יהושע", דער פון דעם פראַנקפורט-דמאַינער רב, זיי זענען טאַקע לומדים און גרויסע חכמים, געלערנטע, שיינע ריינע לייט! די היגע שקראַבעס אָבער זענען נאָר אומזיסט און אומנישט מיוחסים! דעריבער האָב איך אַמאָל געשריבן אַ לידל, וואָס געבען אַלע יידישע מיידלעך מעגן עס הערן, עס געהערט, נעבעך, צו זייער ביטער הארץ און צו דיינעם אויך. הער נאָר צו די גרויסע מלוכות, וואָס מען האָט פון דעם יוחס [יחוס]:



רַבָּנים, דַיָּנים,
אביונים, קַבְּצָנים,
מלַמדים, שַמָשים
זענען אויך מיוחָסים.

די הענגט מען אָן ווייבלעך
ווי די שיינע טייבלעך.
וואו ערגעץ אַ מיידל
שיין און איידל —
באַקומט אויף איר הלק
אַזאַ זיסע מתנה.
ווייל ער איז הייליק
און דאַוונט מיט כוונה.
אין דעם חסידישן קלייזל
ליגט ער ווי אַ מייזל
ימים ושָנים
פאַרכמאַרעט און פויל,
פאַרקרימט דאָס פנים
און מאַכט מיטן מויל.
ער טרינקט יאָרצייט און תיקון,
עסט רעטשענע קיכלעך
און שרייט: עס איז מסיכן *)
אַריינצוקוקן אין די ביכלעך,
שעלט יונגעלייט,
וואָס לערנען לשונות,
וואָס פאַרברענגען צייט
מיט שרייבן און חשבונות.
דאָס ווייב אין דער היים
באַוויינט נעבעך איר לעבן,
וואָס מע האָט איר דעם
פאַר איין מאַן געגעבן.
אַ פאַרך, אַ נאַכליע,
אַ ליידאַק, אַ שיכור,
וואָס הערט ער זי —
ער איז נאָר דער עיקר.

*) = מסוכן.

זי מוז קאָכן און באַקן,
האָלץ אַליין האַקן
און מוז אַרויסלויפן
צאָלדינג איינקויפן,
ניאַנטשען די קינדער,
איטלעכן באַזונדער:

דאָס שלאָפן לייגן,
דעם געבן זייגן,
דעם עסן געבן,
דאָס אַרויספירן,
דאָס אויף די הענט הייבן,
דעם דען פאַרך שמירן,
דאָס הייטע טראָגן,
יענץ אויסצוואָגן —
אויף איר ליגט גאָר,
און אַ ברית אַלע יאָר.

ער גלעט זיך די באָרד
און איז תמיד מיד,
טרינקט בראָנפן מיט אַ קוואָרט
און איז אַ שיינער ייד.
אָט זענען די מלוכות
וואָס מע האָט פון דעם יוחס ניחוס.

פרײדעלע דערזעט דעם פאַטער אַנקומען און זאָגט צו יאָסעלען דער טאַטע גייט אַהער. גיי גיכער אַוועק! דו ווייסט דאָך, אַז ער וויל ניט ליידן. איך וועל שוין האָבן דעם גוטן פסק!

יאָסעלע צו פריידעלען זאָג, אַז איך האָב דאָ געזוכט דיין שטיפמאַמע, מיין מהותנתטע. זיי ספּאָקאָינע, עס איז נאָך ווייט ביז צו נאַכט ער גייט אַוועק דורך איין טיר.

# דריטער אויפטריט

## פריידעלע און ר׳ צלאל

**ר׳ צלאל** מיט א ברייטער בארד, די פּאָלעס פארשטעקט, קומט אן דורך דער אנדערער טיר, טראָגט א פּאָסטעוועץ ביר. ווער איז דאָ געווען? עמעצער איז ערשט ארויסגעגאַנגען פון דאַנען, דאַכט זיך, יאָסעלע דעם נאמנס, דעם רבס תכשיטדיקער חתן, דער שייגער בראַנצוויז! וואָס האָט ער דאָ געדאַרפט? מיר דאַכט, איך האָב דיר שוין אַ פּאָר מאָל געזאָגט, אַז עס שטייט דיר ניט אָן מיט אים צו ריידן, ווערליג וואָס פאַראַ מחותן דו האָסט און צו וואָס פאַר אַ חתן דו קומסט אָן. וואָס וואַלאַטשעט ער זיך נאָך דיר, ער איז עפּעס דיין גלייכן, האַ?

**פריידעלע** וואָס כאַפּסטו דיך אָן? פּלוצים גאָר איז ער געקומען צו מיר. ער האָט מיך אפילו ניט אין זינען, ער האָט געדאַרפט די מומע. עס איז דאָך היינט ביי אים די חופה, האָט ער עפּעס געדאַרפט האָבן די מחותנתטע.

**ר׳ צלאל** פּשיטא! די מחותנתטע גייט גאָר אויס נאָך אים! זיין מערכה איז זיין שטיקל גליק, וואָס זיין כלה איז בלינד אויף איין אויג; ווען ניט, וואָלט ער ניט דערלעבט מיין ווייבס איידים צו זיין, דער מהייעשהניק! פריידעלען שטייען טרערן אין די אויגן זאָג נאָר, פריידעלע, עפּעס דאַכט זיך מיר, האָסטו געוויינט אָדער דו ווילסט ערשט וויינען? עס מוז דיר אוודאי זיין שווער דער תענית? ער שטעלט אנידער דעם פּאָסטעוועץ ביר ביי דער שוועל און גייט צו נעענטער צו איר אָט, כלעבן, איך וואָלט דיר געהייסן אָנבייסן. נאָך וואָס זאָלסטו פאַסטן, אַז דו קאָנסט ניט, עס איז דען עפּעס אַ געבאָטענער תענית? די מאַמע, דיר אויף לאַנגע יאָר, איז אויך עפּעס צו דער חופּה ניט געזונט געווען און האָט געוויינט, האָט מען איר אויך ניט געהייסן פאַסטן.

**פריידעלע** פאַרשטייט זיך, צו וואָס נוצט דאָס פאַסטן? דעם גוטן זיווג האָב איך מיר שוין לאַנג אויסגעבעטן.

ר׳ צלאל אָך איז מיר! ווידער דער זיווג, אָבער דער זיווג! איז דיין חָתן אפשר אַ קאַרגער מיוחס, אַ קאַרגער למדן, האַ? ווייסטו, אַז ער שאַלעט שוין פּאַסקעס. אָדער ווי אַזוי זאָגט מען: ער פּאַסעט שאלות? רבונו־של־עולם, איך ווייס ניט, וואָס דעם מיידל איז געשען זינט זי איז אַ כלה געוואָרן? וואָס איז, ווילסט פּאַרזיצן? דו ווייסט, אַז דו ביסט שוין געוואָרן זעכצן יאָר, ביז הונדערט יאָר? דיין מאַמע, זאָל זיך מיען, האָט שוין אין דיינע יאָרן צוויי קינדער געהאַט!

פּריידעלע זייער וואויל. איז זי אין אַכטן יונג גע־שטאָרבן!

ר׳ צלאל פּשיטא, אַוודאי! אײַבער דעם איז זי טאַקע געשטאָרבן! עס האָט אַ פּנים, מע ווייסט ניט, פון וואָס איר טויט איז געקומען? די אַלטע מילגערין האָט איר אײַער אין וואַקס געגאָסן און האָט געזאָגט, אַז עס איז געקומען פון אַ דערשרע־קעניש. נאָר איך שמועס ניט דערפון, איך בין דרויף ניט אויסן. איך זאָג עס נאָר אקעגן דעם, ווי דו קענסט אַזוי זיצן סמוטנע אין דעם טאָג, וואָס דו ווערסט אַזוי גליקלעך! דו ווייסט גאָרניט, ווי אַלע ווייבלעך העלן דיר מקנא זיין, אַז דיין מאַן וועט זיצן אײַבער די גרויסע ספרים ווי אַ רב, ניט אַזוי ווי יאָסעלע דעם נאָמָנס, וואָס טראָגט אַלץ אַרום די קליינע ביכלעך אין די קע־שענעס! אומשטיינס געזאָגט, אַלץ דער פינסטערער דור, וואָס איז אַרויסגעקומען! אין מיינע יאָרן פלעגט צו זיין אַ סידור אַזוי גראָב און דיק, אַז ס׳איז געווען אויף אים אַ תענוג אַ קוק צו טאָן! און פלעגט צו זיין מיט הילצערנע טאָוולען און מעשענע האַקעס, און ס׳איז אין אים געשטאַנען פון פויגלמילך! אָבער היינטיקע סידורימלעך זענען קיי און שפּיי! אומשטיינס געזאָגט, מיינע שונאים זאָלן זיך מיטן רוח צעטיילן מיט דעם, וואָס דאָרט שטייט! עטלעכע פיצלעך זמירות פון פרייטאָג־צו־נאַכט און שבת פּ״ין! אַ פּריץ זאָל היינט אַ יידן צו טויט הרגענען, ער זאָל אים זינגען מה־יפית, וועט ער ניט קענען, ווייל סע שטייט ניט אין סידור! ווער שמועסט פון שבת־צו־נאַכט — שטייט גאָר אַ מכה! אַ האַלבער ויתן לך, אַ קורצער לאַנג־והוא־רחום, קיין כפרות, קיין הושענות, קיין

הגדה, קיין יוצרות — ווייס איך, פאַרוואָס מע רופט עס סידור? ווייל סע שטייט אין דעם דאָס פּיצל דאַוונען, אויף שטייגער און אויף בײנער געזאָגט?! און אַזוי ווי מיט די סידורים אַזוי איז מיט אַלע ספרים! פּאַרצייטן פלעגן זיין אַלע ספרים אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן ניט געקענט אין שאַפֿ אַריין! בײַ מיין מאַמען, עליה־השלום, איז געווען, אָט ווי היינט געדענק איך, עפּעס אַ ספר מחלת צבי, איז ער געווען לענגער נאָך ווי מיין רייטער! היינטי־קע ספּרימלעך טראָגט מען אַרום אין די קעשענעס — ווי קאָן זיין נוץ אויף דער וועלט? ווי קאָן משיח קומען? נאָר לאָמיר צוריק שמועסן: ווער זשע נאָך טראָגט זיי אַרום, ווער נאָך קוקט אין זיי אַריין? נאָך עפּעס אַ שלימזל ווי יאָסעלע דעם נאַבנס! אין אמת, הלוואי ער זאָל יידישקייט אויסהאַלטן! וואָס, איך האָב אפשר ניט געהערט מיט מיינע אייגענע אויערן, ווי ער האָט אַנומלטן גע־זאָגט, אַז ס׳איז גאָר ניטאָ קיין לץ און קיין ניט־גוטע׳, ניט מיט מיין מויל גערעדט? און האָט נאָך דערצו חווק געמאַכט פון אַיין עין־הרע־אָפּשפּרעכן און פון וואַקס ניסן? — הכלל, ער האַלט גאָר די יידישע נאמנה פאַר גרינג. איך זאָג טאַקע מיינס, זיין גליק איז עפּעס זייער גרויס אין הימל, וואָס מיין ווייבס טאָכטער איז בלינד אויף איין אויג, און דערצו אַ בייזע גרינע יאַשטשירקע. ווען ניט, וואָלט ער אַוודאי ניט דערלעבט זי פאַר אַ כלה צו האָבן! איך וואָלט מיין ווייב דערצו ניט דערלאָזט!

פּ ר י י ד ע ל ע  טאַ, אַוודאי גרויס גליק! וואָס וואָלט ער געטאָן, אַז זי זאָל זיין בלינד אויף ביידע אויגן אָדער גאָר אָן אַ נאָז, ווי אַנדערע?

י אָ ס ע ל ע  ווייזט זיך אויף דער טיר בײַ די הערטער און זאָגט צו פריידעלען שטילערהייט, ווי אַ פּאָנפּאָטש אַזוי ווי לעבל! ער דערזעט דעם פּאָסטעווען ביר, בייגט זיך אָן און טרינקט, אינמיטן דערשרעקט ער זיך און קערט איבער דעם פּאָסטעווען.

ר׳ צ ל א ל  דערהערט, קוקט זיך אום, דערזעט דעם ליאָפּ און גיט אַ געשריי ווער איז דאָרט, צו אַלדע שוואַרצע יאָר?! יאָסעלע אַנטלויפט. ר׳ צלאל אים נאָך.

# פערטער אויפטריט

פריידעלע אליין.

נאַ, אים איז נאָך היינט אין זין בלאָזנען, און איך ווער אַליין אָקערשט ניט משוגע פאַר צרות! דער מלאך-המות, זאָגט מען, האָט הונדערט אויגן, מן הסתּם האָט ער דאָך אויך פּופּציק נעז, צום סוף האָט יאָסעלעס מלאך-המות נאָר איין אויג, און מיינער אַפילו ניט אַ האַלבע נאָז! דער טאַטע האָט מיר אַ ביסל אַ צעטל פון תענוגים אַנידערגעלייגט! איך וועל עס מיך אַ ביסל שמעלצן, אַז ער וועט רעדן איבער די גרויסע ספרים, אַליכטיקן גן-עדן זאָל ער האָבן, רבונו-של-עולם! אי דאָס — טאַקע באַלד! אַז ער קאָן יאָ, ווי דער טאַטע זאָגט, פּאַסען שאלות, צי חיירים, וואָלט איך אים אַ בעלן געווען פרעגן אַ שאלה, צי ער וואָלט געוואָלט אַ כלה אָן אַ נאָז? מיך, מע זאָל פרעגן, אַזוי ווי איך בין ניט קיין רב און ניט קיין רביצין, וואָלט איך געפּסקעט, אַז אַ חתן אָן אַ נאָז איז פּונקט ווי איין טרייפער מעסער: מע דאַרף אים אַריינשטעקן אין דער ערד!

# פינפטער אויפטריט

פריידעלע און יאָסעלע

**יאָסעלע** קומט אַן פון דער אַנדער זייט, קוקט איר אַריבער איבער די פּלייצעס. אַזוי, לעבלען מיינסטו אין דער ערד אַריין צו שטעקן? אַ עבירה, ער זאָל גיין אַליין, עס וועט אים סקוטשנע זיין. איך האָב פון זיינטוועגן אַ גוטן זיווג. וואָס מיינסטו, כלעבן, דאָס וואָלט יאָ אַ גלייכער שידוך געווען, ער וועט ביי איר זיין איין אויג אין קאָפּ! די נעז וועלן זיי זיך איינס דאָס אַנדערע ניט אָפּרייסן, וויניקסטנס — זי אים ניט, און פאַר אַ נויט קאָן ער זי גאָר גיך פּטור ווערן, זי דאַרף נאָר איין אויג צומאַכן!

פריידעלע יאָ, ווי אַזוי וועט זי אָבער קענען זיינער פּטור ווערן? אַפילו נאָך דעם טויט קאָן מען דאָך אַזאַ צרה אויך ניט פּטור ווערן! ווי אַזוי קאָן מען וויסן, אויב ער איז געשטאָרבן, מען קאָן דאָך אים ניט לייגן קיין פּעדער אויף דער נאָז?

יאָסעלע וועט ער אמת מוזן ליגן דריי טעג. אַקעגן זעכטו ניט, פריידעניאָ, זיינע גילדערנע מעלות: ער שטעקט ניט אַריין די נאָז אומעדום, ער דאַרף קיין טאַבאַק ניט, קיין בשמים שבת־צונאַכטס צו דער הבדלה, אַ כשרע מציאה פאַר אַ ווייבל, כלעבן! אַ האַלבע הוצאה! אַ בריל אויף דער עלטער וועט ער אויך פאַרשפּאָרן.

פריידעלע זעסטו, דערכאַר, וואָס דו ביסט אַזוי גוט און רעכנסט מיר אויס מיין חתנס מעלות, וועל איך דיר דיין כלהס מעלות אויך רעכענען. פאַרגעס ניט, ווי פרום זי איז, זי קוקט ניט אויף איין מאַנסביל מיט ביידע אויגן; מאַכט דער מאַן אַ פעלער, קוקט זי אויף דעם פעלער נאָר מיט איין אויג.

יאָסעלע זי שטייט אין דאַווענען אויך דערמאַנט: ועל הארץ מתחת איין אויג!

פריידעלע לאַכט אַז מיר האַלטן שוין יאָ ביי עלינו, מעג מען שוין אויסשפּייען זי שפּייט אויס ימח שמו וזכרו! גענוג, לאָמיר זיי אַוועקוואַרפן! זאָג מיר בעסער, ווי האָסטו זיך אויסגע־דרייט פון דעם טאַטן, וואָס איז דיר נאָכגעלאָפן? ער איז אָן דעם אויף דיר געווען בייז.

יאָסעלע צום שידוך וועט עס מיר ניט שאַדטן. דער טאַטע האָט מיך ניט געקריגן, ער זוכט מיך נאָך אויף דעם בוידעם. ער האָט געזען, ווי איך בין אַרויפגעלאָפן דורך דעם הויז אויף דעם בוידעם, ער האָט אָבער ניט געזען, ווי איך בין טאַקע זאַראַז פון דער אַנדערער זייט אַראָפּ! נישקשה, לאָז ער דערווייל זוכן, געפינען וועט ער מיך אָבער ווען ער וועט זיך שוין גאָר אויף מיר ניט ריכטן. זיי נאָר ציערפּליווע, וועסטו עפּעס זען שיינס, אויב עס וועט מיר נאָר געראָטן. איך סטראָיע אַזעלכעס, וואָס זאָל זיין לעמעלען ווי צעמעריצע אין דער נאָז,

און מיין כלה ווי אַ דאָרן אין אויג. זיי מיר דערוויייל געזונט! צום ווידערזען! ער ווייזט איר פון דערווייטן אַ קוש און לויפט ארויס.

# זעקסטער אויפטריט

אין דרויסן פאַר דעם טויער.

**יאָסעלע** און **עזריאל** דער משרת. **עזריאל** זעצט זיך אויף רייטנדיק אויף אַ פערד.

**יאָסעלע** עזריאל, עזריאל, וואוהין פאָרסטו'ס?

**עזריאל** מיט אַ משונה־גראָבע קול איך פאָר אָקעגן דעם חתן מיט די מחותנים.

**יאָסעלע** שטייט אַ ביסל פאַרטראַכט, דערנאָך זאָגט ער צו עזריאלן גוט. הער נאָר צו, עזריאל, איך האָב דיר עפּעס צו בעטן, איך פאַרלאַנג ניט אומזיסט, דו ווייסט דאָך, אַז איך בין תמיד אַ גוטער ברודער בשעת ער זאָגט עס, שטעקט ער עזריאלן אין דער האַנט אַריין אַ האַלבע קערבל.

**עזריאל** מאַכט צו די האַנט, ער האָט נאָך ניט געזען, וואָס ער האָט אים אַריינגעלייגט אַזאַ יאָר זאָל איך האָבן, ווי האָניק איז זיס, אויב יאָסעלע איז אַ גוטער ברודער! אוי, אוי, אוי, דער באַלעבאָס זאָל בעסער מיין שכל האָבן! אוי, אוי, אוי! ווי זאָגט מען עפּעס: איין אָקס האָט אַ לאַנגן שווץ! ווייס איך, וואָס טויג פריידעלען דאָס יראת־שמים־פּנימל? דאָס איבעריקע טאָר מען ניט אויסזאָגן. דער באַלעבאָס מיר געזאָגט אויף די תנאים: עזריאל, שווייג! עזריאל שווייגט. אָבער עזריאל טראַכט זיך ביי זיך: געשוויגן הייסט גערעדט! אַ בער האָט קיין ווידל ניט, און פריידעלעס חתן האָט קיין נאָז ניט, ניט מיט מיין מויל גערעדט! לאָז אַרוח אין זיין טאַטן אַריין!

**יאָסעלע** דאָס גייט מיך ניט אָן. איך וויל דיך עפּעס בעטן. דו ווייסט, אַז ביי מיר איז אויך היינט די חופּה און עס איז מער ניטאָ, ווי איינערליי קלעזמער, וועט דאָ ווערן אַ גאַנצע

מישענינע, דער וועט שלעפן אהער די קלעזמער, דער אהין, דעריבער טו מיר צוליב אַ קלייניקייט: דו פאָרסט אקעגן די מחותנים, פאַרהאַלט זיי דאָרט אַ ביסל, בלאָנדזע קלאָמערשט אַ ביסל אין וואַלד! זיי ווייסן דאָך דעם וועג ניט. ערשט פאַרנאַכט, אַז עס וועט שוין אָנהייבן פינסטער צו ווערן, וועסטו זיי אַרויספירן כונם וועלדל אויפן טראַקט — דערווייל וועל איך איבערקומען מיין חופה! מאָרגן באַקומסטו ביי מיר אַ כתנה, אַבי וועסט עס נאָר גוט מאַכן!

עזריאל האָט דערווייל געזען דאָס האַלבע קערבל, באַשפּייט עס און לייגט אריין אין דער קעשענע, זאָגט שטילערהייט צו זיך אליין אַזוי ווי איך ווייס ניט פאַרוואָס, אַזוי זאָל עס מיר ניט שאַדטן! הויך צו יאָסעלען אוי, אוי, אוי, וועל איך זיי אַרומפירן, ווי איין אָפּיר! וועט פריידעלע אַ ביסל שפּעטער האַנדלען די כשרע מציאה!

יאָסעלע לאַכט וואָס וועט דערווייל לעמל טאָן?

עזריאל לעבל לאָז דערווייל מאַכן מע!

יאָסעלע מאַכט ווי אַ פאָנפאַטש ניין, בע! ער גייט אַוועק.

# זיבעטער אויפטריט

עזריאל אליין

ער וועצט זיך צורעכט אויף דעם פערד

עזריאל אַ רוח אין איין נאַר! ער קלאַפּט זיך אין שטערן אוי, עזריאל, ביסט אַ קלוגער יונג! אָט דאָס קעפּל זאָל געווען לערנען אין די קליינע אותיות, וואָלט ער געקענט זאָגן אַ בלאַט גמרא מיט אַ תוספותל אָן אַ פּאָפּאַס! יאָסעלע וויל דאָ עפּעס סטראָיען אַ פיגלע; נאָר מיר אַ שיינע כפרה, אַז ער וועט גאָר אַוועקלאַטכען די יאָלדוווקע! קיין אדון עולם וועט שוין דאַכט מיר לעמל בלויז ניט דאַרפן זאָגן. דערווייל האָט מיין עזריאל אַרצפּגערוקט אַפּיור- בערל, דעם טאַטנס ירושה האָב איך דאָ ניט צוגעלייגט! דאַכט

זיך, מאָרגן וועל איך נאָך באַקומען בירגעלט פאַר דעם, וואָס איך וועל מיך אַ ביסל אָנפּאָרקען מיט די מחותנים. אפילו אַן עבירה, פריידעלע זאָל דערווייל פאַסטן, נאָר ווער הייסט איר זיין אַ נאַר? לאָז זי עפּעס געבן יאָסלען, וועט זי זיך אויסלייזן, וועט זי דערווייל מעגן אָנבייסן. און ווייטער, אַ יידישע נשמה קאָן מען ניט שאַצן, אפשר איז זי טאַקע ביים גאַנצן שכל? עוריאל, שווייג, ביסט אַ קלוגער יונג! איך וועל דערווייל אַ שפּרונג טון צו מיין כייצען קיין יאַרמילעווקע. אַ פיוובערל איז דאָ, אַ זעץ אין דער משקה מיט אַ שטיק פיש! וויאָ! ער פאָרט אוועק.

# צווייטער אַקט

## אין שטעטל ביי ר׳ יחזקאל דעם נאמן

בּאַלד ווי מען עפנט די טיר שטייט אַ לאַנגער טיש; אויבּנאָן זיצט דער חתן יאָסעלע אָנגעטאָן אין דעם שטריימל, דער קיטל ליגט פאַר אים אויף דעם טיש. נעבּן חתן בּיי דער רעכטער זייט זיצט דער מחותּן, דער רב פון שטעטל, בּיי דער לינקער זייט ר׳ יחזקאל דער נאמן, דעם חתנס פאָטער. נעבּן דעם רב זיצט ר׳ פּנחסל בעלי־שם, דעם רבס קרוב, וואָס איז געקומען אויף דער חתונה. ארום טיש זיצט דער איבעריקער עולם; אַלע וואַרטן אויף די קלעזמער צו באַזעצן דעם חתן און צו פירן צו דער חופּה.

## ערשטער אויפטריט

**דער רב** האַלט מיט ר׳ פּנחסלען אינמיטן שמועס, קערט זיך אינמיטן אום צום מחותּן **האָט שוין דער חתן געדאַוונט מ־מנחה?**

**ר׳ יחזקאל** יאָ. עס וואָלט אַפילו רעכט געווען, אַז מע זאָל שוין גיין צו דער חופּה, ס׳איז נעבעך דעם חתן שווער דער תּענית! ניט אַזוי דאָס עסן, ווי דער טרונק, עס איז היינט אַ הייסער טאָג דער רב פאַרשמועסט זיך ווידער מיטן בּעל־שם און הערט ניט, וואָס דער מחותּן רעדט. יאָסעלע זיצט, פאַרשטעלט די אויגן מיט אַ רויטער פאַטשיילע, זאָגט צו זיך אַליין.

**יאָסעלע** יאָ, דער טרונק... איך האָב גאָר אַ האַלבּן פּאָסטעוועץ בּיר אויסגעטרונקען... ר׳ צלאל זאָל געווען שכל האָבּן און זאָל געווען נאָך כאָטש אַ פּאָר בּולקעס אויך לייגן אויף דער שוועל!..

ר׳ יחזקאל יאָסעלע, וואָס שמועסטו עפּעס צו זיך אַליין?

יאָסעלע איך זאָג על־חטא! קלאַמערשט אַ ביסל העכער על חטא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּמַאֲכָל... ער פאַרכאַפּט זיך ובמשתה! שטילערהייט בפאָסטעווען ביר!..

ר׳ יחזקאל צו וואָס איז נאָך אַמאָל? דו האָסט דאָך שוין געזאָגט על חטא אין דער שמונה־עשרה!

יאָסעלע טאַ, על־חטא מעג מען זאָגן, דאַכט זיך, עטלעכע מאָל, וואָרעם וויפיל מאָל מע וועט זאָגן, וועט אַלץ זיין ווייניקער, ווי מע טוט די חטאים. מער מע זאָגט, מער דערמאַנט מען זיך.

ר׳ יחזקאל מַהֲכִי תֵּיתֵי, מיין קינד! איך וועל דיך שוין מער ניט פרעגן. אַוודאי איז רעכט אַצינד מהרהר בתשובה זיין

יאָסעלע אַוודאי איז גלייכער אַ הירהור תשובה איידער אַ הירהור פון מיין כלה. דער רב מיטן בעל־שם, וואָס האָבן ביז אַהער גאַנץ שטיל צווישן זיך געשמועסט, הייבן אַלע מאָל אָן העכער צו שמועסן. דער עולם הייבט אָן זיך צוצוהערן, ר׳ יחזקאל מיט יאָסעלען דרייען זיך אום צו זיי.

דער רב צום בעל־שם אַ־אַזוי! איז טאַקע אמת ווי־וואָס ר׳ זיינוויל דער מגידקעס האָט מיר דערציילט פונעם דיבוק? ער האָט אים טאַקע אַרויסגעטריבן?

בעל־שם פשיטא! עס זענען דאָך דערביי געוועזן אַ גאַנץ עדה קדושה: ר׳ אלעזר סגינָהור, ר׳ שמעיה כייקעס, ר׳ געדעלע מעט־שענקער, וועלוועלע חזיד, ר׳ קלמן קנאַקער, הערשקע דער שוחטקעס און טאַקע ר׳ זיינוויל דער מגידקעס אַליין! איך וועל אייך דערציילן כסדר, ווי אַזוי די מעשה איז געווען.

דער רב יאָ, כ׳האָב טאַקע געוואָלט הערן פון אייער אייגן מויל.

בעל־שם עס איז געקומען אַ יידענע פון גאַנץ ווייט, וואָס האָט געהאַט אין זיך איין דיבוק, רַחֲמָנָא־לִיצְלָן, און דערפון באַקומט זי אָפט די שלעכטע זאַך... ער שפּייט אויס. דער גאַנצער עולם טוט אים נאָך. איידער זי פאַלט, קומט זי אין גרויס כעס אַריין, עס

הייסט, ניט זי, נאָר דער דיבוק, רחמנא־לצלן! זי שלאָגט, עס הייסט, ניט זי, דער דיבוק, רחמנא־ליצלן, שלאָגט, ווער עס קומט איר, אים מיין איך, דעם דיבוק, רחמנא ליצלן, אונטער די הענט. מילא, זי איז שוין אויסגעווען די גאַנצע וועלט, ביי אַלע גוטע־יידן, ביי אַלע בעלי־שמות! זי איז שוין געווען ביי דעם האָליד־ריסקער, ביי דעם פעטשיכוואָסטער, ביי שמאַקיווקער, זאָל לעבן — הכלל, וואו די וועלט האָט איין עק! און, להבדיל, ביי אַלע טאָ־טערן, ביי אַלע בעלי־שדים, ניט אַקעגן נאַכט געדאַכט! ער מאַכט אַ משוגענע מינע און טוט אַ בלאָז ארום און ארום. דער עולם דערשרעקט זיך עס האָט איר אָבער קיינער ניט געקאָנט העלפן. עס איז געווען עפּעס אַזאַ איינגעשפּאַרטער דיבוק, רחמנא־ליצלן, וואָס האָט קיי־נעם ניט געוואָלט פאָלגן. בקיצור, מע האָט זי געבראַכט צו מיר, קיין לאַדיזשין. ווי מע האָט זי נאָר אַריינגעבראַכט צו מיר קיין לאַדיזשין, ווי מע האָט זי נאָר אריינגעבראַכט צו מיר אין שטוב אריין, האָב איך תיכף געזאָגט די השבעה, וואָס איך האָב בקבלה פונם פעטער ר׳ יחיאל ז״ל. געדענקט איר, דאַשעווער רבי־סער־צע, אַז מיר האָבן ביידע געלערנט ביים פעטער ר׳ יחיאל ז״ל, ער האָט זיך אַמאָל אַרויסגעכאַפּט אום שמיני־עצרת, בשעת ער איז געווען זייער פריילעך און האָט אונז ביידע געזאָגט דעם סוד פונם שם? ער ראָמט איין עפּעס דעם רב שטילערהייט.

דער רב ש־שוין רעכט, כ־כהאָב מ־מיך ש־שוין ד־דער־מאַנט!

בעל־שם מיר האָט ער אָבער נאָך אַ סך אַזוינע שמות מגלה געווען, וואָס מע קאָן מיט זיי טאַקע פּשוט די וועלט איבער־קערן: למשל, דעם שם, וואָס קין האָט איינגעראָמט הבלען, און ער איז דורך דעם נהרג געוואָרן — דאָס קומט צוניץ, אַז מע וויל איין אַפּיקורס פּטור ווערן, אָדער עפּעס איין אַנדער מין רשע; ווידער, למשל, דעם שם, וואָס עקרות ווערן נפקד — דאָס איז דער שם, וואָס יהודה האָט איינגעראָמט תמרן, און נאָך אַזוינע כמה וכמה כוונות נפלאים, וואָס די האָר שטעלן זיך קאַפּויר! וואָרעם ער פלעגט תמיד צו זאָגן, זכרונו לברכה: מיין פּיניעס בשמה, דאָס

האָט ער מיך געמיינט, איז מכוגל צו סודות התורה און צו קבלה מעשית, און מיין יאָקעלע, זאָל לעבן, דאָס האָט ער טאַקע אייך געמיינט, האָט אַ נשמה פון עולם העגונות און פון עולם הטרפות, ער דאַרף עגונות מתּיר זיין און שאלות פּסקענען. געדענקט איר, דאַשעווער רבי?

דער רב שאָקלט מיטן קאָפּ יאָ, אַזוי פּ־פּלעגט ער ת־תּמיד צ־צו מיר ז־ז־י־זאָגן, ז־ז־ז־זכרונו לברכה!

יאָסעלע לאַכט שטילערהייט האָט אַ פּנים, ווער ס׳איז אַ כּשרע נשמה, און מיין מחותּן איז נעבעך אַ טרפה פון עולם הטרפות, עולם העגונות — שוטים, נאַראָנים! אַלץ הייסט ביי זיי איין עולם! אַזעלכע ש״י עולמות מעגן זיי האָבן איטלעכער באַזונדער! דער בעל־שם — דאָס איז עפּעס גאָר אַ פּאָדליעץ און אַ באַטריגער! מיין כחותּן איז נעבעך פון עולם הדוראַקעס, ער איז נעבעך גאָר די כּשרע, די טרפה נשמה, וויל איך זאָגן, שולדיק; אָבער דער בעל־שם איז דאַכט מיר גאָר פון עולם הסקאַטינעס, אָדער גאָר פון עולם הסוקינסינעס! איך מוז אים לערנען, דעם דראַב, אַ רוח אַרויסטרייבן! אָט באַלד וועט אים דער רוח נעמען, שוין באַלד צייט!

בעל־שם מילא, לאָמיר זיך אומקערן צום רוח.

יאָסעלע יאָ, ביים רוח זענט איר געבליבן!

בעל־שם ווי איך האָב אָפּגעזאָגט די השבעה, האָב איך תּיכף דערקענט דעם רוח, ער איז געווען אַ בעלעפּילער.

יאָסעלע איר האָט אים טאַקע געקענט, צי ער האָט אייך געוויזן דעם פּאַספּאָרט? בעל־שם קוקט זיך צרום מיט ווילדע אויגן.

בעל־שם יאָסעלע־סערצע, דו מאַכסט חוזק פון רוחות, ביסטו ניט חלילה אפשר איין אויפגעקלערטער? ווייסטו, אַז איך וויל, קאָן איך תּיכף באַווייזן רוחות, נאָר אַ פּיפּס! דער גאַנצער עולם דערשרעקט זיך, נאָר יאָסעלע לאַכט.

יאָסעלע ווי הייסט, ווער גלויבט ניט, וואָס די אויגן זעען?

בעל־שם נאָ, דו האָסט דאָך מיט די אויגן ניט געזען.

**יאָסעלע** איך זע דאָך אײַך!

**בעל־שם** מיט כּעס וואָס טײַטש, בין איך אַ רוח?

**יאָסעלע** חלילה, אַזוי ווי איך אײַן אויפגעקלערטער בין! גלאַט, איך מיין עס, וואָס איז מיר דער חילוק? אַז איך זע אײַך, הער איך דאָך ווי איר דערציילט פון רוחות. אַז איר קאָנט זיי ווייזן, נאָ ווייס איך דאָך שוין, אַז ס׳איז אמת. ווי קאָן איך דען דאַרינען מסופק זײַן? מיר דאַכט, איר האָט שוין טאַקע אַ רוח אין קעשענע! בפרט, דאָס ווייסט דאָך די גאַנצע וועלט, אַז דער גרויסער בעל־שם, זכרונו לברכה, האָט אַרײַנגעזעצט אַ רוח תּפוס אונטער אַ בוים און ער איז דאָרטן אַזוי לאַנג געזעסן, ביז דער צדיק ר׳ פינחסל דער לאַנגער, וואָס מן הסתם הייסט איר טאַקע נאָך אים, האָט אים אַרויסגעלאָזט פרײַ — מן הסתם מוז דאָך זײַן רוחות, ווען ניט וואָלטער דער בעל־שם ניט געהאַט וואָס אַרײַנצוזעצן, און ר׳ פינחסל — וואָס אַרויסצולאָזן! נאָר האָט מיר ניט פאַריבל, איך האָב ליב אַמאָל אַ ווערטל צו זאָגן; דער מחותּן, זאָל לעבן, ווייסט שוין מײַן טבע.

**בעל־שם** אַזוי, איין נשמה פון עולם הלצנות!

**דער רב** ט־ט־טאַקע ער איז אַ ש־ש־שטיקל ל־ל־לץ.

**יאָסעלע** ניין, מחותּן, זאָגט ניט לץ, וואָרעם דער בעל־שם, זאָל לעבן, וועט מיך, חלילה, וועלן אַרויסטרײַבן! שטילערהייט אַז ער וועט אַרויסטרײַבן דעם לץ, וועט אייך בלײַבן אַ רוח... דער עולם לאַכט.

**דער רב** מ־מילא, וו־אָס־זשע איז ג־געוועזן ד־דער כוח?

**בעל־שם** וואָס זאָל זײַן? ווי זענט איר אײַך משער, האָב איך אים שוין אָפּגעלאָזט, האַ? איך האָב אַ געשריי געטון: רשע, אַרויס! נאָר איך האָב פונם אימפּעט פאַרגעסן די אַנדערע השבעה צו זאָגן, איז דערווײַל די משוגענע, דער דיבוק, רחמנא־ליצלן, ווײַל איך זאָגן, אַרויף אויף מיר און האָט מיר אַ גרויסן פּאַטש געטון.

**דער עולם** אַלע אינאײנעם רחמנא יצילנו!

**יאָסעלע** שטילערהייט וואו נעמט מען אַהער אַזוי אַ דיבוק?

**בעל־שם** פשיטא! אוודאי האָב איך דעמאָלט געהאַט אַ נס מפורסם, עס איז דאָך געווען נסים ונפלאות. אַז איך בין אַרויס לעבעדיק! ס'איז מיין מערכה געווען, וואָס איך האָב מיך תיכף דערמאַנט די אַנדערע השבעה און בין אַנטלאָפן פון דער שטוב אַרויס! זי האָט באַקומען די שלעכטע זאַך און איז שוין געלעגן אויף איין אָרט. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז איבערן כוח. פון דער השבעה בין איך צוריק אַריינגעגאַנגען און בין שוין געשטאַנען פון ווייטן און האָב אַלץ אין איין שטיק משביע געווען. צום סוף, אַז איך האָב מיך שוין גאַנץ גוט אָנגעבאָרעט מיטן בעל־דבר, האָב איך אַליין מיט מיינע אויגן געזען. דער עולם האָט קיין זכיה ניט געהאַט צו זעען, ווי דער בעל־דבר, רחמנא ליצלן, איז פון איר אַרויס דורך דעם מינצטן פינגער פון דער רעכטער האַנט. איך האָב אַפילו אין זינען געהאַט, אַז ער זאָל אַרויס פון דער שטוב דורך אַ פענצטער, כדי ער זאָל אויסשלאָגן אַ שויב. וואָלט דער עולם כאָטשע דאָס געזען, ווי די שויב יועט פלאַצן, פון זיך אַליין אויס־געשלאָגן, און זיי וואָלטן שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט געטאָן דער דיבוק!

**יאָסעלע** פאַרוואָס האָט איר טאַקע ניט געטאָן אַזוי? ניכּע וואָלט דער עולם אויך געזען?

**בעל־שם** שכל! וועד־זשע האָט זיך געוואָלט דאַרויף ריכטן, אַז מיין ווייב האָט געלאָזט אָפן דעם קוימען און איידער איך האָב מיך אַרומגעקוקט, איז שוין דער דיבוק אַרויס דורך דעם קוימען?

**יאָסעלע** און דער עולם איז טאַקע געווען דערביי, נאָר זיי האָבן ניט געזען? ססילערהייט קיין מעשה ניט פון עדות, אַזאַ יאָר זאָל ער מיר האָבן!..

**בעל־שם** די יידענע איז דעם אַנדערן טאָג אַוועקגעפאָרן געזונט און שטאַרק, נאָר אַ יוערסט פון דער שטאָט האָט זי ווידער באַקומען דעם עסק... דאָס איז שוין אָבער ניט געווען דער דיבוק אַליין, נאָר זיינער אַ משמש; איך האָב איר אָבער געגעבן שמירות און קמיעות און זי וועט שוין אַוודאי געזונט זיין.

יאָסעלע טאַ, אַז איר קענט אַרויסטרייבן דעם דיבוק דורך אַ מיזינצטן פינגער און ער זאָל אַרויס דורך אַ קוימען, גאָ וועט איר אַקענען זיין משמש ניט קענען באַשטיין?

דער רב און דאָס האָט זיך אייך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן אַזאַ מעשה?

בעל־שם גוזמא גוזמות! איך האָב שוין אַלפים ורבבות פאַרטריבן פון הייזער, פון מילן!

יאָסעלע דעריבער זעט כען זיי טאַקע ניט.

בעל־שם האָב שאָדנס אָפּגעזוכט ביי די לייט... אָט האָב איך ערשט פאַר אַ וואָך זעקס אָפּגעזוכט ביי לייט אַ כלה, וואָס זיי האָבן זי אויפגעכאַפּט.

יאָסעלע קענט איר אַ חתן אויך אָפּזוכן?

בעל־שם פאַרשטייט זיך, וואָס איז דער חלוק? נאָר אַ חתן טרעפט זיך ניט אַזוי אָפט זאָל פאַרפאַלן ווערן. די לייט האָבן ליב נקבות.

יאָסעלע ווי איז ניטאָ צווישן די לייט אַ נקבה זאָל אויפכאַפּן אַ זכר?

בעל־שם פשיטא, ס'איז אַוודאי דאָ! נאָר די נקבות זאַטשעפּען ניט, זיי זיינען גאָר פלאָכע, מען קען צו זיי צוטרעטן אַזוי ווי...

יאָסעלע פאלט אים אין די רייד אריין אַזוי ווי צו איין נקבה צו זיך שטילערהייט וואַרט צו, בריאה, איך וועל דיר שוין לערנען אַ חתן אויך אָפּזוכן! צום בעל־שם נאָ, ווי אַזוי איז געווען די מעשה?

בעל־שם צום רב איר האָט מן הסתם געהערט פון דער יאַלטישקעווער מעשה מיט דעם נגידס טאָכטער, וואָס דער בעל־דבר האָט זי אויפגעכאַפּט פאַר דער חופה און איך האָב זי אָפּגעזוכט? נאָר, בעוונותינו הרבים, מיט אַ מכשול, מע האָט מיך ניט געוואָלט פאָלגן אַזוי ווי איך האָב געהייסן.

דער רב אָב=בעבער איר ה=האָט זי=זי אָפּגענומען פ=
פון דעם בַ=בעל=ד=דָברס הענט? בעל=שם לאַכט.

בעל=שם סטייטש אָפּגענומען! ווי דען איז ביי אייך
די הווי אַמינא, איך וועל זי ניט אַרויסבאַקומען? כע=כע=כע! ער עפנט
די פּושקע, נעמט אַ שמעק טאַבאַק וועט איר הערן אַ וואונדער: דער
יאַלטישקעווער נגיד האָט אַ שידוך געטון מיטן גרויסן קראָסנער
מגידס אַן אייניקל, דאָס הייסט מיט ר׳ יאָסעלען, דעם איצטיקן
מגיד. דער יאַלטישקעווער נגיד האָט אַ מיידל פון אַ יאָר זעכצן,
זייער אַ שיינע. דער מגיד האָט אַ בחורל פון אַ יאָר עלעף. און מע
האָט דעמאָלט געמומלט, אַז די כלה איז עפּעס ניט זייער מרוצה
געווען, און ווי עס האָט אַ פּנים האָט טאַקע דאָס געגעבן כוח
דער קליפּה, רחמנא ליצלן! און ווי ס׳איז געקומען נאָך דעם באַ=
דעקנס, צווישן טאָג און נאַכט, ניט דאָ געדאַכט, ער מאַכט אַ משוגענע
מינע און טוט אַ בלאָז אַרום זיך איז די כלה אַרויסגעגאַנגען און מע
האָט ניט געוואוסט, וואו זי איז אַהינגעקומען! ס׳איז תיכף געוואָרן
אַ געשריי, אַ געפּילדער, מע בּרעכט די הענט, מע לויפט, מע זוכט —
אומזיסט! נישטאָ די כלה, נישטאָ קיין ס׳ליד, קיין סלעך, קיין
דעך! אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אָנגעקומען. מע האָט מיך
בכבוד גדול געבעטן צום נגיד. דער נגיד האָט אָנגעהויבן איבער
מיר צו וויינען און צו בעטן, איך זאָל אים העלפן. דער מחותן,
דער קראָסנער מגיד, מיטן חתן האָבן נאָך דאָרט געוואַרט. האָט
מיך דער מגיד אַליין אויך געבעטן. דעם נגיד האָט שוין ניט אַזוי
באַנג געטאָן די טאָכטער, ווי דער איידים, וואָס ער ווערט אָן
דורך איר. הקיצור, איך האָב פאַר זייערע אויגן וואַקס געגאָסן און
האָב זיי געוויזן ווי עס איז געפאַלן, אַז דער בעל=דבר האָט זי אויסגע=
כאַפּט און האָט זי באַהאַלטן אין אַ פּוסטער מיל. איך האָב מבטיח געווען,
אַז ער זאָל זי אָפּבּרענגען אין שטוב אַריין בשלום, נאָר באופן, ער זאָל
מיר פריער געבן פופציק אֲדומים. מילא, די שוטים זאָלן מיך געווען
פאָלגן, זיי זאָלן געוועזן וויסן, אַז איר פדיון נפש האָט [אַ]זוי פיל
אָנגעטראָפן על=פי סוד און זי האָט ניט געקאָנט אַנדערש פון דעם
בעל=דברס הענט גאַנץ אַרויס — זיי זאָלן מיך געווען פאָלגן, וואָלט
איך זי געוועזן אָפּגעזוכט גאָר אָן אַ מכשול. נאָר בעוונותינו הרבים, דער

יצר־הרע פון געלט איז דאָך אָבער גובר, האָט דער פאָטער גע־זאָגט: באַשר ער וועט מיר געבן דערנאָך, איך זאָל פריער אָפּזוכן. מילא, וואָס האָב איך געקענט מאַכן? האָב איך פופציק אַדומים אויסצולייגן אויף איין פדיון? האָב איך געמוזט נעמען אַ רענדל פאַר דעם וועג און דערווייל פדיונים וואו איך האָב געקענט. נאָך עטלעכע טאָג אַרום האָט זי זיך אָפּגעזוכט, נאָר מיט אַ מכשול, רחמנא לצלן!

דער רב עס האָט איר אויך אַוודאי אָ־אָפּ ג־געגנומען הענט און פ־פיס!.

בעל־שם דווקא ניט דאָס! זי איז דווקא געזונט, נאָר זי האָט זיך, רחמנא ליצלן, כופר געווען...

אַלע רחמנא ליצלן!

דער רב מ־מן הסתם, אַז מ־מע פ־פאָלגט ניט אַ׳נ־נער־לעכן יידן!

בעל־שם פאַרשטייט איר מיך, דאַשעווער רבי־סערצע, די מעשה איז אַזוי געווען. דער בעל־דבר האָט זיך מיט מיר קיין ברירה ניט געהאַט. [ה]אָב דאָך אים אַ קיצל געטון, האָט ער זי געמוזט אָפּברענגען. נאָר ער האָט זי ניט געבראַכט צום פאָטער אין שטוב אַריין, נאָר צום שר אין הויף אַריין, און איר האָט זיך געדאַכט, רחמנא ליצלן, אַז זי איז אין דער היים, און אויף דעם קאָמיסאַרס אַ שייגעץ, אַ שרייבערל, האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָס איז איר חתן און זי האָט מיט אים כאַסלירע געהאַט אין קלויסטער... זי האָט אַוודאי געמיינט, רחמנא ליצלן, אַז דאָס איז להבדיל די שול און אַזוי איז זי טאַקע געבליבן אין דער כפירה! איך האָב דערנאָך איר פאָטער געשריבן, אַז די גאַנצע צרה האָט ער אַליין אָנגעאַרבעט מיט די פופציק אַדומים, וואָס ער האָט ניט געוואָלט געבן דער גאַנצער עולם שמאָטשקעט מיט די ליפּן.

יאָסעלע למשל, ער זאָל אייך אַצינד וועלן געבן פופציק אַדומים, וואָלט איר זי געקענט אָפּנעמען? בעל־שם טראַכט.

בעל־שם אַצינד איז שוין פאַרפאַלן!

יאָסעלע פּונט רוחס האָנט איז גרינגער אַרויסצוּנעמען,
ווי פון קאָמיסאַרס שרייבערלס האָנט. אַוודאי אַ שווערע אַרבעט!
אפשר איז זי חלילה משוגע און וועט ניט וועלן גאָר אַהיים גיין?
פאַרפאַלן!

# צווייטער אויפטריט

די טיר עפנט זיך, און די מחותנים טאנצן אריין פאר די קלעזמער, דערנאך קומען אריין די קלעזמער, נאך זיי שיסן זיך אריין א פולע שטוב מיט ווייסע־חברה. די קלעזמער שפילן. עס ווערט שטארק געפויקט אויף איין פייקל מיט טאצן, די ווייבער טאנצן, דער מארשעלאַק קומט צום טיש, נעמט דעם קיטל אין איין האנט, און מיט דער אנדערער שפארט ער זיך אן אונטערן שטערן, פארקאַטשעט די פּאָלעס און שטעלט ארויף איין פוס אויף דער באנק. די קלעזמער שפילן א וויינענדיקן ניגון. די ווייבער, וואס זענען נאָענט צום טיש און זען דעם מארשעלאַק שטיין פארטיק, הייבן אן וויינען, אנדערע ווייבער אין דעם אנדערן עק שטוב טאנצן נאך זייער שטארק.

מאַרשעלאָק (מיט א געשריי) שאַט! די טאנצנדיקע ווייבער הייבן אויך אן צו וויינען, דער מארשעלאַק זאָגט גראַם:

חתן־לעב. וואָס זאָל איך דיר דאָ דערציילן אַ גרויסן סיפּור,
דו ווייסט דאָך וואויל, אַז היינט איז ביי דיר גלייך ווי יום־כיפּור.
אַזוי ווי אום יום־כיפּור ווערסטו היינט אָנטון דעם קיטל
און ווערסט בעטן זיין ליבן נאָמען דיר צו געבן אַ גוטן קוויטל.
אַזוי ווי אום יום־כיפּור האָסטו היינט ניט געגעסן קיין
ברויט און קיין בילקעס *).
דער חילוק איז: יום־כיפּור שטייט מען אויף היי, היינט—אויף
שפּילקעס.

*) = בולקעס.

מיין ליבער חתן, איידער דו גייסט צו דער חיפּה *),
דאַרפסטו טון אַ וויין און אַ כליפּע.
דאַרפסטו תשובה טון און זאָגן און וויינען און שרייען,
אַז השי"ת זאָל דיר טאַקע דיין גליק גיך און באַלד באַנייען,
בפרט, אַז דו האָסט אַ מחותן אַ צדיק, אַ רב און אַ דיין,
ער קאָן דיר בוודאי בעסער פון מיר זאָגן מוסר.
ער ווייס וואויל, וואָס איז אַ היתר און וואָס אַ איסור,
דריבער, חתן־לעב, דאַרפסטו דיר היינט נעמען צו האַרצן...

ער בלייבט שטיין און קאָן ניט געפינען קיין גראַם.

יאָסעלע שטילערהייט אַז...

מאַרשעלאָק האָט זיך דערוויייל דערמאָנט:

„אַז השי"ת זאָל דיך באַהיטן מיט דיין זיווג פון פיין און
פון שמאַרצן,
און דו האָסט שוין יאָ אַזאַ טייערן מחותן אַ צדיק, אַ דיין, אַ רב,
דאַרפסטו דאָך גאָט צו בעטן פון אלף ביז תָּו...

ער טוט אַ וואונק אויף די קלעזמער, זיי שפּילן איבער. ער זאָגט ווייטער.

חתן־לעב, דו זיצסט אַצינד אויבנאָן ווי אַ מלך,
דריבער דאַרפסטו היינט צו זיין זייער פריילעך.
אַזוי ווי דער פסוק גייט: יָדֶיהָ שִׁלְּחָה בַכִּשׁוֹר וְכַפֶּיהָ תָּמְכוּ פָלֶךְ.
דאָס מיינט מען דיין כלה די צנועה, די גרויסע מיוחסת,
וואָס דו וועסט איר באַלד זאָגן הֲרֵי אַתְּ מְקוּדֶּשֶׁת,
און די אונטערפירערקע וועט איר זאָגן, זי זאָל זיך לייגן
מיט דעם פּנים צו דער וואַנט.
זי וועט אויסשטרעקן איר אָרעם צום כישור, און דער פֶּלֶך
וועט אונטערלענען איר האַנט.
וואָס כישור און פלך הייסט—איז דיר שוין מן הסתם באַקאַנט,
עס שטייט פאַרטייטשט אין דעם הייליקן ספר צְאֶינה וּרְאֶינָה:
פֶּלֶך איז אַ שפּינדל, און כישור — אַ ווערעטענאָ.

*) = חופּה.

חתן־לעב, אַזאַ זיווג איז דאָך זייער שווער צו באַקימען *),
וואָס דער מאַן זאָל אין דעם ווייב האָבן אַ גוטן סימן.
אַזוי ווי דער פסוק גייט: אשת חיל מי ימצא ורחוק מפנינים,
דריבער דאַרפסטו צו גאָט בעטן מיט גרויס תחנינים **),
מסוד חכמים ונבונים ומְלַמֵד דַעַת מבינים.
און איר, ליבע קלעזמער, שפּילט איבער די פיינע ניגינים ***).

די קלעזמער שפּילן איבער, ער זאָגט ווייטער.

אַצינד קער איך מיך אום צו די מחותנים: מורַי ורַבותי!
איך וויל אייך זאָגן אַ קלוג וואָרט, וואָס וועט זיין ביי אייך ניי.
פונם חתנס נאָמען יוסף וועל איך אויסדריקן פאַר אַלע,
אַז טאַקע דער חתן, זאָל לעבן, געהער פונקט צו דער כלה.
דערפון איז געדרונגען, אַז עס איז טאַקע אַ זיווג מן השָמים.
אַז דער חתן הייסט ניט נחמן, ניט זרח, ניט געצל, ניט חיים.
נאָר יוסף איז זיין נאָמען, גאָט זאָל זיין מִשאַלות לבו ממַלא.
יוסף מאַכט: יוסף וויל סאָרקען פאַר אַ כלה.

יאָמעלע שפּילערהיים יוסף מאַכט גאָר: יוסף וויל סמאָטש־קען פריידעלען!

מאַרשעלאָק

„און אַז עס איז יאָ אַזוי, דאַרף מען ניט מאַכן קיין שהִיות
און מע דאַרף אַוועקלייגן די ווייַנענדיקע תניעות ****).
און איר, קלעזמער, שפּילט גאָר זייער מיס, *****) מיין איך זיס.
און איר, פרומע ווייבער, ווערט ניט בייז,
ווישט אייך גאַנץ פיין אָפּ די פאַרסמאָרקעטע נעז,
לייגט אַוועק דאָס געוויין —
און לאָמיר צו מזל צו דער חופה גיין.

---

*) = באַקומען.

**) = תחנונים.

***) = ניגונים.

****) = תנועות

*****) = מיאוס

די אונטערפירער האָבן דערווייל דעם חתן אָנגעטאָן. דער מאַרשעלאַק טוט א טופּ מיטן רעכטן פוס. מע הייבט אָן צו שפּילן א פריילעך ניגון. א טייל האָבן זיך נאָך ניט די נעז אָפּגעווישט.

**יאָסעלע** ראָמט איין דעם רב שטילערהייט אַנו, מחותן, איך בין גערעכט!

**דער רב** ט-טאַקע, מ-מיר מ-מוזן פ-פריער ד-דאַווענען מ-מנחה, ווי-ווען נ-ניט וועלן מ-מיר עובר מ-מנחה זיין!

**אַלע** יאָ, רבי, עס איז טאַקע רעכט פריער אָפּצודאַווענען מנחה, עס איז שוין שפּעט! מע הייבט אָן וואַשן די הענט. דער עולם דאַווענט, מע זאָגט קדושה. דער גאַנצער עולם פאַרטיקט שמונה-עשרה, חוץ יאָסעלע, וואָס האָט שוין פריער אָפּגעדאַווענט. כשעת אַלע האַלטן צו די אויגן, נעמט יאָסעלע דער מחותנתטעס א רויטע דאַמעשקענע יופּע, דעם בעל-שמס א לאַנגן לולקע-ציבוק מיט זיין קאַפּעליוש, וואָס ער האָט געלאָזט אויף דעם טיש, ווייל צום דאַווענען האָט ער שוין ווי א מחותן דעם שטריימל אָנגעטאָן, און כאַפּט זיך אַרויס אין דרויסן אָנגעטאָן מיטן קיטל, מיטן שטריימל, מיט דער רויטער פאַטשיילע אין דער האַנט. דער עולם האָט דערווייל אָפּגעדאַווענט

# דריטער אויפטריט

**דער רב** נ-נאָ, ר-רבותי, קומט! ווי-וואו איז דער חתן?

**אַלע** וואו איז דער חתן? לאָמיר גיין! אַלע קוקן זיך אַרום און זוכן מיט די אויגן.

**מחותנתטע** אַ שלאַק איז מיר, וואו איז דער חתן? מע לויפט אַרום זוכן.

**בעל-שם** וואָס דאַרפט איר שמועסן, עס איז דער בעל-דבר, ער האָט אים באַקומען! דער עולם דערשרעקט זיך זייער.

**ר' יחזקאל** געוואַלד, מיין זון! די מחותנתטע חלשט.

**דער רב** שלאָגט זיך מיט די ביידע הענט אין קאָפּ אַריין געוואַלד, איך ב-ב-בין פ-פאַרב-ב-ביי!!

**בעל-שם** באַ, ער איז אַליין שולדיק! ער האָט געשפּעט פונם בעל-דבר! דער בעל-דבר וויל אים ווייזן זיין כּוח

פארטראכט יאָ, יאָ, אַקעגן וועט אים דעם בעל־דבר ווייזן אַצונד מיין כוח! ער מאַכט מיטן פינגער ווי מע סטראַשעט עמעצן איך וועל אים ווייזן, ער זאָל מיט מיר ניט זאַצעפּען! שרעקט ניט, דאַשעווער רבּ־סערצע, איך בין דאָ! איך וועל אים, גלייבט מיר, אָפּנעמען פונם בעל־דבּרס הענט, נאָר הלוואַי גאָט זאָל געבן אָן אַ מכשול...

דער רב וואָס, עס קען אים ח־חלילה אָפּנעמען הענט און פיס?

ר׳ יחזקאל וואָס, מיין קינד, חלילה, כופר זיין? ער שלאָגט זיך אין קאָפּ אריין.

בעל־שם שרעקט ניט, שרעקט ניט! איך וועל מוזן אַ ביסל כוח צולייגן, איך וועל אים אָבער אָפּנעמען גאַנץ. דער־לאַנגט נאָר אַהער טלית און תפילין! דער בעל־שם טוט אָן טלית־ותפילין, די מחותּנים שרייען, ווייבער חלשן, אַזוי קאָנטשעט זיך דער צווייטער אַקט.

# דריטער אַקט

די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען. עס הייבט שוין אָן אַ ביסל פינסטער צו ווערן. אויף דעם טראַקט צווישן דעם שטעטל און דער קרעטשמע וועט מען זיך שטעלן אַ בויד. פון דער ווייט פונם וועג וועט מען אַרויס אַ וועלדל. אַ באַטאַגטער ייד אין אַ ווייסער זשופּעצע שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פון דער בויד, דאָס איז דער קאַנעווער מורה־הוראה. לעבן אים זיצט אַ בחורל מיט אַ סויפּל־מיצל און אַ ווייַרן מאַטעריענע פּאַסקעוואַטע קאַפּאָטקעלע, וואָס פּנים פאַרהאַנגען, דאָס איז זיין זונדל, דער חתן לעמל. אַקעגן זיצן צוויי גבאים, איינער אין איין אָפּגעריבן ספּאָדיקל, און דער אַנדערער אין אַ ווייסן קאָלפּאַק. ביידע רייכערן פון קאָרצע לולקע־ציבּיקלעך. אויף דער קעלנע דרעמלט ישׂראל דער בעל־עגלה. פריער פאָרט רייטנדיק עוזריאל דער משרת. ווי דער בעל־עגלה איז רעכט אַנטדרעמלט געוואָרן, האָבן זיך די פערד געשטעלט.

# ערשטער אויפטריט

מורה־הוראה צום משרת יונגערמאַן, נאָ בלאָנדזען מיר שוין ניט, האַ?

עוזריאל קלאָמערשט חי בייז ווי מיר געשען, איר זעט דאָך, אַז מיר זענען אויף דעם טראַקט! צו זיך שטילערהייט איך האָב זיי שוין גענוג דאַכט זיך אַרומגעפירט פאַר אַ האַלב קערבל, זיי האָבן זיך שוין גענוג אָנגעפּאָרקעט! מיר דאַכט, איך מעג שוין פאָרן אין קרעטשמע אַריין. יאָסעלע וועט שוין צו מיר קיין פּרעטענסיע ניט האָבן, עס איז שוין פינסטער.

מורה־הוראה אָט, אַז די פערד האָבן זיך שוין בלויז געשטעלט, לאָמיר שוין טאַקע דאָ דאַווענען מנחה; מיר האָבן שוין איבערן בלאָנדזען עובר־מנחה געווען. יונגערמאַן, אָט איז דאָרט אַ קאַליושע, זיי זשע מוחל, דערלאַנג אַ ביסל וואַסער וואַשן די הענט!

עוריאל סטילערהייט צאַר יעמו, פעק יעמו, דעם ווייסן בער! איך האָב מיך נאָך ווייניק אָנגעהעצקעט, גיי קריך אים נאָך אַראָפּ! אָט די סכיראַרניע, דין הויך רבי, איך קען ניט אַראָפּ־קריכן, עס האָט ניט קיינער דעם לאָשאַק צו האַלטן. איך לאָז אים באַר אָפּ, ער אַנטלויפט צו כייצען, ער איז שוין אַזוי געוויינט. שיקט אַראָפּ איינעם פון אייערע צוויי פּאַכליקעס. וואָרעם פאַרוואָס דען גיט איר ויי ברויט, זיי זאָלן זיצן אין איין שטיק אַקעגן אייך און סמאָרכען מיט די גלאָצן דערפאַר וואָס זיי קענען גוט אָרזשען? הוי, הוי, הוי! וואָלט איך געווען וייער רבי, איך וואָלט זיי געלערנט האַקן האָלץ, שמירן אַ וואָגן, וואַסער טראָגן — אַן עבירה פאַר גאָט, אַזעלכע צוויי פּאַראָבקעס זאָלן אומזיסט עסן ברויט! אָדער ווייסט איר גאָר, רבי, באַשפּייט גאָר די הענט, שפּייעכץ איז אויך אַזוי נאַס ווי וואַסער!

מורה־הוראה לאַכט צו די גבאים ער איז אפשר אַזוי ניט אומגערעכט. אַ ביסל וואַסער דערלאַנגען ווילט איר זיך קיינס ניט רירן; עס זאָל זיין בראָנפן אין דער קאַליושע, וואָלט איר שוין לאַנג אַראָפּגעשפּרונגען! נאָר עס איז שוין גלייכער, מיר זאָלן אַראָפּקריכן דאָ דאַווענען צו עוריאלן זאָג מיר נאָר, אַז דו ביסט יאָ אַזאַ למדן און ווייסט, אַז מיט שפּייעכץ מעג מען אויך וואַשן די הענט, ווי אַזוי קומט עס, אַז דו וואָלסט בלאָנדזען אַזוי גאָר נאָ־ענט פון דער היים? אָט זעט מען דאָך אַרויס דאָס שטעטל און די קרעטשמע!

עוריאל הערסטו, הוי, רבי! איר זענט אַ בריה אין בוידן! זינדיקט ניט, רבי, איר זענט אַרויס מיט גאַנצע ביינער, דאָס גייט איין אָפּיר שוין צוויי יאָר אום ערשט צוויי וואָכן, אַז עס האָט דאָ דעם בײַדעריוווקער סטעלמאַן, אַ כּפּרה זאָלט איר זיין פאַר זיין מינדסטן נאָגל, דעם קאָפּ פאַרדרייט! און פאַראַסקע

דעם איגומענס שיקסע האָט זיך דאָ אזוי איבערגעשראָקן, אַז זי־ האָט אַזש אַ קלײנטשיקס אָפּגעוואָרפן... עס האָט געהאַט פּונקט איוואַנס ביידאָקעס פּנים, אַ רוח אין איר טאַטן געפלויגן געוואָרן! אַבי זי האָט זיך געטשעפּעט צו מיר! הוי, רבי, רבי, מיר זענען נאָך ניט אַרויס! עס איז מיר טאַקע זאַראַז אַ חידוש געווען, וואו עס האָבן זיך גענומען אין וואַלד די צוויי גרויסע הינט? אָט דאָ, האָט אַ פּנים, זענען געווען אײערע זכות אבות, וואָס האָבן זיך פאַר־ איין געמיט. אַנגסטן באַשלאָגן מיך, אַז איך דערמאַן מיך, ווי ניט איין מענטש איז שוין אַרויס פון דעם וואַלד מיט אַ מיאוסער נאָז.

**מורה־הוראה** א ביסל בייז **שטותים, שליחי־מצווה אינן ניזוקין! לעמל־סערצע, קריך אַראָפּ, איך קאָן איבער דיר ניט אַראָפּקריכן** צו די גבאים **העלפט אים אַראָפּ פון דער בויד.**

**עזריאל** פאר זיך **עפּעס זאָגט ער אַ שליכמאַץ אין זאָקו. ווײס איך וואָס ער מיינט דערמיט!** בשעת לעמל איז אַראָפּגעקראָכן קומט צו אַרויס פון וועלדל יאָסעלע, אָנגעטאָן אין אַ דאַמאַשקענע רויטע יופּע, אַ קאַפּעלוש מיט אַ ברייטן ראַנד אָנגערוקט איבער די אויגן, מיט אַ לאַנגער לולקע־ציבוק אין מויל, אַ פּעקל צונויפגעלייגט אין אַ רויטע פאַטשיילע — דאָרט ליגט זיין קיטל מיטן שטרײמל — אונטערן אָרעם.

# צווייטער אויפטריט

## יאָסעלע, די פריערדיקע

**יאָסעלע** מיט אַ פּליעסק מיט די הענט און אַ פייף, שרייט דערנאָך מיט אַ משונה קול **אהאַ! פיינע לייט זענען דאָ, מיין התנדלו!** ווידער אַ פּליעסק מיט אַ פייף.

**עזריאל** דערשראָקן **געוואַלד, אַ טשאָרט! אַ שליכמאַץ אין זאָקן! שמע ישראל!..** ער אַנטלייפט רייטנדיק אויף דעם פערד.

**ישראל דער בעל־עגלה** כאַפּט זיך אויף פלוצים פון שלאָף **ווער רופט עס מיך? ווער שרייט שמאַס ישראל?** ער דערזעט יאָסעלען **געוואַלד, אַ רוח! אַ שד! שמאַס ישראל!...** ער אַנטלויפט מיטן מורה־הוראה

און מיט די גבאים, וואָס האָבן זיך דערשראָקן און זענען געבליבן האַלב טויט ליגן אין בויד. קיינער פון זיי רעדט ניט קיין וואָרט, נאָר לעמל אַליין, וואָס איז אָראָפּגעקראָכן, בלייבט שטיין.

## דריטער אויפטריט

### יאָסעלע, לעמל

יאָסעלע גייט צו, הייבט לעמלען אויף דעם דעקטוך, קוקט אים אין פּנים און מאַכט נאָך ווי אַ פּאָנפּאַטש לעבל, דו ביסט עס? ער לאָזט אַראָפּ געשווינד דעם דעקטוך, קוקט זיך אום פון אַלע זייטן, כאַפּט אַרויס פון אונטערן קלייד דאָס פּעקל און פּאַקט עס אויף, נעמט אַרויס זיין שטריימל מיטן קיטל, טוט אָן לעמלען און שפּילעט אים צו אַ פּאַפּיר צום דעקטוך, געשריבן מיט רויטע אותיות, נעמט לעמלס היטל מיט זיין קאַפּאָטע און לייגט אַריין אין דער פּאַטשיילע און פאַרבינדט גיך, דערנאָך נעמט ער לעמלען ביי דער האַנט און זאָגט: קום, לעמל, לאָמיר גיין צו דער כּלה! און פירט אים אַוועק דורך דעם וועלדל.

## פערטער אויפטריט

פאַר דער קרעטשמע אין דרויסן. אַ גרויס געפּילדער, אַלע מחותנים און מחותנתטעס שטייען אַרום דער בויד. ר' צלאל הפּלפּס דעם מורה־הוראה אַרויסקריכן, די גבאים טראָגט מען אַראָפּ האַלב טויט פאַר פּחד. עזריאל קריכט אַראָפּ כּונם פערד און רעדט צו ר' צלאַלן, ר' צלאַל הערט אים ניט.

עזריאל איך זאָג אייך אָבער, איר זאָלט גיין צום פריץ און לאָזן שמייסן דעם איגומענס שיקסע, אַ רוח אין איר טאַטן אַריין! אַ נעכייע טשאָרט מאָרדאָיע, צזאַ פּסאָיאָכע! נאָך וואָס איז זי מיר איבערגעגאַנגען מיט ליידיקע עמערס אַז איך בין אַרויס־געפאָרן? איצט איז געבליבן פריידעלע ווי אַ שייגעץ אָן אַ המוי־

קלעפּל! נישטאָ דער חתן, טשאָרט יעהאָ וואַוו!.. קיינער הערט אים ניט, דער מורה־הוראה חלשט, מע גיסט אים וואַסער.

# פינפטער אויפטריט

## די פריערדיקע, יאָסעלע

יאָסעלע ווייזט זיך פונעם וועלדל אַרויס, זינגענדיק אין לעמלס קאַפּאָטע מיט זיין היטל, דאָס פּנים פאַרהאַנגען

עזריאל דערזעט אים צום ערשטן אַהאַ, טשאָרט יעהאָ בריניס! הע, הע! באַלעבאָס, רבי! ווי ליב, חלשט ניט, קוקט נאָר אַהער! אייער איין איינציק בן־יחידל, אייער פאַרהאַנגען אָרון־קוילעטשל, הע! וואו זענען די קלעזמער, זיי זאָלן שפּילן אַ וויוואַט, הע! מחותנים, דער חתן! דער חתן! אַלע קוקן זיך אַרום.

מורה־הוראה קומט צו זיך און דערזעט דעם חתן מיין זון! ער לויפט צו און כאַפּט אים ביי דער האַנט געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, אַבי מיין בן־יחיד איז דאָ! אַלע גייען צריין אין קרעטשמע.

# זעקסטער אויפטריט

## די פריערדיקע אין קרעטשמע יאָסעלע

מורה־הוראה שטילערהייט צום חתן לעמל, האָסטו זיך עפּעס דערשראָקן?

יאָסעלע ער האָט מיר גאָרניט געטאָן, נאָר אַ שנאָל אין דער נאָז.

מורה־הוראה שטילערהייט לעמל, די כלה וועט נאָך דערהערן, אַז דו ביסט אַ פּאַנפּאַטש! איך האָב דאָך דיר נאָך אין דער היים אָנגעזאָגט, אַז דו זאָלסט ניט הויך רעדן ביז נאָך דער

חופה! דאָס אַנדערע, וואָס זאָגסטו, אַז ער האָט דיר אַ שנאָק געטון אין דער נאָז, וואו האָסטו אַ נאָז, האַ?

**יאָסעלע** קלאַמערשט ווי ער וויל אויפרייסן דעם דעקטוך, מיט אַ פאַנפאַוואַטן קול אָט האָב איך, האַ!

**מורה־הוראה** כאַפּט אים ביי דער האַנט גזלן, וואָס ווילסטו טון? צו די גבאים ווי מיר, עס האָט אַ פּנים, אַז ער איז חלילה פונם שכל געקומען! פריידעלע זיצט פון דער ווייטנס און זעט צו וואָס דאָ טוט זיך.

**פריידעלע** היינט זע איך, אַז עס איז טאַקע אמת, נאָר וואָס העלפט עס מיר? וואָס פאַר איין עצה גיט מען זיך? וואוהין אַנטלויפט מען? איך האָב בדעה זיך פּאָרט טאַקע איינצושפּאַרן ניט צו דער חופה צו גיין, ביז איך וועל ניט גוט אָנקוקן דעם חתן. איין בעזונאָסע צונעמען קען מיך, דאַכט זיך, פּאָרט קיינער ניט נייטן; און ווייטער, ווער ווייסט, אפשר איז טאַקע יאָסעלע גערעכט, אפשר וועט מען מיך מיט געוואַלד פירן צו דער חופה... נאָ, וואָס־זשע וועט זיין? וועלן מיר זיך דערנאָך גֶטן! טאַ, אַ מערכה וואָס ביי יידן איז כאָטשי דאָ נאָך דאָס מיטל! זי פאַרטראַכט זיך, לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און דעריזעט עפּעס ליגן אַ צונויפגעלייגט שטיקל פּאַפּיר, זי הייבט עס אויף און יערשרעקט זיך. זי עפנט עס און לייענט: „פריידעניאָ, מאַך קיין מחוקות ניט, האָף צו גאָט און גיי צו דער חופה. „פאַרטרויע אויף דיין אייביק טרייען יאָסעלע". נאָ, ווי גאָט ווילן וועט זיין, איך גיי! אַזוי ווייט זאָל מיר יאָסעלע נאַרן, דאָס קען ניט זיין, דאָ מוז עפּעס שטעקן! איך האָף צו גאָט און פאַרטרויע אויף יאָסעלעס ליבשאַפט.

**מורה־הוראה** צו ר' צלאל מחותן־סערצע, אַז השי"ת האָט אונז יאָ מציל געווען פונם שטנס הענט, וואָלט דער יושר געווען, תיכף צו דער חופה צו גיין, כדי מיר זאָלן זיך קענען אָפּרוען כ'ווייס פיל. אַ דערשרעקעניס, כאָטשי עס האָט ב"ה דעם חתן ניט געשאַדט, פונדעסטוועגן האָט ער דאָך פּאָרט עגמת־נפש געהאַט, דאַרף ער זיך אָפּרוען.

**ר' צלאל** טאַ, וואו נעמט מען נאָר די קלעזמער אַהער? ס'איז שוין אפילו דאָ די חופה!

**עזריאל** יאָ, באַלעבאָס, קערשאַכט, נאַט אייך די סובה. דער חזיר האָט געזאָגט, די טויטע סובה וועט ער מאָרגן שרייבן, היינט האָט ער ניט צייט, ער דאַרף זיין ביים רב אויף דער כאַסלערע.

**ר׳ צלאל** דאָס איז פּאַקי, איבערן רבס חתונה זענען די קלעזמער דאָרט, דעריבער מוזן מיר וואַרטן.

**עזריאל** וואָס, די קלעזמער? — אָט זענען זיי!

# זיבעטער אויפטריט

די פּריידיקע, קלעזמער, מאַרשעלאָק

**מאַרשעלאָק** ביים אריינקומען צום מחותן ר׳ צלאל אַ גאַנץ פיינעס גוט ב׳אָוונט! מזל־טוב, מחותן־לעבן! נאָ, דאָס הייסט אַ ביסל אַן אומגליק!

**ר׳ צלאל** וואָס, מע ווייסט שוין אין שטאָט, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן?

**מאַרשעלאָק** וואו, ביי אייך? וואָס האָט זיך דען דאָ געטון? ער דעריועט דעם מורה־הוראה מיטן חתן, גייט צו און גיט אים שלום, זעט ווי דעם חתן איז דאָס פּנים איבערגעדעקט דעם מחותנס בויד האָט זיך אוודאי געמוזט איבערקערן. דער חתן האָט זיך אַ זעץ געטון, אפשר חלילה נאָר די נאָז צעשלאָגן! ער וויל אויפהייבן דעם דעקטוך, מורה־הוראה לאָזט ניט.

**מורה־הוראה** ר׳ קריוב. טוט אייער געשעפט, מישט אייך דאָ ניט!

**מאַרשעלאָק** זערט זיך אפּ, צו זיך אליין דאָ איז שוין עפּעס אַ צרה!.. דער מוז האָבן אַ לונג און לעבער אויף דער נאָז!.. צים עילם מילא ווייסט איר נאָך גאָרניט וואָס אין שטאָט האָט זיך געטון ביים רב אויף דער חתונה?

**טאָלצע** אַ ווייטאָג איז מיר! וואָס איז געשען, וואָס איז געוועזן? איז חלילה מיין טעכטערל פאַרשלאָפּט געוואָרן? איך האָב

געוואוסט, אַז עס וועט ניט קיין נוץ אַרויסקומען, דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז אַ בעניייטער שידוך! ווי קומט יאָסעלע צו מיין קינד? צום מאַן אַלץ איבער דיר! דו האָסט מיך ניט געלאָזט גיין צו מיין קינד אויף דער חתונה — איבער דיין חתונה, וואָס איז דיר אויסגעקומען דווקא היינט. איך זאָל געווען זיין, וואָלט איך ניט געוואָלט דערלאָזט, אַז די חופה זאָל זיין, ווען איך זאָל זען, אַז די טאָכטער איז ניט מרוצה!

**מאַרשעלאָק** צו זיך מען מוז איר אין די רייד אַריינפאַלן, ווען ניט וועט זי דערשטיקט ווערן הייך מהותנתטע, גאָט איז מיט אייך! שרעקט אייך ניט, עס איז ב"ה דאָרט קיין חופה ניט געווען, דער חתן איז פאַרפאַלן געוואָרן!..

**אַלע** דער חתן! פריידעלע מאַכט אַ טריילער פנים.

**מאַרשעלאָק** דער ניטגוטער האָט אים געקריגן...

**אַלע** דער ניטגוטער! פריידעלע מאַכט אַ שפּעטנדיק פּנים...

**ר' צלאל** נאָר אונזער שמועה! נאָר יאָסעלע דעם גאָמנס ווייס איך ניט. אויב דער בעל־דבר וועט אים אַזוי גיך אַרויסגעבן ווי מיין חתן. אוי, די קניסקעלעך! די קניסקעלעך! איך האָב לאַנג געוואוסט, אַז זיי וועלן אים נאָך פאַרפירן אין דער שאול תחתיה! מיר האָט דאָס האַרץ געזאָגט, אַז ער האַנדלט מיט די לייט... איך בין אַמאָל געווען ביי זיין פאָטער ווינטער ביי נאַכט, איז יאָסעלע בעזעסן אין אַלקיר און האָט עפּעס שטילערהייט געזאָגט פּק, פּקדו, פיק, פיקדו, אפשר הונדערט מאָל אַזעלכע ווערטער. וואָס האָב זיי ניט פאַרשטאַנען, ניט יידיש, ניט גוייש! טראַכט איך, אויב ער האָט ניט געהאַנדלט מיט די לייט...

**מורה־הוראה** לאַכט עס איז ניט מיט די לייט געהאַנדלט, נאָר נאָך מיט אַנדערע, ערגערע! עס איז דאַכט זיך גאָרניט פאַר מיר געזאָגט דיקדוק־לשון. דאָס קען חלילה דעם מענטשן צום ניטגוטן אין די הענט אַריינפירן. אַזוי ווי מיין זון ווייסט דערפון ניט, אַזוי וועט עס אים חלילה ניט שאַדטן. גלייבט מיר. אַז דער שטן האָט געמוזט תחילת אַ טעות האָבן פון איין חתן אויף דעם אַנ־

דערן, נאָר ער האָט דאָך אָבער דערזען זיין כּשרע צורה, דעם צלם אלקים, האָט ער א"ם ניט געקאָנט טון, און דערצו טאַקע שלוחי מצווה אינן ניזוקין!

עזריאל אוי, דער שליכמאַץ אין זאָקן מיטן ברייטן קאַפּעלוש און דעם רויטן קאַסטן — ער קאָן מיר נאָך פונם קאָפּ ניט ארויס. דער קאַפּטן געווען אַזוי רויט ווי פייער, דער קאַפּעלוש אַזוי שוואַרץ ווי קויל, האָט געהאַלטן אַ לולקע-ציבוק — איז גע-ווען אַוודאי אויף אַ ווערסט צוויי! און אויף די פיס אין זאָקן. געדעכט, רבי, שליכמאַץ אין זאָקן דער מורה-הוראה לאַכט.

ר' צלאל טאַקע דער ניטגוטער וויל זיין מענטשן האָבן. מיט מיין התן האָט ער ניט געקענט קיין מחזקות מאַכן, ווייל ער איז אַן ערלעך קינד, האָט ער יענעם געכאַפּט. מן הסתם האָט ער זיך געהאַט אָן וואָס אָנצוכאַפּן.

עזריאל הערסטו, אַוודאי! ביי דער נאָז! שטילערהייט דער האָט אָבער אַ שוואַרצע מערכה. ער האָט קיין נאָז ניט... אוי וואָלט דער ניטגוטער מיך איין דעה געפרעגט, וואָלט ער נאָך אַצונד יאָסעלען אָפּגעגעבן. נישקשה, איך וואָלט אים געוויזן ווי זיך ביי לעמעלען אָנצוכאַפּן. אַן עבירה יאָסעלע כלעבן און מיין באָקערניק דערצו.

מאַרשעלאָק ליבע מחותנים, די נאַכט שטייט ניט, לאָמיר אָנהייבן באַזעצן התן-כלה.

מורה-הוראה זיי נאָר מקצר, כ'האָב קיין כוח ניט די ווייבער פירן אַוועק די כלה צו באַזעצן אין דער אַנדערער שטוב אַריין.

# אַכטער אויפטריט

ווידער אין שטעטל ביי ר' יחזקאל דעם נאמן אין שטוב. צוויי ליכט שטייען אויפן טיש, איינס פאַרלאָשן, איינס ברענט. דער רב זיצט אויבנאָן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף ביידע הענט. עטלעכע מענטשן שטייען אין די ווינקעלעך שטיל און פאַרזאָרגט. דער

בעל־שם, אנגעטאן אין טלית און תפילין, לויפט ארום איבער דער שטוב, אין איין האנט א פאקרישקע מיט פייער, בערשטין און ווייַרויך, אין דער אנדערע האנט א ספר.

**בעל־שם** ארומלויפנדיק, טוט צלע מאל א קוק אין ספר און שרייט מיט א משונה קול וואָדקיאֵל, שנאַפּסיאֵל, ווינאָקאָריון! מאכט מיט די ליפן און שאקלט זיך.

# נײַנטער אויפטריט

## פריערדיקע

**דער גבאי דעם רבס** וועלכער קומט אריין און זאגט צום רב רבי, עפעס שטייט עמיצער אין דרויסן אין א שטריימל און אין א קיטל, עס איז דאַכט זיך דער חתן, נאָר איך האָב אים ניט געקענט רעכט זען, איך האָב מיך דערשראָקן.

**דער רב** כאפט זיך אויף וו־וואו אי־איז ער?

**בעל־שם** מאכט זיך ווי ער האָט גאָרניט געהערט כאַ־כאַ־כא! שאקלט מיטן קאָפּ און טוט א גרייזן בעשריי כאַ־כאַ, איך האָב אים באַקומען! ער מאכט צו די האנט, גלייך ווי מען האלט עמעצן שטאַרק צו ביין, דו ווערסט זיך שוין ביי מיר ניט אויסדרייען! איך בין שטאַרקער פון דיר! דיין כוח איז די טומאה, מיין כוח איז די קדושה! וואָדקיאל, שנאַפּסיאל, ווינאָקאָריון! שטייט מיר ביי, העלפט מיר אים האַלטן! אצונד שרייט ער מיט א פרעמד קול, ווי מע קרימט נאָך א הונט אַוו, אַוו, אַוו! האַ, וואַרפסט מיטן קעפּל? האַ, גוט? איך האָב דיר גוט דעם אויער אָנגעדרייט? זאָלסט מיך האָבן צו געדענקען, כפּרהניק איינער! וואו איז יאָסעלע? גיסט מיר אים אָפּ, האַ?

**דער רב** ר' פּ־פּינחסל ס־סערצע, ע־עטץ הערט ניט? מ־מע זאָגט ע־עמעצער ש־שטייט אין ד־דרויסן?

**בעל־שם** אוי איך הער ניט! איך הער אַוודאי! איר

הערט ניט און זעט ניט, ווי ער וואַרפט זיך און ווי ער קווי־טשעט און וואָיעט? מיט א געשריי איי, אוי, אוי! בא, שיר איז ער מיר פון די הענט אַרויס! אַ גוטער בחור! ווייסט איר, וויפיל איך האָב שוין געהאַט אין די הענט — אַזאַ בחור האָט זיך מיר נאָך ניט געטראָפן! נאָר ביסט שוין אין דער ערד, דו וועסט שוין ליגן! ער עפנט אויף א פושקע, מיט איין האנט נעמט ער א שמעק טאבאק, מיט דער אנדערע מאכט ער ווי מע לייגט עפעס אריין אָט דאָ ליג, כַּפָּרָה־ניק אייגער! מאכט צו די פושקע געשווינד צונד ווע סטו שוין ניט אַרויס! קומט, רבותים, צונד גייט מיר אַקעגן חתן!

# צענטער אויפטריט

אין דרויסן

## די פריערדיקע, לעמל

לעמל שטייט אנגעטאן אין יאסעלעס קיטל אין שטריימל מיטן דעקטוך איבערן פנים, אויפן דעקטוך צוגעשפילעט א בריוו מיט רויטע אותיות געשריבן. לעבן אים אויף דער ערד ליגט א דא־מאשקענע רויטע יופע, דעם בעל־שמס קאפעלוש מיט דעם לול־קע־ציבוק.

בעל־שם כע־כע־כע! ער טוט א קלאפ אין דער פושקע אַיאָ, כפרהניק, האָסט מיר אָפּגעבראַכט דעם חתן? אי מיין קאַ־פעלוש, אי די לולקע־ציבוק און דער מיותנתטעס יופע, האַ? עס האָט זיך דיר געגלוסט צום שלימזל נאָך מיט מיין לולקע־ציבוק און מיט מיין קאַפעלוש זאַטשעפּען? מע ברענגט ארויס א ליכט.

ר' יחזקאל דערשראָקן וואָס איז דאָס? ווײ מיר, גאָר פאַרהאַנגען דאָס פנים! עפּעס צוגעשפּילעט אַ בריוו מיט בלוטיקע אותיות!...

בעל־שם שרעקט אייך ניט, נישקשה, עס דאַרף אַזוי צו זיין ער קוועטשט די פושקע אין דער האנט און לייענט דעם בריוו

„גרויסער, מוראדיקער בעל־שם ר׳ פינחסל״... הערט איר, ער האָט פאַר מיר קדחת? „איך האָב ניט געקענט באַשטיין אַקעגן אייערע השבעות און חרמות און גיב אייך צוריק אָפּ דעם חתן״... אַ ברירה האָט ער מיט מיר, כפרהניק? „נאָר איין תנאי נעם איך אויס מיט אייך״... וואָס, תנאים גאָר מיט מיר! ביסטו מיין גלייכן? שוטה! „מע זאָל דעם חתן ניט אַראָפּנעמען דעם דעקטוך און מע זאָל מיט אים ניט ריידן און ניט איבערפרעגן ביז נאָך דער חופּה, ווען ניט וועט איר חרטה האָבן. איך וועל אייך ניט קענען העלפן. פאָלגט מיך, ווייל אַז וואויל אייך זיין. פון מיר אַשמדאי״. דאָס ביסטו טאַקע אַליין? אַ שטאַרקער בחור! איך האָב אַפילו פאַר דיר בזינד קיין מורא ניט, ביסט ביי מיר אין די הענט, נאָר דיר מוז מען צוליב טאָן. איך ווייס פיל, פאָרט אַ מלך! יאָ, מיר וועלן דיך פאָלגן ער עפנט אויף די פושקע און שיט אויס די טאַביקע גיי, מלך פון די שדים! האָסט דיר אַפילו אַ ביסל פאַרפראָשעט די אויגן, דערפאַר האָסטו געהאַט אַזכיה צו ליגן ביי ר׳ פינחסל בעל־שם אין פושקע. גיי און דערצייל דיינע לייט פאַר אַ חידוש, אַז דו ביסט גאַנץ אַרויס פון מיינע הענט. זיי קענען מיך און וועלן זיך חידושן דעריבער. מחותנים, קומט צו דער חופּה! ער רייבט זיך די הענט.

ר׳ יחזקאל די קלעזמער זענען ניטאָ, זיי זענען אַוועקגעגאַנגען אויף דער אַנדערע חתונה.

בעל־שם וואָס טויג קלעזמער? אויף כפרות! געדענקט איר, דאַשעווער רבי־סערצע, דעם פעטער ר׳ יחיאלס קלעזמער, הע, הע, הע! צוויי חסידים, איינער מיט אַ קאַטשלקע אויף איין ריבלקע און איינער מיט צוויי שטעקלעך אויף אַ סקאָווראָדע, דאָס איז חסידישע קלעזמער! נעמט, קינדער צו צוויי חסידים, שפּילט! צוויי חסידים נעמען אַרויס פון דער שטיב אַ ריבלקע, אַ קאַטשלקע מיט אַ סקאָווראָדע, מען קלאַפּט, מען ריפּעט, מען פירט צו דער חופּה.

# עלפטער אויפטריט

אין דער קרעטשמע. שוין נאָך דער חופּה, נאָך דער וועטשערע אין אַ באַזונדער שטיבל; מען לאָזט איין אריין דאָס פאָרפאָלק, יאָסעלע מיט פריידעלען.

יאָסעלע זעט אויב די טיר איז ניט פארשפארט, זעט הינטערן בעט אויך, אויב עס האט זיך דאָרט קיינער ניט באהאלטן. גייט צו פריידע־לען, מאכט ווי א פאנפאטש לעבל! ער כאפט פון זיך אראפ דעם דעקטוך.

פריידעלע דערשראקן, מיט פרייד יאָסעלע! דו ביסט מיט מיר געווען אונטער דער חופה?! דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט... היינט פאַרשטיי איך שוין! און לעמל איז מן הסתם ביי דיין כּלה?

יאָסעלע פרעג נאָר קיין קשיות ניט. זיי מעגן זיך דאָרט שלאָגן קאָפּ אין דער וואַנט, אַבי איך בין די חופה איבערגעקו־מען! מיר וועלן אַפילו האָבן איין ארבעט, אַז דער סוד וועט אַרויסקומען, נאָר גֶפּן זיך וועט מיר קיינער ניט קענען נייטן, און דיך אויך ניט.

פריידעלע גֶטן? ניט דערלעבן זאַל דאָס קיינער! דו ביסט שוין מיין מאַן אויף אייביק!

# צוועלפטער אויפטריט

אין דרויסן. אַלע שטאָט־מחותּנים און די קרעטשמעס מחותּנים, בעלי־שׂם, עזריאל. אינעווייניק יאָסעלע מיט פריידעלען.

אַ קול פון דרויסן דער רוח האָט פאַרביטן די חתנים! וואו איז דער חתן? מען קלאַפּט אין דער טיר עפנט, עפנט, עס איז אַ טעות!

יאָסעלע פון אינעווייניק אַוועקט פון דער טיר! טוט ניט קיין גוואַלד־זאַך, איר וועט נאָך חלילה איבערשרעקן מיין ווייב.

ר׳ צלאל פון דרויסן וואָס מיין ווייב? ווער האָט זי אים געגעבן פאַר אַ ווייב? דער עזות פּנים, דער פּראַנצויז!

ר׳ יחזקאל מיט פאַרדרוס הערט נאָר צו, מיין ליבער ר׳ צלאל, זידלט איר ניט מיין קינד! איך שטיי אין אייך ניט און איך וואָלט מיט אייך קיין שידוך ניט געטון! און מיין זון איז דרינען ניט שולדיק, אַז גאָט האָט אַזוי געפירט, אַז דער רוח זאָל פאַר־בייטן די חתנים. ער זאָגט מיין ווייב, ער איז נאָך אַ יונג קינד.

איך ווייס פיל? אָבער איך באַשטיי נאָך דאַרויף ניט, ער זאָל אייער איידעם זיין. אויף אַלעמען איז צווישן יידן דאָ איין עצה! נאָר זידלען—תּרבות!

**יאָסעלע** פון אינעווייניק אַזוי ווי גאָט איז אייך ליב, קריגט אייך ניט און טוט ניט קיין גוואַלד=זאַך! מיר וועלן חלילה אַלע אומגליקלעך זיין! און יענץ פּאָר פּאָלק אויך! דער בעל=דָבר האָט שוין זיין שפּיל. ער קוקט נאָר אַרויס אויף מחלוקת, וועט ער אונז אַלע קענען טרעפן! דאָרט וואו שלום איז, האָט ער קיין שליטה ניט. פרעגט אייך דעם רב, זאָל לעבן. מאריך יָמים זאָל ער, דער הייליקער בעל=שם, זיין! ווען ניט ער, וואָלטן מיר אַלע אומגליקלעך געווען. מאָרגן וועל איך אים אַלדינג דערציילן; ביז מאָרגן האָט מיר דער בעל=דָבר אַליין אָנגעזאָגט, איך זאָל קיינעם ניט אַריינלאָזן, ווען ניט זענען מיר אַלע אין סַכּנה, מיר און יענץ פּאָר פּאָלק.

**מורה=הוראה** לויפט צו גייט אַוועק פון דער טיר, איך האָב מורא, עס זאָל דאָרט חלילה ניט שאַדטן מיין בן יָחיד! זאַטשעפּעט ניט!

**טאָלצע** וואָס, עס קאָן חלילה שאַדטן מיין בת יחידה? אַוועקט, רוצחים, פון דער טיר! טאָלצע מיט דעם מורה=הוראה שטייען ביי דער טיר און לאָזן קיינעם ניט צו.

**עוריאל** איז ביז צו זער געשטאַנען ווי אַ דולער, אַצינד הייבט ער ערשט אָן צו פאַרשטיין אַזוי, יאָסעלע איז דאָרט? דאָס איז אַ קלוגער יונג! ער צעלאַכט זיך, אַז ער פאַרקייכט זיך אַזש, דערנאָך שטופּט ער זיך צווישן עולם און זאָגט צו זיך אַליין דאָ מוז מען ווייזן יאָסעלען, אַז איך בין אים געטריי. דאָ וועט מאָרגן זיין ביר=געלט! שרייט הויך אַוועקט, אַוועקט פון דער טיר! איך לאָז קיינעם ניט צו! אַוועקט! איר ווילט דער טשאָרט זאָל ווידער קומען מיט דער לאַנגער לולקע=ציבוק? דער שליבמאַץ אין זאָקן? ער דערזעט דעם בעל=שם אין דעם קאַפּעלוש מיט דער לולקע=ציבוק אוי גוואַלד! אָט איז דער טשאָרט נאָר אָן דער רויטער זשופּעצע! ער שרייט עטלעכע מאָל גוואַלד.

**דער רב** ש=שטילער, ש=שוטה, עס איז ר׳פּנחסל בעל=שם!

**בעל=שם** איז ביז אהער געשטאַנען פון ווייטן, צונד גייט ער צו־
אָט דאָס הייסט אַ שפּיצל אָפּגעטאָן! נאַ, אַ פּאַרדראָס כלעבן. עס זאָל
ניט געווען זיין דער רעכטער בעל=דבר אַליין, וואָלט איך אים
אַמאָל פאַר דעם גאַנצן עולם משביע געווען, ער זאָל אַהער קומען.

**אַלע** זייער דערשראָקן **חלילה!**

**בעל=שם** פאַרשטייט זיך, איך וועל עס ניט טון, מיט דעם
בחור טאָר מען זיך ניט שפּילן. נאָר כאַנג טוט מיר, וואָס איך
האָב אים געפּאָלגט. אַז איך האָב אים שוין יאָ געהאַט אין די הענט,
בין איך דאָך געווען תקיף. איר האָט אַלע געזען, ווי ער האָט דאָס
קדחת פאַר מיר. זיין בריוו ליגט נאָך ביי מיר אין קעשענע, ער
וועט צוניץ קומען אויף איין אַנדער מאָל. איך וועל שוין וויסן
ווי דעם שקרן צו גלויבן! הערט נאָר צו, רבותים! אַז גאָטס ווילן
איז יאָ אַזוי און מע זעט דאָס בחוש, אַז גאָט האָט געהאָלפן,
ביידע חתנים האָבן זיך אָפּגעזוכט אָן אַ מכשול — לאָז=זשע שוין
טאַקע אַזוי בלייבן. מן הסתם איז עס אַ זיווג מן השמים! וואָרעם
דער בעל=דבר איז דאָך אויך שליח של מקום.

**עזריאל** נאָ, וואָס=זשע, שליאַכטיץ איז מאַקע, נעכיי בודע
טאַקע, אַבי ניע שליכמאַץ אין זאָקן.

**בעל=שם** און דער אמת איז טאַקע אַזוי גלייכער, עס
געהער איינס צום אַנדערן, אַ רבֿ מיט אַ מורה=הוראה, אַ גאמן מיט
אַ רענדער.

**עזריאל** און אַ בלינדע מויד מיט אַ בעזנאָסע!

**אַלע** טאַקע גלייכער אַזוי. מזל=טוב, מזל=טוב!

**עזריאל** מזל=קלאַפּ! אַבי מאָרגן וועט זיין אַ ביר=געלט!
מאָרגן עס איך אויף דריי שטיק פיש און אַן אָקע פליייש! מזל
אין טאָפּ! אוי, לעמל, לעמל! האָט מען דיר אָפּגעטאָן, שלימזל אויף
דיין קאָפּ! יאָסעלע, פריידעלע, הוליעט, מזל=האָפּ! ער טאַנצט אוועק.

**יאָסעלע** אינעווייניק צו פריידעלען **מזל=טוב אונז, פריידעניאָ!**

ער פאַרלעשט דאָס ליכט, דער פאָרהאַנג פאַלט אַראָפּ.

## ענדע דער גאַנצן שפּיל.

ווּעמען מע האָט געזונגען אונטערם וויגל:
„ראָזינקעס מיט מאַנדלען",
דער זאָל נאָר קויפן אָט דען קיגל,
ווּעט ער אַלדינג הצלחהען.

און סאָמער איז פאַר אייך, ליבער ר' קָרוב,
קוגל קיין מַשׂא־וּמַתּן —
בין איך פאַר דעם קוגל עָרוב,
ער ווּעט אייך ניט שאַדטן.

א. ב. ג.

1

פעט געבּרענט, גלאַנצט און שיינט,
פון ליים געמאַכט, דאָס לאָקשנטעפּל.
ווערן מוז דער קוגל היינט,
געשווינד אַהער פלאָמען, עפּל.
דער אויוון מוז זיין הייס,
רינען מוז דער שווייס,
זאָל דער טשאָלנט געראָטן אין אויוון;
דאָך די בּרכה קומט פון אויוון.
ווייל דער מלאך דען קוגל ניט באַקן,
העלפט קיין באַקן און קיין האַקן.

ווייל מען אַן אַרבּעט מאַכן געטריי,
מוז מען אַ ביסל שמו׳סן דערבּיי;
רירט זיך דאָס צינגל צווישן די ציין,
מאַכט זיך די אַרבּעט מָלא חן.
דעריבּער לאָמיר אומיסטן באַטראַכטן,
מיט וואָס אונזערע הענט זענען צינד באַמיט,
דען שלעכטן מענטשן מוז מען פאַראַכטן,
וואָס ווייסט ניט אַליין, וואָס ער טיט. *)
דאָס איז דאָך אינגאַנצן דעם מענטשנס מַעלה,
און דערצו האָט אים גאָט געגעבּן פאַרשטאַנד,
ער זאָל אין האַרצן זיך פרעגן אַ שאלה:
וואָס טו איך, וואָס מאַך איך דאָ מיט דער האַנט?

---

*) = טוט.

2

נעמט גענוג געַנזנשמאַלץ,
נאָר רעכט ריין זאָל עס זיין;
זעט, עס זאָל נאָר זיין אָן זאַלץ,
ראָזינקעס, בשׂמים טוט גענוג אַריין.
קאַטשעט די לאָקשן אויס,
נעמט פון די עפּל די קערלעך אַרויס,
כּדי דער קוגל זאָל גוט אונז שמעקן,
מיר זאָלן אַזש מאָרגן דעם טעלער אויסלעקן.

וואָס מע פאַררוקט אין טשאָלנט טיף אין אויוון
(ס׳זאָל נאָר האָבן, רבונו־של־עולם, טעם גן־עדן!),
לכּבוד שבּת ביים טיש גאַנץ אויוון,
וועלן מיר עס עסן מאָרגן אין נחת, אין פריידן.
עס זאָל נאָך בלייבן צום שלש־סעודות,
און צו מלוה־מלכּה אויך אַ שטיקל.
איך בין, ברוך־השם, אַ נגידית,
און מאַך ניט קאַליע אַ העמד איבער אַ צוויקל.
וואָס אינם אונטערשטיבל ביי דער שכנה
עסט די באַלעבאָסטע מיטם מאַן —
זאָל מען ביי דער נגידית בריינדל־שיינע
אַוועקגעבן דעם קבצן, דעם אָרעמאַן.

3

ווייסל פון איי צעשלאָגט מיט צוקער,
דערמיט זאָל דער קוגל ווערן באַשמירט.
זעט איר, דאָס איז גאָר דער עיקר,
אַזוי האָט זיך מיין מאַמע, עליה השלום, געפירט.
אויך אַ ביסל וויין
מוז אינם קוגל זיין.

ער מוז האָבן טעמים אַלערליי,
און אַזוי ווי דער מן, ווייס ווי שניי,
דען מיט אים איז מען מכבד געסט
צום שָלום־זָכר ביים געליבטן קינד;
דער עולם זיצט ביים טיש און עסט,
דאָס קינד אינגם קימפעט נאָך שטום און בלינד,
ווייס נעבעך ניט פונם לעבן צו זאָגן,
צי וועט זיך עס אַמאָל פרייען, צי וועט עס קלאָגן.
צינד ווייסט עס נאָר דער מוטערס בריסט,
און באַקומט זיין באַדערפעניש גאָר אומזיסט.
די יאָרן פליען ווי אַ פייל,
דאָס יינגל גייט שוין פונם חדר אַרויס,
פאַריאָגט זיך ערגעץ פאַר הונדערט מייל,
און שלעפט די גאַנצע וועלט זיך אויס.
פרעמד קומט ער צוריק
נאָך עטלעכע יאָר אויף יום־טובים,
אויסגעפּאַסעט ווי אַ ביק,
קאָם דערקענען איהן נאָוועגסטע קרובים.
ער זעט אַ מיידל צווישן זיי שטיין,
זיין מויל קאָן ניט זאָגן, וואָס דאָס האַרץ פילט;
קינדווייז האָט ער זי אָפט געזען.
זיי האָבן אָפט ביידע אין ניס געשפילט.
דורך די טעג, דורך די נעכט,
האָבן זיי געפלוידערט זייער גערן.
ווער האָט זיך דענצמאָל דערויף גערעכט,
אַז זי וועט אים גאָט פאַר אַ זיווויג באַשערן.
אַז וואויל איז דעם, וואָס האָט זיין זיוויג געטראָפן
אין די יונגע יאָרן, אין דער שיינער צייט,
אים שטייען אַלע הימלען אָפן,
אים זענען מקנא אַלע לייט.
הלוואי זיין גליק זאָל עוויג געווערן,
ניט פאַרשטערט זאָל אים זיין לעבן ווערן.

די לאָקשן זענען שוין צעשניטן,
פירעקעכיק ווי אויף קראַפּן.
לייגט די עפּל אַריין אין מיטן,
קלעבט צונויף, נאָר איר זאָלט ניט כאַפּן.

רירעוודיק, שרה, אַצינד,
קוק זיך נאָר אום געשווינד,

אויב אינם שמאַלץ איז צעגאַנגען דער ציקער *),
דען ווען דאָס פּעטע מיט דעם געשמאַקן
ווערט אינם אויוון גוט אויסגעבאַקן,
מאָגן עס עסן די גרעסטע שׂרָרות.
קומט עס אַרויס פונם אויוון רוי,
גיט מען עס אַוועק דעם שבת־גוי,
ווייל עס טויג גאָר אויף כּפּרות.

אַזוי מוז מען אויך זען, ווער עס זוכט אַ ווייב,
אַזביידע זאָלן זיין גאָר ווי איין לייב,
עס זאָל אים חלילה דערנאָך ניט טון באַנג.
החתונה האָבן איז ניט קיין מלאכה,
גוט לעבן מיט אַ ווייב, דאָס איז אַ ברכה.
די שמחה איז קורץ, די צרות לאַנג.
אַוודאי איז אַ כּלה מלא חן,
אַז דער חתן נעמט זי צום ערשטן טאַנץ;
די אויגן, ווי זענען זיי ליכטיק, שיין,
אַז זיי טוען פון אונטערם דעקטוך אַ גלאַנץ!
ווי שיין דאָס פּיסל אינם נייען שיכל,
ווי שיין דאָס הענטל, פאַרוויקלט אינם טיכל!
דערונטער פאַרבונדן דעם טבעת קידושין,
ווי וואָלט עס דער חתן געוואָלט שוין קושן!

*) = צוקער.

מע רופט אויס מחותנים מיט דער כלה טאַנצן,
דערנאָך די משפחה גאָר אינגאַנצן.
ביי איטלעכן שרייט דער מאַרשעלאָק שבֶּ"ס: *)
און זאָגט גראַמען ביי איטלעכן באַזונדער,
דערנאָך טאַנצן די אַלטע באַבעס,
היפּן און שפּרינגען ווי קליינע קינדער.
דער מאַרשעלאָק פאַרשטעלט זיך פאַר אַ בער,
און שפּרינגט אַריין אין מיטן קאָן.
אַן אַנדער מאַרשעלאָק טוט נאָך מער,
ער טראָגט אַ לייטער אויפן צאָן.
אַזוי גייט אַוועק אַ האַלבע נאַכט,
דער חתן זיצט אין צרות פאַרשמאַכט,
ס'איז היינט ביי אים געווען אַ תענית,
אויף אים האָט קיינער קיין רחמנות.
מע זאָל איהן פרעגן וואָס זאָל געשען,
איז שוין לאַנג צייט אַוועקצוגיין.

נאָר אַלע זאַכן האָבן דעך אַן עק,
פרעמדע מענטשן גייען שיין אַוועק,
די מחותנים הייבן אויך אָן שלעפריק צו ווערן,
באַלד וועט דעם חתן שוין קיינער ניט שטערן.
די מחותנים טרינקען שוין: לחיים!
די קלעזמער שפּילן שוין אַ וואָלעך אַ נייעם.
מע פירט צום חתן צו די כלה,
אַרום זיי שטעלן זיך די מחותנים אַלע,
די אונטערפירערס ביי דער זייט,
עס איז שוין באַלד צו שלאָפן צייט.

נאָר זייער קורץ איז די גליקלעכע נאַכט,
גאָר צו געשווינד גייט אויף די זין.
קאָם האָט דער יונגערמאַן פונם שלאָף אויפגעוואַכט,
און גאָר עפּעס אַנדערש איז אים שוין אין זין.

*) שַמש, בַּדחן, סטרוזער. — א. ב. ג.

די דריי יאָר קעסט האָט ער שוין אָפּגעגעסן,
דעם נדן האָט מען אים שוין אָנגעזעצט,
אַ פּאָר בריתן צו מאַכן האָט ער אויך ניט פאַרגעסן,
איר צירונג ליגט שוין אויך פאַרזעצט.
צינד דאַרף מען אַראָפּ פון קעסט,
אַן אַם מוז מען האַלטן, אַ ניאַנקע אויך,
און אַ מויד אין קיך ניט פאַרגעסט;
אָט דאָ הייבט אים אָן צו דאַרן דער מוח,
דער יונגערמאַן מוז אַר׳יס אויף דער וועלט,
זוכן דאָס געלט,
מוז די גמרא פאַרבייגן,
דאָס לערנען אַוועקלייגן,
ער מוז זיך באַמיען,
פאָרן, פליען,
מוז יאָגן און לויפן,
האַנדלען און קויפן,
זיך קריגן און שרייען,
שווינדלען, שאַכרייען,
זיך קאָפּ אין דער וואַנט שלאָגן,
דאָס גליק צו דעריאָגן.

אָט דאָ הייבט זיך אָן מזל און ברכה,
עס האָט זיך אים אַריינגעכאַפּט דאָס שטיקל הצלחה,
ביסלעכווייז טרייבט ער דען דלות אַרויס,
און באַלד הייסט עס שוין טאַקע גאָר אַ רייך הויז.
דאָרט פּאַניוועט
דאָס ציכטיקע ווייבל,
אַ מוטער פון קינדער,
האַלט ריין ווי אַ טייבל
איטלעכס באַזונדער,
זי פירט דאָס מיידעלע
אין אַ ריין קליידעלע,

און לאָזט ניט די ייִנגען
שטיפן און שפּרינגען,
און אַלדינג ברענט
ביי איר אונטער די הענט.
זי קאַרגט און שפּאָרט איין,
און זעט אַלדינג זאָל זיין,
און פאַרמערט דאָס פאַרמעגן
מיט איר איבערלייגן,
זי פילט מיט עשירות אָן די קאַמאָדן,
גיט אַכטונג, ס'זאָל קיינמאָל ניט זיין קיין שאָדן,
און באַהאַלט אינם קאַסטן, ס'זאָל ניט ווערן פאַרפאַלן,
דעפּוזיטן, קערבלעך און האַלבע אימפּעריאַלן,
און זעט אַלדינג זאָל האָבן דען זיבעטן חן,
און אַליין איז זי שיין.

און דער פאָטער, מיט פריילעכעם בליק,
זיצט ביים שרייבטיש אויף אַ ווייכער שטיל *),
באַטראַכט צופרידן זיין גרויס גליק,
געשעפטן זענען גוטע, געלט איז דאָ פיל,
אין קאַנטאָר פאַרדינט מען אין איין קערבל פיר,
אין די פּאָדראַדן איז דאָס גליק גאָר אָן אַ שיעור,
אין דער אַרענדע פאַר בראָנפן פאַרקויפט מען וואַסער,
און מע נעמט צוויי מאָל וויפל די צינע,
און קיינער טוט ניט אַ פּיפּס אַ מַסָר,
עס מאַכט אפילו ניט קיינער אַ קרומע מינע.
אין די אַקציזן טוט מען אויך וואָס מע וויל,
און אומעדום איז ברוך־השם ספּאָקאָינע, שטיל,
און מיט גַדלות באַרימט זיך זיין מויל:
מיך ווײַט ניט נעמען קיין פייל און קיין קויל,
מיין מזל איז זייער הוין',
אַקעגן מיר האָט קיינער קיין כוח!

*) = שטול.

דאָך די מַזָלות זיצן אויוון און לאַכן:
מיט אונז קאָן מען אויף אייביק קיין קאָנטראַקט ניט מאַכן,
האַלט ניט אַזוי [אַזאַ] שטאָלצן שמי׳ס,
דאָס אומגליק האָט זייער גרינגע פיס.

5

וואויל! שוין צייט מיט שמאַלץ איהן איבערצוגיסן,
ער איז שוין שיין משוגה.
נאָר לאָז דיך שָרֶהניאָ ניט פאַרדריסן,
פרי׳ר מוזן מיר זאָגן די תחינה!
רוקט דען קוגל אַריין!
גאָט זאָל אונז מְשַמר זיין!
דער אויוון פלאַמט ווי אַ לאַמטערן,
עס זאָל חלילה אַ שרפה ניט ווערן.

דאָס פייער דאַכט זיך שרפעט, ברענט,
קומט עס אָבער אַריין צום מענטשן אין די הענט,
איז עס אַ גרויסע טובה פאַר דער וועלט.
אַלע זאַכן, וואָס זענען טייער,
מאַכט דער מענטש נאָר מיט פייער,
און אָנעם פייער וואָלטן מיר געשטאָרבן פאַר קעלט.
אָבער שרעקלעך איז דעם פייערס כוח,
אַז עס לויפט דעם מענטשנס הענט פאַרביי,
דאָ פלאַקערט עס גאַנץ הויך,
אין דער לופט, פראַנק און פריי.
וויי, ווען ס׳כאַפט זיך אַרויס
און גייט אַלעמאָל העכער
קויקלט אַלע גאַסן אויס
און קלעטערט אויף אַלע דעכער
גנבעט זיך אַריין אין איטלעכן הויז,
דורך שפאַרינעס, דורך לעכער!

הימל און ערד, וואַסער און פייער,
זעען דעם מענטשנס אַרבעט ניט גערן,
איטלעכער גיט עפּעס צו שטייער,
וואָס ער בויעט גיך צו צעשטערן.
פונעם וואָלקן קומט די הצלחה,
קוועלט די ברכה,
אונז אַקעגן
גיסט דער רעגן;
פונם וואָלקן מיט פייער און היץ
פליט דער בליץ.
זעט איר דאָרטן לויפן, שפּרינגען
יונג און אַלט?
הערט איר דאָרטן פּויקן, קלינגען
נאַנעוואַלט?
רויט ווי בלוט
איז דער הימל;
אין איין מינוט,
וואָס פאַר אַ געטימל!
זעט ווי הויך
עס וואַלגט דער רויך.
אַ פלאַקערדיקער פייערזייל
לויפט דורך די גאַסן, די לאַנגע צייל,
גיך און געשווינד,
געטראָגן פונם ווינט,
ווערט זי אַלעמאָל נאָך גרעסער
און פלאַקערט בעסער.
עס קאָכט דאָרט אויוון,
ווי אין אַ קאַלעכאויוון;
דעכער פלאַקערן, באַלקן קראַכן,
אין שטוב ברענען שוין אַלע זאַכן,
סטעליס טאַנצן, טירן שפּרינגען,
פענסטער הערט מען פּלאַצן, קלינגען,

קינדער שרייען, וויינען, קלאָגן,
מוטער זוכן, לויפֿן, יאָגן,
בהמות ריטשען,
הינער קוויטשען
אין דער קאַמער, אין די שטאַלן,
וואָס זענען אויף זיי אומגעפֿאַלן;
איטלעכער לאָזט אויף הפקר זיין הויז
און וואָלט נעבעך גערן מיטם לעבן אַרויס.
מע לויפֿט ווייט אַוועק גאָרניט געטראַכט,
יענער אים העמד, דער נאַקעט און בלויז;
אַזוי ווי טאָג איז ליכטיקער די נאַכט,
מע שטייט און מע קוקט, דער עולם איז גרויס.
דער עמער פֿליט אום
פֿון הענט צו הענט,
מע קלעטערט אַרום
אויף דעכער, אויף ווענט,
דער שלעפּט אַ דרוק,
דער טראָגט אַ קרוק,
מע ברעכט, מע האַקט,
מע ראַטעוועט, מע פּאַקט.
דער שפּריצט מיטם שפּריץ,
דער קריכט אין דער היץ,
וואַרפֿט פֿונם פֿענסטער אַרויס אַ שפּיגל,
און באַלד דערויף אַ שטייסל געשווינד;
און יענער טאַסקעט אַרויס אַ וויגל,
מע זעט אָבער דרינען ניט דאָס קינד.
און אויפֿם שפּריצער,
שטייט דאָרט אימיצער,
און מיטם גאַנצן כּוח
שפּריצט ער הויך
און וואַרפֿט דאָס וואַסער אַהין און אַהער,
אָבער דאָס פֿייער ברענט אַלע מאָל מער.

דעם פייער צו הילף איז דער ווינט געקומען
און האָט עס אויף זיינע פליגל גענומען;
און טראָגט עס און וואַרפט עס אין דער לענג, און אין דער ברייט-
אַצינד עס צו לעשן איז שוין צו שפּעט.
עס שטורעמט דאָס פייער מיט געפילדער, מיט רַעש,
עס ברענט און מאַכט פון אַלעמען אַש:
אין טויק, אין גאָרטן, אין קאַמער, אין שטאַל,
דאָ די בהמות, דאָרטן דאָס ברויט;
אומעדום אומגליק, ביטער ווי גאַל,
נישטאָ גאָר קיין הילף אין אַזוי [אַזאַ] נויט.

דאָ זעט שוין דער מענטש וואָס איז גאָר זיין קראַפט,
נישטאָ קעגן גאָט קיין בְּריהשאַפט;
צונד שטייט ער גאָר שטיל, לאָזט אַראָפּ די הענט,
און זעט צו גאַנץ רויִק ווי עס פלאַקערט, עס ברענט,
פריילעך, לוסטיק, ליכטיק און העל,
און פון זיין עשירות ווערט גאָר אַ תֵּל. —

אָפּגעברענט שטייט דער זרוב,
די פענסטער קאָם פאַרשטעלט מיט לוב,
קיין טיר, קיין טיש, קיין בעט, קיין באַנק,
דאָרטן ליגן צינד האַלב קראַנק
אַלע אינאיינעם אויף אַ ביסל שטרוי,
מע הערט ניט מער, נאָר וויי און אוי!
פון אַלע זייטן בלאָזט דער ווינט,
עס קלאָגט דאָס ווייב, ס'וויינט דאָס קינד.
צינד קוקט דער מענטש זיך ערשט אַרום
אין אַלע ווינקעלעך, אומעדום,
וואָס ס'איז געוואָרן פון זיין פאַרמעגן,
ער האָט ניט וואו דעם קאָפּ צו לייגן.
וואָס טוט מען מיט די קינדער, מיטם ווייב?
ווי קען מען זייערע צרות זען?

באַקעס ווי פון דער מוטערס לייב,
מוז ער צינד אין די הייזער גיין.
איין טרייסט בלייבט אים אין דער צרה:
מע טאָר דעך, גאָט, ניט פרעגן קיין קשיות,
דאָס גאַנצע פאַרמעגן אַ שיינע כפרה,
עס זענען געבליבן אַלע נפשות!

6

נאָ ער איז שוין אין טשאָלנט פאַרריקט *),
געמאַכט האָבן איהן שיין אונזערע הענט.
וואָלט אונז גאָט נאָר ערשט באַגליקט,
ער זאָל ניט אין טשאָלנט ווערן פאַרברענט.
אָדער חלילה פאַרקערט,
ווען ס'איז אַן אומגליק באַשערט,
קאָן ער זיך חלילה גאָר צעגיסן,
מע זאָל צו עסן איהן זיך מיאוסן,
עס קאָן דאָך זיין בשעת מיר האָפן,
האָט זיך אים שוין אַן אומגליק געטראָפן.

אַזוי לייגט דער מענטש אין ד'ערד אַריין
זיין אַרבעט, זיין פראַצע, מיט שווערער נויט,
און קאָרן און ווייץ, מזומן ברויט,
און האָפט עס וועט וואַקסן און זייער פיל זיין,
און גאָט וועט אים די ברכה באַשערן
און הונדערט מאָל אַזוי פיל וועט זיך עס פאַרמערן.
נאָך טייערע זאכן, וואָס זיינען אונז ליבער,
מוזן מיר תמיד דער ערד איבערגעבן,
מיר האָפן אָבער, זיי וועלן פון די גריבער
אויפבליען צון אַ בעסער לעבן.

---

*) = פאַררוקט.

דער שַמש שטייט,
ער רופט און שרייט:
„צו מת־מצווה גייט!
מלווה זייט
אַן אייניקל פון אונזערע הייליקע אָבות
צום קבר! וצדקה תּציל מִמָוֶת!"
אָך און וויי! פינסטער און ביטער!
וואָס פאַר אַן אומגליק דאָ איז געשען!
די וואָס מע טראָגט זיי אַוועק אַצינד,
די וואָס מע וועט זי באַגראָבן געשווינד,
זי איז דאָך געווען אַ טייערע מיטער,
אַ געטרייע ווייב איז זי דאָך געווען.
אַז אָך און וויי דעם מאַן, די קינדער,
זי איז דאָך אָפּגעשטאָרבן איטלעכן באַזונדער,
אַן אויג אין קאָפּ איז איטלעכס קינד
געווען ביי דער מוטערס לעבן;
וואָס וועט פון זיי ווערן צינד?
ווער וועט אויף זיי אַכטונג געבן?
ניטאָ די מאַמע מיט הונדערט אויגן,
וואָס די נשמה איז איר שיר אַרויסגעפלויגן,
פאַר איטלעכן קינד, אויף איטלעכן טרייט *),
צינד זענען די קינדער צעזייט און צעשפּרייט.
אַ פרעמדע וועט איבער זיי שאַפן באַלד,
אַ שטיפמאַמע, ווי אייז אַזוי קאַלט!

7

אַזוי לאַנג ער שטייט אין אויוון,
קענען מיר דערווייל גיין ריען;
דען שבתים און יָמים־טובים
דאַרף זיך קיינער ניט באַמיען.

*) = טריט.

עס איז שוין דאַכט זיך צייט,
מע בענטש שוין ליכט ביי לייט,
דער שמש רופט שוין אין שול אַריין,
באַלד וועט מען מקבל שבת זיין.

לוסטיק גייט דער ייד גאַנץ פריילעך,
מלא שמחה ווי אַ מלך
אין שול אַריין פרייטאָג פאַרנאַכט.
גענוג, אַן עק שוין לויפן, יאָגן.
אָפּגעבאָדן, אויסגעצוואָגן,
אָנגעטון און אויסגעגלייכט,
קומט ער אין שול אַריין צו גיין,
און ביי דער טיר בלייבט ער שטיין.
צום אָרון־קודש אָנגעבויגן,
הייבט ער אויף צו גאָט די אויגן
און זאָגט די ווערטער הייליק, פרום,
מיט כוונה און יראת־שמים:
„אין זה כי אם בית אלהים
וזה שער השמים".
ער גייט זיך אויף זיין שטאָט אַרויף
און עפנט זיך דען חומש אויף,
איז מעביר די סדרה מיט טראָפּ,
מיט אַ פריילעך האַרץ און אַ קלאָרן קאָפּ,
פאַרגעסט אין אַלע זיינע יסורים
און זאָגט גאַנץ פריילעך שיר השירים.
מע דערקענט אין אים אין איטלעכער מינע,
אַז ער מיינט גאַנץ ערנסט און פילט דערביי,
אַז דאָרטן שמועסן זייער געטריי
כנסת ישראל מיט דער שכינה.
דער שמש צינדט די ליכט אַרום,
אין די העגנלייכטער אומעדום,

דער חזן דאַוונט גאָר אַ וואונדער,
אויפֿן קויל, און שרייט גאַנץ הויך,
מלַמדים שרייען מיט די קינדער
ברוך הוא וּבָרוך שמו! אָמן! מיטן גאַנצן כּוח.
דער חזן גייט אויפֿן בעלעמער אַרויף,
דער גאַנצער עולם שטייט צינד אויף,
נאָך דעם חזן שרייען אַלע:
„לכה דודי לקראת כלה!“
דודי, דער פֿריינד, דער געליבטער אַליין,
איז כּל ישראל פֿון גרויס ביז קליין.
די כלה איז שבת, דאָס ווייסט אַ קינד,
איר גייט מען עס אַקעגן צינד.
און אָרעם און רייך,
אַלע גלייך,
פֿירן צו זיך אַהיים די כלה.
איטלעכס שטיבל איז אויסגעפּיצט.
און אויפֿן טיש ליגט שוין די חלה.
און אויוונאָן גאַנץ פֿריילעך זיצט
דער באַלעבאָס און ווייַן אויף קידוש,
אָדער בראָנפֿן גאָר אַ חידוש,
שטייט פֿאַר אים שוין אויפֿן טיש,
און די פֿיש
האָבן אַוודאי טעם גן־עדן,
און ווייב און קינדער, אין נחת און פֿריידן,
זיצן אַרום
און אומעדום
אין איטלעכן ווינקעלע איז ריין ציכטיק,
און די בענטשליכט ברענען ליכטיק.
עס איז שוין פֿון אייביק דער מנהג אַזוי,
אַז דער שבת־גוי
איז מיט אַ שטיקל קויליטש צופֿרידן
און פּוצט די ליכט ביי אַלע יידן,

און ווינטער הייצט ער אין די ריבע דערצי
שבת פרי, —
אַ שטיקל פיש, אַ ביסל יויך,
דערפון ווערט ניט צעזעצט דער בויך.
אַ ביסל צימעס מעג מען אויך עסן,
אַ גלעזעלע קוואַס, אַ גלעזעלע ביר,
נאָר ניט זויפן, נאָר ניט פרעסן,
ווי אַנדערע אום זונטאָג גאָר אָן שיעור.

הערט איר דאָרטן זינגען, שרייען,
אַ ניגון גאָר אַ שפּאָגל נייען;
דאָס זינגט אַ טאַטע מיט די קינדער
שיינע זמירות, גאָר אַ ווינדער.
דער פאָטער, אַ ייד פון זעכציק יאָר,
מיט אַ שיינער באָרד, מיט גראָווע האָר,
זיצט אויוונאָן ביים טיש און קוועלט
פון דער גדולה, וואָס גאָט האָט אים געגעבן;
ער האָט זיך דערלעבט אויף דער וועלט
קינדער, אייניקלעך, זיי זאָלן לעבן!
אַ שיינע קאַפּעליע צו די זמירות,
דאַרף מען האָבן אַ גרעסער עשירות?!
קיין עין־הרע, צוועלעף שטיק,
זינגען אַלע מה ידידות;
דער אַלטער באַבע אויף איר גליק
איז מקנא די גרעסטע נגידית.
די אַלטע באַבע, נאָך פריש און געזינט,
זיצט זיך נעבן אַלטן זיידן,
קוקט מיט נחת אויף איטלעכן קינד
און איז לעבעדיקערהייט אין גן־עדן.
אַז וואויל אַזוינע אַלטע באַבעס,
וואָס פילן אַזוי דען טעם פון שבת!
באָר וועלכער מענטש פון אָרעמען שטאַנד,
וואָס שלאָגט זיך אַ גאַנצע וואָך קאָפּ אין דער וואַנט.

צו פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט,
און לעבט אין דלות און אין נויט,
פילט ניט, נאָך זיין שווער באַמיען,
דאָס זיסקייט פון אום שבת ריען.
און פון דער אַרבעט מאַט און מיד
איז טאַקע כמעט איטלעכער ייד;
דער מיט די הענט, דער מיטן מוח,
קיינער האָט זיין ברויט אָן כּוח.
נאָר שבת איז זיין גליק אינגאַנצן,
ניט צום הוליען, ניט צום טאַנצן;
נאָר רוען זעט מען אין אַלע ערטער,
און זאָגן הערט מען הייליקע ווערטער.
שבת פרי, ווי ער עפנט די אויגן,
גייט ער און זאָגט שוין ברכות;
און באַלד אין שול אַריין געפלויגן.
נגידים, סוחרים, בעלי־מלאָכות,
אַלע גייען אין שול אריין,
דאַווענען און עולה תורה זיין.
קומט ער פון דער שול צו גיין,
מאַכט ער קידוש זייער שיין;
און איידער ער טרינקט דען קידוש אויס,
נעמט שוין דאָס ווייב דען קוגל אַרויס.
פיש און פלייש און אַנדערע זאַכן
עסט מען אויך אָפט אין דער וואָכן,
אויף שבת מוז מען אַ קוגל מאַכן.
און ווייל מע טאָר אום שבת ניט קאָכן,
רוקט מען איהן אין טשאָלנט אַריין.
דער מלאך זאָל זיין קעכער זיין.
אַז יידן זענען גוט און פרום,
געראָט דער קוגל אומעדום.
און דאָס איז שוין אַ קלאָרע ידיעה,
אַז ער איז צו אַלעמען אַ רפיאה; *)

*) = רפואה.

צי אין קאָפּ, צי אין האַרצן,
וואו מע פילט נאָר עפּעס שמאַרצן,
זאָל מען נאָר דעם קוגל עסן,
און מע וועט זיי באַלד פאַרגעסן.
טאָמער ווילט איר מיר ניט גלייבן
(מע גלייבט ניט אַלצדינג אין אונזער צייט),
וועל איך אייך ניט נייטן כלעבן,
פרעגט אייך אַלע פרומע לייט. —
דאָס איז אָבער דאָס גרעסטע ווינדער,
דאָס ווייסן אַלע יידישע קינדער,
אַז ווער ס'וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם יאָך
און האָט מיט קוגל ניט פאַרביסן,
דער איז הונגעריק אַ גאַנצע וואָך
און ווערט גאָר נעבעך אויסגעריסן.
און ערלעכע יידן, וואָס עסן איהן פעט,
האָבן אַ גאַנצע וואָך די זעט.

8

נאָ, שוין גיכער, שרה־צייטל!
דערלאַנג דאָס מעסער אַהער געשווינד!
לאָמיר עפענען דאָס טשאָלנטבי־עטל,
דעם קוגל וועלן מיר זעען אַצינד.
שטעק דאָס מעסער, שטעק!
דאָס ברעטל רייס אַוועק!
זאָל דער קוגל אונז געהערן,
מעג דאָס ברעטל צעבראָכן ווערן.

אַ באַלעבאָסטע מעג צעברעכן,
ווייל זי ווייסט גוט וואָס איר טויג;
נאָר אָך און וויי איז דער קעכין,
זי מוז אַלדינג היטן ווי איר אויג,

צעברעכט זי אין קיך אַפילו אַ טאָפּ,
וועט עס אויסגיין צו איר קאָפּ.
זי מוז שוין הערן שעלטן, שרייען:
צעברעכן זאָלסטו אַ פוס אין דרייען,
ווי דו ברעכסט גאָר טאָג און נאַכט,
האָסט מיך שוין גאָר אויסגעבראַכט.
ס׳איז דאַכט זיך אַפילו גאָר ניט רעכט
צו שעלטן און אַזוי צו לאָזן דאָס מויל;
ס׳איז אָבער ווידער זייער שלעכט,
צו לאָזן די דינסטן זיין אַזוי פויל.
וויל מען נאָר ספּאָקאָינע לעבן,
מוז מען אויף דינסטן אַכטונג געבן.
גיט די באַלעבאָסטע נאָך
און לאָזט דער דינסט סוואָיע וואָליע,
קוקט דער מאַן זיך אום דערנאָך,
און מאַכט דעם ווייב אַ בייזע דאָליע.
עס קומט דערפון קיין גוטס אַרויס,
אַלע זאַכן ברעכט מען אויס:
די דינסט אין קיך צעברעכט די טעפּ,
און מאַן און ווייב אין שטוב — די קעפּ.
האָט די באַלעבאָסטע אָבער אויגן,
און זעט די דינסטן זאָלן טויגן,
זאָלן ניט זיין קיין בהמות
און זאָלן זייערס טון בשלימות;
דאָס עסן זאָל זיין צו דער צייט
און ריין אין שטוב ווי ביי לייט,
אויסגעקערט, אויפגעראָמט,
דאָס טעפּל אין אויוון אָפּגעשאָמט,
אין ריבע געהייצט, דעם קוימען פאַרשטעקט,
צו דער צייט דער טיש געדעקט,
דער קעלער, די קאַמער, די שאַפע פאַרשלאָסן,
די פּאָמיניצע אויסגעגאָסן,

איז אַוודאי שָלום אין הויז,
און קיינער גיסט דאָס באָד ניט אויס.

9

שמחה האָט מיר גאָט געגעבן!
ער לאָזט זיך—זעט נאַר, זעט מיין גליק!—
פונם לאָקשנטאָפּ אויסקלעבן,
ווי אויסגעגאָסן פון איין שטיק. —
פון אויוון ביז אַראָפּ
גייט קיין שטיקל אָפּ.
געראָטן דער קוגל שיין און פיין,
מוז די באַלעבאָסטע אַ בְּריה זיין.

אַהער! אַהער! טאָכטער! שניר!
שטעלט אייך אַלע אַרום מיר!
מען מוז דעם קוגל, דעם שיינעם, כלעבן,
אַ כָּשֵרן, אַ יידישן נאָמען געבן.
פון דער סדרה פאַלט מיר איין,
צפּיחית זאָל זיין נאָמען זיין.
שיין ווי דער מָן איז דאָך אַשו
און האָט אַ טעם כצפּיחית בדבש.
ווער עס וויל די טייטש פאַרשטיין,
מוז אינם צאֶינה־וראֶינה זען.

און דאָס זאָל זיין פון אים דער סוף,
מע זאָל אים טראָגן אויפּם טיש אַרויף,
צו שניידן זאָל מען איהן, דען שיינעם,
עסן זאָלן מיר איהן אַלע אין איינעם,
עסן — לכבוד שבת קודש.
מ'האָטעך היינט געבענטשט ראש־חודש—
אַ גוטן חודש זאָל גאָט אונז געבן;
אין נחת, אין פריידן זאָלן מיר לעבן.

און בשעת מיר ווען דען קוגל עסן,
זאָלן מיר דרינען אויך ניט פאַרגעסן,
אַז פון דער וועלט גייט אַלץ אַוועק,
און אַלע זאַכן האָבן אַן עק.
און פון דעם טייערן גרויסן מיוחס,
פונם שיינעם קוגל צפּיחית
וועט אויך באַלד ניט בלייבן אַ לעק.
קלער אַהין, קלער אַהער,
ניטאָ אויף דער וועלט קיין אייביק געווער.

אַנאַ, הייבט דען קוגל אויף!
פונם לאָקשן־טאָפּ אַרויס.
טראָגט איהן אויף דעם טיש אַרויף,
צעשניידט און טיילט איהן איטלעכן אויס!
נאָ, גייט שוין, גייט!
ס'איז שוין שפּעט.
הערט איר דאָרטן דאָס געזאַנג,
אַ סימן, דער עולם האָרט שוין לאַנג.
רירט זיך, קינדער! רירט זיך גיך!
דען קוגל, דען קוגל דערלאַנגט געשווינד!

# אַ חברה־מאַן פון דער חברה־קַדישא

דערציילט, ווי ער האָט צליין געזען אַ טויטע נשמה (גלגול)
און זי האָט אלעס פון חדר ארויסגעגעבן, ווער זי איז.

איך בין שוין כמה יאָרן אַ חברה־מאַן פון דער חברה־קדושה. ווי דער שטייגער איז, בין איך פריער געווען אַ מאָלאָדשע און מיין עסק איז געווען צו זיצן ביי קראַנקע, אָפּטמאָל ביי יציאת־נשמה, דאַריבער בין איך אַ גרויסער מבין אויף גסיסה, און אַז איך לייג אַ פעדער אויף דער נאָז און זי רירט זיך ניט *), ווייס איך געוויס, אַז דער קראַנקער איז געשטאָרבן, און איך טו אים זיין רעכט און באַגראָב אים. גלייבט מיר, אַז עס איז שקר וכזב, וואָס די היינטיקע אויפגעקלערטע האָבן אָפּגעקלערט, אַז מען באַגראָבט יידן פאַר דער צייט — שקר! מען באַגראָבט קיין יידן ניט צו פרי. גלייבט מיר, די פעדער איז דער בעסטער סימן; אַז די פעדער רירט זיך ניט, פאַרוואָס זאָל מען ניט באַגראָבן. אוודאי, ווען די פעדער זאָל זיך נאָר אַ ריר טון, וואָלט מען זיך שוין ניט געאיילט אַזוי גיך צו באַגראָבן. אונזערע אָבות־אַבותינו זענען כלעבן ניט משוגע געווען, וואָס עס פלעגט זיך ביי זיי אַמאָל טרעפן, אַז מע האָט אַ מת גאָר דערלאַנגט אַ פּאַטש פון דער האַנט **), ווען ער האָט זיך גערירט נאָך דעם טויט; וואָרעם ממה־נפשך: ביסטו אַ מת, וואָס־זשע רירסטו דיך? גיי דיר איין דיין רו אַריין. אַי־וואָס? טאָמער איז ער גאָרניט געשטאָרבן? — שקר! — דאָס קען ניט זיין, מען האָט אים געלייגט אַ פעדער אויף דער נאָז. אָלא־וואָס־דען, איז דאָך עס אַ ניטגוטער, אַ רוח הטומאה, רחמנא־ליצלן! נאָ, נאַ־זשע דיר אַ פּאַטש און גיי!... נאָר איך בין דאַרויף ניט אויסן, איך וויל אייך דערציילן אַ מעשה, וואָס האָט זיך מיט מיר אַליין פאַרלאָפן, אַז איך בין נאָך געווען

---

*) ניט די נאָז מיין איך, נאָר די פעדער.

**) עס פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים פריער מחילה געבעטן.

אַ מאָלאָדשע. נאָר כריער מוזט איר וויסן, אַז איך בין ניט עפּעס אַ ייִדלאַק, וואָס דאַכט זיך אים, אַז אַ קו איז געפלויגן איבערן דאַך. אַזוי ווי איר זעט מיך גאָר אַ פּראָסטער ייִד, גלייב איך ניט אין אַלע נאַרישקייטן. איך האָב קיין מורא ניט ביינאַכט אַליין אַרויס־צוגיין. כאָטשי עס טרעפט זיך טאַקע מעשיות — נאָר איך האָב פאָרט קיין מורא ניט. עס האָט זיך מיר שוין אַמאָל געטראָפן צו שלאָפן אין אַ שטוב, וואָס עס איז דאָרט קיין מזוזה ניט געווען, פונדעסטוועגן בין איך געשלאָפן רויִק, גאָר אָן פּחד — איך האָב פאַרוודע די ציצית געלייגט צו קאָפּן! איך בין שוין אַמאָל ביי־נאַכט געווען אין אַ מיל, כאָלט אייך, ניט איינער אַליין — און דער מילנער איז דווקא געווען אַ כישופמאַכער — און איך האָב זיך גאָרניט געשראָקן. עס פאַרשטייט זיך, אַז נעכטיקן האָב איך דאָרט ניט געוואָלט פאַר אַ מיליאָן, וואָרעם נעכטיקן אין אַ מיל מוז מען דאָך שוין זיין טאַקע אַ הפקר־מענטש. מילא, איך זאָג דאָס עס אַקעגן דעם, איך וועל אייך ניט פאַרזאָגן קיין פּזמון, אַז איך זאָג אייך אַן אמתע מעשה, מעגט איר מיר גלויבן. —

די מעשה איז אַזוי געווען:

איך האָב אַמאָל באַגראָבן אַ מת און האָב מיך אַ ביסל אויפן בית־עלמין פאַרזאָמט. איך האָב דאָרטן געדאַרפט אַיין אַנדער מת צאָמען און אַ מצבה שטעלן; דערביי האָב איך, ווי דער שטייגער איז, אין אוהל — אַ פּאָר טרונק בראָנפן געטון און פאַרביסן מיט אַ רעטשן קיכל, האָב אַ ביסל מענה־לשון געזאָגט און בין מיר ווי מיין טבע איז, פריילעך אַהיים געגאַנגען. גייענדיק אויפן וועג, בין איך פאַרבייגעגאַנגען פאַר דער שטוב, וואו דער ייִד איז געשטאָרבן, וואָס איך האָב אים פאַר אַ פּאָר שעה באַגראָבן. ווי דער מנהג ישראל איז, האָט שוין אויפן פענסטער געברענט אַ ליכט, דערביי איז געשטאַנען אַ גלאָז וואַסער און אַ שטיקל לייוונט, כלומרשט אַ האַנטעך איז דערביי געהאָנגען. איך טו אַ קוק — די נשמה שטייט און וואַשט זיך און ווישט זיך אָפּ. קיין בעל־פּחדן בין איך ניט, איך גיי מיר אַזוי צו צום פענסטער און טו די נשמה אַ פרעג: „שוין אַזוי גיך? דו ביסט פריער גע־קומען ווי איך. נאָר דאָס איז אַפילו קיין חידוש ניט, אַ מת

שוועבט. געלויבט איז השם־יתברך, וואָס מיר זעען זיך ווידער, אַ סימן, אַז דו ביסט שוין דיין פּעקל איבערגעקומען, און דער מלאך־דומה האָט דיך שוין פון די לאַפּקעס אַרויסגעלאָזט. אוודאי האָלט איך עס מיר פאַר אַ גרויסע זכיה, וואָרעם אַ מת זעען מוז מען אַ גרויסע זכיה האָבן! איך האָב געהערט דערציילן, אַז פאַרצייטן האָבן גרויסע צדיקים געזעען מתים, וואָס פלעגן קומען צו זיי נאָך תיקון, היינטיקע צייטן, זייט חסידים האָבן אָנגעהויבן טרינקען תיקון אין בית־המדרש און אין אַלע קלייזלעך, האָבן שוין אַלע מתים אַ תיקון געהאַט, און ווייזן זיך שוין ניט צום רבין, דאַריבער זעען די היינטיקע גוטע יידן נאָר אַ רוח, קיין מתים זעען זיי שוין ניט. בפרט איך, גאָר אַ פּראָסטער מענטש, דאַרף עס מיר אַוודאי האַלטן פאַר אַ גרויסע זכיה אַ מת צו זען. נאָ, אַז השם־יתברך האָט מיך יאָ מזכה געווען אַ מת צו זען, וויל איך דיך פרעגן, מת־לעבן, זאָלסט מיר זאָגן דעם אמת, אויב עס האָט עפּעס אַ ממש, וואָס די אויפגעקלערטע לייט זאָגן, אַז עס טרעפט זיך ביי יידן, ווייל זיי זענען גיך מקבר, אַז מע באַגראָבט אַמאָל, חס־ושלום, אַ לעבעדיקן מענטשן? אָט האָב איך דיך אויך גיך באַגראָבן, ביסט נאָך אַפילו וואַרעם געווען, איאָ, איך האָב דיך ניט לעבעדיקערהייט באַגראָבן?" —

— באַ, זאָגט די נשמה, אַז מתים זאָלן מעגן אויסזאָגן פונם חדר, וואָלט מען אַ סך זאַכן געוואָר געוואָרן, וואָס מען ווייסט זיי ניט. נאָר ווייסטו דען ניט, אַז מתים שווייגן? אויב דו האָסט מיך באַגראָבן טויטערהייט אָדער לעבעדיקערהייט, מעגסטו זיכער זיין, אַז עס וועט בלייבן אַ סוד, קיינער וועט עס ניט וויסן. ניט איטלעכער האָט אַ זכיה ווי דו מיט מתים צו רעדן, און פאַר דיר איז גלייכער זאָלסט זיך ניט אָנפרעגן. איך האָב אויך מתים באַגראָבן און עס האָט זיך אויף מיר קיינער ניט געקלאָגט. גלייב מיר, איך האָב אַ גרעסערן בית־עלמין געמאַכט ווי דער, וואָס דו באַגראָבסט דאָרט די מתים, וואָרעם אַ ד אָ ק ט אָ ר באַגראָבט מער ווי אַ חברה־שמש.

— אַ דאָקטאָר! — זאָג איך מיט גרויס פאַרוואונדערונג און האָב מיך אַ כאַפּ געטאָן צום היטל — ווי הייסט? דו ביסט

דען אַ דאָקטאָר געווען? — דו האָסט דאָך גאָר מיט פאָדראַדלעך אָפּגעגעבן, אַ סימן וועל איך דיר זאָגן, אַז דו ליגסט אַפילו אין פּרעמדע תכריכים. האָב אויף מיר קיין פאַריבּל ניט, וואָס איך זאָג דיר דאָס, איך וויל דיר נאָר דערמאָנען, ווייל איך האָב מורא, אויב דו גייסט ניט אַרום אויפן עולם התועה [התוהו].

— דערפאַר האָב קיין מורא ניט — ענטפערט מיר די נשמה — איך בין אויפן עולם האמת, ניט אויפן עולם־הטועה, און מיט די פרעמדע תכריכים האָב איך מיך אויף אונזער בית־עלמין ניט צו שעמען, וואָרעם ווען דו זאָלסט וויסן, וואָס איך ווייס, וואָלסטו געוואוסט, אַז אַ סך פון די, וואָס עס שטייט אויף זייערע מצבות אָנגעשריבן: „פה נטמן הגביר המפורסם" און נאָך אַזעלכע טיטלען, און וואָס ביי זייערע ווייבער און קינדער איז איבער־געבליבן אַ סך טויזנטער ירושה, ליגן זיי נעבעך אין פרעמדע תכריכים. אויף מיינע רייד, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך בין געווען אַ דאָקטאָר, דאַרף דיר אויך גאָרניט קשה זיין. איך רעד ניט פונם וועג, איך בין טאַקע געווען אַ דאָקטאָר, נאָר ניט אין דעם גוף, וואָס דו האָסט ניט לאַנג באַגראָבן! עס איז שוין דאָ־רינען זייער לאַנג. פון יענעם גוף איז קיין שטויב אויך ניט גע־בליבן. ניט אַ דאָקטאָר אַליין בין איך געווען, איך בין אַ סך מאָל מגולגל געוואָרן, און אַלע מאָל בין איך עפּעס אַנדערש געווען.

די קשיא פון דאָקטאָר איז מיר פאַרענטפערט געוואָרן, נאָר פונדעסטוועגן האָב איך דעם מת אַ פרעג געטון: „מילא, אַז דו ביסט ווידער אַ דאָקטאָר געווען, איז דאָך ווידער קיין חידוש ניט, וואָס סתם מתים האָבן זיך אויף דיר ניט געהאַט וואָס צו קלאָגן — אַ דאָקטאָר באַגראָבט דאָך אַוודאי ניט לעבעדיקערהייט?"

— אויף דעם — זאָגט די נשמה — האָב איך דיר צווי תירוצים צו ענטפערן: ערשטנס, ווער זאָגט עס דיר, אַז איך מיין זיי האָבן זיך אויף מיר געהאַט צו קלאָגן, וואָס איך באַגראָב זיי לעבעדיקערהייט? אַדרבה — אויף מיר האָבן זיי צו קלאָגן גע־האַט, וואָס איך מאַך זיי טויט פאַר דער צייט; צווייטנס, מוזטו

וויסן, אַז אינם לעבעדיקן באַגראָבן האָט אויך דער דאָקטאָר אַ חלק, וואָרעם אָן זיין קוויטל באַגראָבט מען ניט.

— אָ וואַ! — האָב איך אַ געשריי געטון, איז דאָך דער רב אויך שולדיק, ער גיט דאָך אויך אַ קוויטל?

— פאַרוואָס=דען מיינסטו, ענטפערט די נשמה, רופט מען אַ דאָקטאָר אויך רבי? ווייל ער טוט דאָס אייגענע וואָס דער רב, און דער רב דאָס וואָס ער. נאָר האָדיע שוין דערפון שכועסן, דו האָסט שוין ביי מיר אַ האַלבן מיטאָג אויסגענאַרט, דו ביסט שוין כמעט געוואָר געוואָרן דאָס, וואָס איך האָב דיר ניט געוואָלט אויסזאָגן. אַצונד לאָמיר אויפהערן דערפון צו רעדען. און דו, מיין ליבער חברה=מאַן, הער=אויף איבערצופרעגן, פאַרגעס דיך ניט, אַז דו רעדסט מיט אַ גלגול!

ביי די ווערטער האָט די נשמה אויף מיר עפּעס ווי אַ ביין קוק געטון, און איך האָב מיך טאַקע אַ ביסל דערשראָקן. פאַר אַ פּראָסטער נשמה האָב איך קיין מורא ניט געהאַט — נאָר אַ גלגול, דאָס איז שוין אַן אַנדער זאַך, אַ גלגול איז ניט קיין קאַטאָוועס, פאַר אַ גלגול דאַרף מען זיך היטן, דאָס איז שוין, רחמנא-ליצלן, אַ מין דיבוק! נאָר איך האָב מיך ווידער כּיַשב געווען, אַז עס איז זיין ליבן נאָמענס ווילן איך זאָל רעדן מיט אַ גלגול, מן הסתם דאַרף איך דאָך פון אים עפּעס געוואָר ווערן, כּדי איך זאָל מודיע זיין די צדיקים זיי זאָלן אים מתקן זיין. איך האָב מיך געמאַכט קוראַזש און האָב די נשמה אַ פרעג געטון: „האָסטו ניט אפשר חשק, מיין ליבע נשמה, מיר צו דערציילן, וואָס האָט זיך מיט דיר פּאַסירט זייט דו גייסט אַרום אויף דער וועלט? אפשר וועל איך דיר קענען אַ טובה טון, איך וועל נאָך דיר משניות לערנען; איך קען אפילו קנאַפּ, נאָר ניט ערגער פון אַלע וואָס לערנען משניות נאָך אַ מת. דערצו וועל איך מודיע זיין אינם קלייזל, וועט מען טרינקען תּיקון אַלע טאָג פון דיינעטוועגן".

— דאָס איז אַלצדינג ניט נייטיק — ענטפערט די נשמה — אייער משניות קנאָרכן, אָן עברי, אָן טייטש העלפט פּונקט ווי אַ מת באַנקעס, און מיט דעם תּיקון מאַכט איר נאָך קאַליע. איך

דאַרף ברוך־השם אייער לאַסקע ניט, איך בין שוין מיינס אָפּגעקומען, און דער גוף, וואָס דו האָסט באַגראָבן, איז שוין מיין לעצטער גלגול געווען — איך וועל שוין מער ניט מגולגל ווערן. נאָר פונדעסטוועגן וועל איך דיר צוליב טון און וועל דיר דערציילן, וואָס האָט זיך מיט מיר איבערגעטון אין אַלע גלגולים, כּדי דו זאָלסט עס אויפשרייבן און מענטשן זאָלן עס לייענען, טאָמער וועט זיך עמעצער אַ מוסר אַרויסנעמען און עס וועט אים אַ טובה אַרויסקומען. — נאָר איידער איך הייב אָן צו דערציילן מוז איך דיר פריער דערמאַנען, אַז איך דערצייל דיר דאָ זאַכן, וואָס זענען שוין זייער לאַנג געשען; וואָרעם פאַרגעס ניט, אַז אין דעם גוף, וואָס דו האָסט ערשט באַגראָבן, בין איך אויך געווען קרוב צו זיבעציק יאָר. דעריבער, ווען עס וועלן אין מיינע ערציילונגען פאָרקומען זאַכן, וואָס אַזאַ גלייכן טרעפט זיך אפשר היינטיקע צייטן אויך, זאָל קיינער ניט מיינען, אַז דאָס גייט אויף אים; עס קען זיין, אַז ער איז פונקט אַזוי ווי איך בין געווען אין דעם אָדער אין דעם גלגול, וואָרעם וואָס בין איך דען ניט געווען? נאָר עס איז פאָרט ניט דאָס, ווייל מיינע גלגולים זענען שוין לאַנג געווען. — אַצינד הער־צו, איך הייב שוין אָן צו דערציילן:

אַז איך האָב געדאַרפט דאָס ערשטע מאָל אַ מענטש געבוירן ווערן, זענען מיינע עלטערן פריער אַ לאַנגע צייט בעזדיטניקעס געווען. מענטשן האָבן זיי אָנגעהויבן צו זאָגן: „וואָס שווייגט איר? פאָרט צו גוטע־יידן! ווער דען וועט אייך העלפן? ביי זיי איז דאָך דער שליסל פון קינדער!" מיין טאַטע האָט אָבער פון גוטע־יידן ניט געהאַלטן, און האָט געגלויבט, אַז נאָר ביי גאָט אַליין איז דער רעכטער שליסל, און ווען עס טרעפט זיך טאַקע אַמאָל, אַז אַ רבי העלפט צו קינדער, איז עס נאָר מיט אַ נאָכשליסל; דעריבער האָט ער ניט געוואָלט פאָרן צו קיין רבין. נאָר אַ יידענע איז דאָך ניט קיין מאַנספּערזאָן! די מאַמע האָט צוגעהערט מענטשן, האָט זיך אָנגעהויבן צו פאָרען מיט גוטע־יידן אונטער דעם טאַטנס וויסן! און איז צו אַלע געפאָרן, ביז עס איז איר ביי איינעם געראָטן: ער האָט אַ סך תּפילות פאַרבראַכט און נאָך פּעולות געטון, און האָט מיין נשמה אַראָפּגעבראַכט פון דעם

„עולם הנגינה" אין אַ גוף, אין מיין מוטערס בויך אַרייך. מיין מאַמע איז אויס בעזדיטשניטשקע, און איז צו מזל מעוּבֶּרת געוואָרן; דער טאַטע האָט געמיינט, אַז גאָט האָט אים באַגליקט אויף דער עלטער, אָן אמונה אין גוטע־יידן, אָבער די מאַמע האָט געוואוסט דעם אמת, אַז זי איז געהאָלפן געוואָרן אין זכות פון צדיקים.

# אַ חסידישער זינגער

אַז איך בין געבוירן געוואָרן אַזאַ טייער קינד, וואָס צדיקים האָבן זיך געמוזט מיען, איך זאָל געבוירן ווערן, האָט מן הסתם מיין מאַמע, וואָס זי האָט שטאַרק אמונה געהאַט אינם רבין, געזען מיט אַלע מעגלעכקייט, איך זאָל אויסוואַקסן אַ תכשיטיק קינד. דער טאַטע האָט זיך צו מיר טאַקע ווייטער ניט געמישט, און די מאַמע האָט מיך דערצויגן נאָך איר גוסט. צו צען יאָר האָב איך שוין געוואוסט דעם סוד פון אַ טרונק בראָנפן, און בין שוין געווען פול ווי אַ זאַק מיט מעשיות פון גוטע־יידן. די מאַמע האָט מיר געהאַלטן אַ מלמד, אַ יונגנמאַן, ניט צו לערנען מיט מיר *), נאָר אויף מעשיות דערציילן. דערצו איז ער געווען אַ גרויסער בריה. דער מלמד האָט מיך מחנך במצוות געווען. איך בין ניט געגאַנגען אַ טריט אָן אים! אַפילו געשלאָפן זיינען מיר אינאיינעם. ער האָט מיר אַ סך סודות מגלה געווען, אַזוי אַז צו פופצן יאָר בין איך שוין געווען אַ פאַרטיקער חסיד מיט אַלעמען: מיט רעכט היבש בראָנפן טרינקען, מיט אַ שטאַרקן ברען אין דאַוונען, מיט קאַלטע און וואַרעמע מקוואות, מיט שיריים כאַפּן פון רבינס טעלער — אַפילו מיט חטאת־נעורימלעך! די זענען מיר זייער צוניץ געקומען, ווייל דורך דעם בין איך געווען דאַר ווי אַ פלאָקן, און עס האָט מיר גערונען פון די אויגן. דערצו האָב איך אַ פּנים געהאַט ווי איין אויסגעווייקטער הערינג, פונם באַשטענדיקן ווייקן אין מקווה. און איבער דעם האָט מען ניט געקענט שטיין אין מיינע פיר איילן: מער האָב איך מיך געפּליעסקעט אין מקווה, מער האָב איך געשטונקען. דאָס קעפּל איז תמיד געווען פריש אָפּגעגאָלט, דער גאָרגל נאַקעט און מיט אַ גרויסן קנאָפּ, דאָס קאַפּאָטקעלע

---

*) ער האָט צפילו קאַרג־וואָס געקענט.

צעכראַסטעט, דאָס האַרץ און דרויסן — איבער דעם אַלעמען האָב איך געהייסן אַ זיידענער יונגערמאַן, און אַ גרויסער חשוב געווען ביים רבין, טאַקע פּשוט איין אויג אין קאָפּ!

צו אַלע מיינע גילדנע מעלות, בין איך נאָך געווען אַ וואוי-לער הסידישער זינגער אויך, וואָרעם דער רבי האָט דאָך מיין נשמה אַראָפּגעבראַכט פונם „עולם הנגינה". מיין גרעסטע קונץ איז באַשטאַנען אינם שרייען: איך האָב איבערגעשריען אַלע חסידים. דאָס, וואָס דאָס שרייען האָט מיר געקאָסט, האָט קיינער ניט געוואוסט, נאָר איך אַליין — איך האָב מיר באַלד געמוזט קויפן אַ בענדל. נאָר הערט עפּעס אַ חסיד אַ וועלט? וואָס איז עס מיך אָנגעגאַנגען? איך האָב געשריען אויף אַ ביי-קול, אויף אַ באַס, אויף אַ קוויטשלקע (פּיסטל); צו קידוש-לבנה בין איך גאָר געווען אַ קעסלפויק. דער רבי האָט זיך אַזוי פאַרליבט אין מיין זינגען, אַז איך בין געוואָרן דער גלאַוונע זינגער ביים טיש, און אַז מיין זינגען האָט דער רבי ניט געקענט האָבן קיין עלית-נשמה. קורץ, איך בין צו מזל געוואָרן אַ ניגונים-מאַכער, איך האָב אַליין אויסגעטראַכט ניגונים צום רבינס גוסט, מיט דבקות און התלהבות. אַז איך האָב געדאַרפט אַזאַ ניגונדל מאַכן, האָב איך געמוזט פריער אַ סך בראָנפן טרינקען, כדי התלהבות און דבקות צו באַ-קומען און דעם רבינס גוסט צו טרעפן. אַז איך האָב ביים רבין געזונגען מיינע ניגונים, האָב איך פריער גוזמות געטרונקען, כדי איך זאָל ניט אַראָפּפאַלן פון דער מדרגה, און דער רבי זאָל רעכט זעען וואָס פאַר אַ התלהבות עס שטעקט אין מיין ניגונדל. איך פלעג אָבער ניט נאָר ביים רבין אליין זינגען, איך פלעג זינגען ביי אַלע טישן און קערמעשלעך, סעודות-ראש-חודשלעך פון אונזערע לייט, און סעודת-מצוהלעך האָב מיר געהאַט אַלע טאָג. אַמאָל אי צוויי מאָל אין טאָג, און ביי איטלעכעס זינגען האָב איך מער געטרונקען ווי געגעסן. איך בין געוויינט געוואָרן צו טרינקען בראָנפן פּושט ווי וואַסער, אי דאָס טאַקע נאָר ריינע שפּירטעס ווי פייער. —

אַמאָל האָב איך געמאַכט אַ נייען „דרור-יקרא", וואָס גאָר די וועלט איז מיט אים אויף געווען. דער רבי פלעגט זיך ביי דעם „דרור-יקרא"

אַזוי צעפּלאַמען, אַזוי צעפלאַקערן, מיט אַזאַ דבקות, מיט אַזאַ התהלבות, אַז דער עולם האָט געמיינט עס איז פּשוט כּלות הנפש. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער „דרור־יקרא", דאָס דבקות, דאָס התלהבות, דאָס כּלות הנפש איז בּאַלד אין דער מאָדע אריין, חסידים האָבּן נאָר געזונגען דעם „דרור יקרא", אַלע האָבּן זיך בּיים זינגען געדבֿקעט, אַלע האָבּן געהאַט התלהבות בּיז כּלות הנפש און איטלעכער האָט געוואָלט ווייזן, אַז ער מאַכט פּונקט ווי דער רֶבּי. ווער שמועסט איך, דער בעל־מלאכה פונם נייען „דרור־יקרא", וואָס פון מיר קומט די גאַנצע שמחה אַרויס, איך האָבּ דאָך אַוודאי געוואָלט ווייזן, אַז איך פאַרשטיי בָּרוך־השם ווי אַזוי דעם רבּין אריינצוברענגען אין אַזאַ דבקות, האָבּ איך מיך געדבקעט מער פון אַלע און כּמעט מער ווי דער רבּי אַליין. צו אַזאַ מעשה דאַרף מען נייטיק אַ שטאַרקן טרונק בראָנפן; אַזוי ווי בּיי מיר איז אָבּער בראָנפן גאָר אַ וואָכנדיקער גאַנג געוועזן, האָבּ איך געמוזט די פּאָרציע פאַרטאָפּלען און דערצו נאָך שטאַרקערן שפּירט נעמען. קורץ, איך האָבּ אָנגעהויבן טרינקען ל אַ ק י ר מיט אַ גרויס גלאָז.

אום שבת־צו־נאַכטס, בּיי רבּין בּיים מלווה־מלכּה, האָבּ איך נאָכאַמאָל מיין „דרור־יקרא" געזונגען, נאָכדעם, ווי איך האָבּ אים שוין דעם שבת אַמאָל צען געזונגען בּיים רֶבּין צו שלוש־סעודות.

בּיי אורחים שבת בּייטאָג, בּיי עטלעכע גלעזלעך אויסגעמישט ווייך, בראָנפן, מעד, ווישניאַק און ווידער בראָנפן, אין חסידים־שטיבּל פאַר מנחה — און אַלע נאָל דערבּיי געטרונקען און התלהבות געהאַט. בּיי מלווה־מלכּה מוז מען דאָך נעמען אַ קאַפּ בראָנפן, און בפרט דער רבּי האָט מיר געגעבּן מיט זיין האַנט. דער רבּי אַליין האָט אויך ניט געטרונקען קיין פּשוטן בראָנפן. ער האָט צו מיר געטרונקען לחיים און מיר געגעבּן די האַנט, און האָט מיין האַנט לאַנג, לענגער ווי תּמיד, געהאַלטן. דערנאָך האָט ער נאָך־אַמאָל מיט גרויס התלהבות געשריען: „לחיים! לחיים! איך בּין דיר מבטיח, אַז דו וועסט (אם ירצה השם) מיט גאָטס הילף מאַריך יָמים זיין. אויף דער תּורה הקדושה שטייט: „כּי היא חייך ואורך ימיך" — זי איז דאָס לעבּן פונם יידן און דערלענגערט זיינע טעג. דו, מיין קינד, בּיסט באמת מקיים די תּורה! די אמתע תּורה פון צדיקים!

דער אור פון דער תורה! דאַריבער זאָג איך דיר, אַז דו וועסט אוודאי מאַריך ימים זיין! לחיים! לחיים!" נאָך די ווערטער האָט ער זיך אויסגעטרונקען די כוסע און האָט תיכּף ווידער אָנגעגאָסן און האָט מיר דערלאַנגט. — איך האָב נאָר דעם כּוס אויסגעטרונקען, אַז עס טוט מיר ניט אַ פּלאַקער פונם מויל און פון דער נאָז! — דער שפּירט, וואָס איך בין שוין פון אים געווען פול ווי אַ פאַס, האָט זיך דערהיצט און האָט זיך אָנגעצונדן און האָט אָנגעהויבן גאַנץ פריילעך צו ברענען.

אַ פּשוטע שׂרפה לעשט מען מיט פּשוט וואַסער, און אין איטלעכער שטאָט איז דאָ דערצו פּאָזשאַרנע אינסטרומענטן; צו אַזאַ שׂרפה האָלט מען פאַר אַ רפואה נאָר געזאַלצענע וואַסער, און דעם רבינס פּאָזשאַרנע־קאָמאַנדע זענען טאַקע זיינע חסידים. דער רבי האָט קאָמאַנדירט און אַ גאַנצער ים פון זאַלצוואַסער איז מיר אַריין אין מויל אַריין. נאָר דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן, די גזירה איז שוין נגזר געוואָרן און איך בין נעבעך פאַרברענט געוואָרן. ביים עולם איז געווען דאַריבער צוויי דעות: אַ טייל האָבן געזאָגט, אַז דער רבי האָט שוין פריער געזען, אַז עס איז אויף מיר נגזר געוואָרן מיתה, ווייל איך האָב מיך איינגעשפּאַרט מיט מיין התלהבות משיחן אַראָפּצובררענגען פאַר דער צייט, האָט דער רבי ביים מלאך־המוות אַוועקגענומען דאָס מעסער, כּדי ער זאָל מיר גאָרניט קענען טון. דאַריבער האָט דער רבי צו מיר מיט אַזאַ התלהבות געטרונקען „לחיים!" — דער מלאך המוות האָט זיך אָבער איין עצה געגעבן און האָט מיך פאַרברענט מיט פייער. אַ טייל האָבן געזאָגט פּשוט: איך האָב געוואָלט אַראָפּברענגען דעם „שׂר של תורה" (ווייל דער רבי האָט אויף מיר מעיד געווען, אַז איך האָב באמת מקיים געווען די תורה), האָב איך אַ טעות געהאַט אין די כּוונות און האָב אַראָפּגעבראַכט דעם שׂר של אש; אַזאַ מעשׂה האָט זיך שוין אַמאָל געטראָפן ביי איינעם פון די ערשטע עלטסטע גוטע־יידן... אַזוי ווי עס געפינט זיך אין די הייליקע גוטע־יידישע „טייטש־ספרים" געשריבן. נאָר געזאָגט אַהער, געזאָגט אַהין — דאָס טייערע קינד פונם נאָכשליסל, דער זיידענער יונגערמאַן

מיט אַלע מעלות איז געשטאָרבן, פאַרברענט געוואָרן, משיח איז ניט געקומען, דער ער של תורה איז ניט אַראָפּגעבראַכט געוואָרן, פון מיר איז געבליבן אַ האַלעוועשקע און מע האָט די האַלע־וועשקע באַגראָבן. — דער רבי האָט אַפילו דעם אַנדערן פרייטאָג־צונאַכטס געזאָגט תורה אויפן פּסוק: „וְאֵת שְׂעִיר־הַחַטָּאת דָּרֹשׁ דָּרַשׁ משה וְהִנֵּה שֹׂרָף“ (ויקרא י׳ כ״ז) און האָט זיך איבער אים זייער געקוועטשט; די צוויי מאָל דָּרֹשׁ דָּרַשׁ האָבן אים זייער געאַרט און ער האָט דערויף געזאָגט סודות, וואָס קיינער האָט זיי ניט פאַר־שטאַנען. שבת אין דער פרי האָט ער דעם עולם געזאָגט, אַז איך בין ביי אים געווען צו חלום און האָב אים געזאָגט דעם פּירוש פונם פּסוק אַזוי ווי די פּמליא־של־מעלה איז אים מפרש, נאָר וואָס, האָט ער ניט מגלה געווען. אַצינד, נאָך אַ סך דורות, בין איך דיר מגלה, אַז איך האָב אים געזאָגט: „דורנוי, דורנוי! קאָהאָ טי דורעש? סאַם סעביאַ דורעש!“ און אויב דו, מיין ליבער חברה־מאַן, פאַרשטייסט ניט מער, נאָר ווי יידיש, בין איך דיר מפרש אויף פּראָסט יידיש, וואָס דאָס הייסט: נאַר! נאַר! וועמען נאַרסטו, דו נאַרסט זיך אַליין.

# אַ פערד

אַצינד לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו מיר:

ווי מע האָט מיך נאָר אין דער ערד אַריינגעלייגט, איז תיכף דער מלאך־דומה געקומען און האָט מיך אַ פרעג געטון: „מה שמך? ווי הייסטו, בחור?" — „מיינע שונאים זאָלן אַזוי וויסן פון זייער לעבן, ווי איך ווייס פון מיין נאָמען צו זאָגן!" טוים־שיכור, פאַרשרפעט, פאַרברענט אויף קויל, זאָל איך אים וויסן, ווי איך הייס?—איך האָב אים ניט געענטפערט אַ וואָרט. ער האָט זיך אַפילו געוואָלט נעמען צו דער מעשה... און מיך אַ ביסל דורכשמייסן, ווי ער איז זיך נוהג מיט אַלע מתים, וואָס ווייסן אים זייער נאָמען ניט צו זאָגן, נאָר וואוהין שמייסט מען, אַז אַלצדינג איז אָפּגעברענט געוואָרן? — שמייס אַ האָלעוועשקע! —ער האָט געזען, אַז די שפּיל איז פאַרן טייוול, האָט ער מיט מיר קיין סך קונצן ניט געמאַכט און האָט מיר באַלד אויסגעזאָגט מיין פסק: „דערפאַר זאָגט ער, וואָס דו האָסט מיאוסע מעשים געטון וואָס דיין כּלַמֶדל האָט דיך אויסגעלערנט, און דערנאָך אין מקווה געווייקט; דערפאַר, וואָס דו האָסט אין דיר אַרייגעגאָסן אַ גאַנצן גיהנום מיט פייער און דו האָסט געמיינט, אַז די קאַלטע מִקְוָואות און גלגול־שלג וועט דאָס פייער פאַרלעשן; דערפאַר וואָס דו האָסט דיר די קישקעס איינגעריסן און האָסט געשריען מיט איין אומ־געלומפּערט קול ביי דעם רבין ביים טיש, מע ווייסט ניט, נאָך וואָס און נאָך ווען, וואָס דו וואָלסט געקענט אויף אַ שטיל קול בעסער אויספירן, בעסער עפּעס לערנען, וואָס נוצט דיר און דיין פאָלק און דער וועלט; דערפאַר וואָס דו האָסט דיר דיין קאָפּ מיט נאַ־רישקייטן פאַרשטאָפּט, און דאָס האַרץ מיט פאַלשער פרומקייט — פאַר דעם אַלעמען איז אויף דיר נגזר געוואָרן, דו זאָלסט מגולגל ווערן אין אַ פ ע ר ד, וואָס לויפט אויך תמיד אין וואַסער, און אין

קאַלט וואַסער דערצו, קאַטשעט זיך אין שניי און הירזשעט אויף אַ אומגעלומפּערט קול. האָט קיין שכל, קיין פאַרשטאַנד — פּונקט אַזוי ווי דו! נאָר דאָס איז דער חילוק פון דיר צום פערד, אַז דאָס פערד טרינקט ניט קיין שום געטראַנקע אויסער וואַסער. —

דער מלאך-דומה האָט נאָר אויסגערעדט די ווערטער, און איך קוק מיך אום — אָהאָ! איך בין שוין אַ פערד!! —

ווי איך בין אַ פערד געוואָרן, בין איך טאַקע ווייטער געלאָפן אין קאַלטע וואַסער אַריין, ווינטער האָב איך געהאַט גלגול-שלג, געהירזשעט האָב איך ווי דער גרעסטער נאַרישער חסיד; אויף אַ נקבה האָב איך ניט געקוקט; איך בין שטענדיק געגאַנגען מיטן קאָפּ אַראָפּ — נאָר פונדעסטוועגן בין איך תיכף דערצאַפּלט געוואָרן, אַז איך האָב נאָר איר קול דערהערט אָדער פון ווייטן זי נאָר אָנגעשמעקט. נאָר קיין שום משקה, אויסער וואַסער, איז אין מיין מויל ניט אַריינגעקומען.

פערד זענען דאָ פילערליי סאָרטן: עס זענען דאָ פערד מיוחסים, וואָס האָבן יחוס-בריוו, אַז זיי קומען אַרויס פון דעם אָדער פון דעם פערד, און זענען שוין פערד פון כמה דורות; מבינים זאָגן, אַז דעם יחוס קען מען ביים פערד דערקענען אינם זנב.... אַ גרעסערער זנב — אַ גרעסערער מיוחס. — עס איז ווידער דאָ פערד, וואָס טאַנצן, פערד, וואָס מאַכן קונצן; די אַלע זענען טייערע פערד און ווערן זייער גוט געהאָדעוועט, געפּאַסעט. ווי-דער מאַכט מען אַ חילוק אין דער פאַרב. אַ טייל האַלטן מער פון ווייסע פערד, אַ טייל פון שוואַרצע, גרויע, קאַשטאַנאָוואַטע און דעסטגלייכן. צווישן די אַלע קאָלירן זענען דאָ גאַנץ טייערע פערד, מיטעלע און גאָר געמיינע. אַלע האָרעווען, נאָר ניט אַלע גלייך און ניט אַלע ווערן גלייך געהאַלטן: עס איז אַ גרויסער חילוק אין די קעסט. וואָלט איך געווען מגולגל געוואָרן עפּעס אין אַ רעכט פערד, וואָלט איך מיך כאָטש זאַט אָנגעגעסן, און מע וואָלט מיך ניט אַזוי געשלאָגן. איך בין אָבער צום שלימזל מגולגל געוואָרן גאָר אין אַ געמיין פערדל און בין אָנגעקומען צו איין אָרימען בעל-עגלה, וואָס זיין גאַנצע פרנסה איז דערפון, וואָס ער פירט חסידים אויף שבתים און יום-טובים צום רבין,

און אַז עס טרעפט זיך גראָד ניט קיין פּאָרעכטס, פּירט ער מיטן פערדל ליים.

ליים פירן איז דאָך אַוודאי ניט גוט, נאָר חסידים שלעפּן צום רבין איז נאָך טויזנט מאָל ערגער. אויף אַ קליין וועגעלע פּאַקן זיך אָן צען אָדער פופצן חסידים איינער אויף דעם אַנדערן, אַלע פול ווי פעסער מיט בראָנפן. אַלע טרייבן נעבעך דאָס בידנע פערדל, וואָס גייט קוים אונטער דער משא. אַלע שרייען, אַלע שלאָגן, אַלע שטערכען, דער מיטן שטעקן, דער מיטן ציבוק, דער מיט די פיס, דער מיט דער יאַרמעלקע, דער מיט די הענט! עפּעס רחמנות האָט קיינער ניט. אינדערראמתן, ווי קענען מענטשן, וואָס האָבן אויף זיך אַליין קיין רחמנות ניט און פאַר־ברענגען דאָס לעבן מיט שיכורן און פוסטעפּאַסען, אויף אַ פערד רחמנות האָבן?! —

ויהי היום, האָב איך געשלעפּט אַ שטיק פופצן חסידים צום רבין אויף פרשה־זכור. דאָס איז געווען אוח פרייטאָג. אַרויסגע־פאָרן זענען מיר דאָנערשטאָג אינדערפרי נאָכן דאַווגען און צום רבין האָבן מיר געהאַט אַכט מייל צו פאָרן. מיין באַלעבאָס האָט זיך באַרעכנט, אַז איך וועל קענען אָנציען אויף שבת נאָך פרי, אַז די פאַרשוינען זאָלן נאָך קענען גיין אין מרחץ אַריין לכבוד שבת. ער האָט זיך אָבער גאָר ניט גערעכט, אַז עס וועט גראָד דאָ־נערשטאָג ביינאַכט גיסן אַ רעגן, און עס וועט ווערן אַ גרויסע בלאָ־טע. דערביי האָט ער מיך אום קיין דעה ניט געפרעגט און האָט זיך גאָר פאַרגעסן, אַז ער האָט מיר פריער אַ טאָג ניט מער צו עסן געגעבן, נאָר אַ ביסל שלעכט היי. מיט האָבער פראַוודע האָב איך זיך קיינמאָל ניט איבערגעגעסן, נאָר דאָך פלעגט ער מיר אַלע טאָג געבן צו פאַרזוכן אַ זשמעניע האָבער; אַ טאָג אָבער פאַר דעם פאָרן, האָט מיין באַלעבאָס אפנים ניט באַמערקט, אַז איך האָב אַ גוטן קאָפּ, האָט ער אָנגעהויבן מיט מיר צו לערנען אלף־בית און האָט מיר שוין טאַקע געוויזן אַ ה י י. איך האָב אים אָבער דעם אייגענעם טאָג געוויזן, אַז איך קען שוין שיר דעם גאַנצן אלף־בית און ווייס אַפילו, אַז מען האָט ניט אין „פּה" קען מען ניט קומען צום „צדיק". — מיינע חסידימלעך האָבן זיך פריי־

טאָג פרי אָפּגעדאַווּנט זייער לוסטיק און פריילעך. זיי האָבן אַ רעכטן טרונק בראָנפן געטון, האָבן פאַרביסן מיט ראָסלפלייש, מיט פרישע בולקעס און האָבן זיך טאַקע פּאַוואָליע גוט אָנגעפּאַקט, ווייל אין אַלע קרעטשמעס איז וואָלוול פלייש בקיצור, די משא איז צוויי מאָל אַזוי גרויס געוואָרן. בראָנפן האָבן זיי זייער אַ סך געטרונקען, פאַרן ראָסלפלייש, נאָכן ראָסלפלייש. און גלאַט אַזוי, זענען זיי געבליבן אויפן וועגעלע, ווי די שטיינער ליגן. דער רעגן האָט ווידער אָנגעהויבן צו גיין, האָבן זיי געמאַכט אַ בויד: צוויי חסידים, וואָס זענען געזעסן גאַנץ אויבנאָן אין ביידע ווינקלען פונם וועגעלע, האָבן גענומען אַ ראָגאָזשע איבער זייערע קעפּ ביי צוויי עקן, די אַנדערע צוויי עקן האָט דער אָנטרייבער, מיין באַלעבאָס, געהאַלטן אין מויל מיט די ציין, איז דאָס גאַנצע וועגעלע געוועזן איבערגעדעקט, ווי מיט אַ בויד. איך האָב די חברה געשלעפט ווי ווייט מיין כוח איז געוועזן. צוויי מייל פון דעם רבין האָט זיך שוין מיין כוח אויסגעלאָזט, איך האָב ניט געקאָנט פּלאָנטען מיט די פיס און בין צוגעשטאַנען. — אָט דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוואַלד, אַ געפּילדער, אַלע מיט איין קול האָבן געשריען: וויאָו, וויאָו! אוי-וויי! וויאָו! געוואַלד! וויאָו! עס איז באַלד ביינאַכט! שריי הייבט, שריי מאָרגן, איך קען מיט קיין פוס רירן. אָט דאָ זענען אַלע איבער מיר געפאַלן און האָבן אָנגעהויבן צו פּויקן אויף מיינע דאַרע ביינער. מע האָט אַראָפּגענומען די לישנעס פונם וועגעלע און מע האָט מיך מיט זיי געשלאָגן. אַ טייל האָבן מיט די פאַנטאָפל געשלאָגן, אַזוי ווי חסידים שמייסן אַ ליטווישן בעל-דרשער. קורץ, מע האָט מיך אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז די נשמה איז מיר אויסגעגאַנגען. דו, מיין ליבער חברה-מאַן, וועסט דאָך אַוודאי פרעגן: „וואו האָט אַ פערד אַ נשמה?" זאָלסטו וויסן: אַ פשוט פערד האָט טאַקע ניט קיין נשמה, אָבער אַ גלגול האָט אַוודאי אַ נשמה, און ווייטער זאָלסטו האָבן אַ סימן, ווען דו וועסט באַגעגענען אַ „פערד מיט אַ נשמה"... איז דאָס פערד געוויס אַ גלגול. מיין באַלעבאָס האָט נעבעך איבער מיר געקלאָגט מיט טרערן אין די אויגן: איך בין דאָך געוועזן זיין קראָם, זיין גאַנצע פּרנסה. „אוי! איז עס אַ פערדל געוועזן, האָט ער געזאָגט:

עס האָט זיך געגעסן, ווי אַ פייגעלע! אין אַ קורצע צייט וואָלט עס מיך גאָר קיין עסן ניט געקאָסט. איך האָב עס דאָך שוין גע־ לערנט פאַסטן, און אַז עס האָט זיך שוין אויסגעלערנט, איז דאָס גאָר אָוועקגעפּגרט!"

# אַ חזן

אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ זכיה צו פּגרן בקדושה ובטהרה, פאַרנדיק צום רבין, און זאָל געשמיסן ווערן מיט כּאַנטאָפּל, ווי אַ ליט-ווישער מגיד, און איין ערלעכער, ייד אַ כּשרער בעל-עגלה, אַ חסידים-און לייט-פירער האָט מיך מספּיד געווען, האָט מיין נשמה איין עליה געהאַט און איז ווידער אין אַ מענטשן מגולגל געוואָרן. פאַר אַ נאַ-גראַדע דערפאַר, וואָס איך האָב מיין גאַנץ פּערדס לעבן אין צרות פאַרבראַכט און האָב מיך קיינמאָל ניט צו זאַט אָנגעגעסן, וואָרעם איך האָב קיין אַנדערע משקה ניט געטרונקען אויסער וואַסער, און בין נאָר טאָג און נאַכט פאַרשוואַרצט געוואָרן, האָט דאָס בית-דין-של-מעלה געפּסקעט, איך זאָל זיין אַ חזן און זאָל מיך שוין אָנעסן פאַר אַ פּערד אויך. אַ חזן עסט ווי אַ פערד, נאָר ניט ווי אַ פערד, וואָס שלעפּט חסידים און טרינקט ווי אַ חסיד, נאָר ניט ווי אַ חסיד, וואָס ווערט פאַרברענט פון דעם בראָנפן.

צו דעם חילוף האָב איך גאָרניט צוגעלייגט. פון אַ פערד אויף אַ חזן איז ניט קיין שלעכטער בייט: אַ פערד טרינקט וואַ-סער און עסט ביים בעסטן פאַל נאָר היי און האָבער; אַ חזן טרינקט וויין און עסט גרויסע פיש און געבראָטנס אויף אַלע חתונות און בריתן; אַ פערד הירזשעט אומזיסט. אַ חזן לאָזט ניט אַדוך אַרויס, ביז מען באַצאָלט אים ניט. אַז אַ פערד צעלאָזט זיך, טוט זיך חושך, מע צעלויפט זיך פון דער גאַס; אַז אַ חזן צעלאָזט זיך אויף דעם קול מיטן האַלז, קוועלן אַלע אָן. אַז אַ פערד קאַטשעט זיך, שרייט מען: היט אייך, עס זאָל ניט עמעצן דערלאַנגען מיט די הינטערשטע פיס! אַז אַ חזן צעקאַטשעט זיך, סמאָטשקעט דער עולם מיט די ליפּן: אָ-וואַ! האָט ער אַ האַלז! גאָר אַ חידוש! אַז אַ פערד קערט איבער, איז אַ געוואַלד, אַמאָל צעברעכט מען זיך טאַקע די ביינער; ביי אַ חזן איז גאָר, אדרבה, אַ חסרון, אַז

מען זאָגט: ער קען זיך ניט איבערקערן: אַ „טובים מאורות״ אויף „הֱיֵה עם פיפיות״, אַ „נקדש״ אויף אַ „נחשב״, אַ „הביאנו לשלום״ אויף אַ „סלח-נאָ״, און נאָך אַזאַ גלייכן. און ווען ער קערט טאַקע גאָר די ווערטער איבער, מאַכט מען אויך אַ שווייג, אַבי ער זינגט שיין. די ווייבער ווייַנען צו „ונתנה תוקף״ געשמאַק, כאָטש דער חזן שרייט „ובשופר גדול יתקע״ אָבער האַלטן האַלט ער גאָר אין אָנהייב „ונתנה תוקף״. און וואָס האָט מען געטון דעם חזן, וואָס האָט גאָר אין אַ וואָכנדיקן טאָג געזאָגט פאַר „משען ומבטח לצדיקים״—„שמעון אום מיטוואָך לצדיקים״? ווער קוקט זיך אַרום, וואָס דער חזן קערט זיך איבער, אַבי ער זינגט! אַז אַ פערד פאַלט, שמייסט מען עס אַזוי לאַנג, ביז עס הייבט זיך אויף; אַז אַ חזן פאַלט—כורעים, שטייט שוין אונטער אים דער שמש און הייבט אים אויף, כאָטש ער איז ניט קראַנק אַליין אויפצושטיין. כלעבן ער היט גוט אָפּ ער זאָל חלילה קיין זעץ ניט קריגן. — אַז אַ פערד שטייט צו, ווייסטו דאָך שוין, מיין ליבער חברה-מאַן, וואָס מען טוט אים: דו האָסט דאָך געהערט, וואָס מען האָט מיר געטון, אַז איך בין צוגעשטאַנען, ווען איך האָב געשלעפּט די חסידים צום רבין אין יענעם גלגול; דו זאָלסט אָבער וויסן, וואָס פאַר אַ שמחה עס איז אויף דעם גאַנצן עולם געוואָרן, אַז איך בין חזנוויז אין אַ קליין שטעטל דורכגעפאָרן און האָב כלומרשט ניט געוואָלט בלייבן אויף שבת דאַוונען פאַר ווייניק געלט, ווערליק וויפל דאָס שטעטל פאַרמאָגט צו געבן, האָט זיך דער שול-גבאי צו מיר צוגעטשעפּעט איך זאָל בלייבן, ווייל, צווישן אונז זאָל עס בלייבן, פאַר דעם שול-גבאי איז קיין חסרון ניט, אַז אַ חזן דאַוונט: ביים צנויפנעמען דאָס געלט שאַרט ער אויך עפּעס אַראָפּ. ווי זאָגט יענער, אַפילו אַז מען שטייט נאָר ביי געלט ציילן, לייגט מען אויך ניט צו, בפרט אַז מען ציילט אַליין. אַ סך גבאים האָבן זיך הייזער אויסגעבויט און קינדער צו לייט אויסגעגעבן, דערפון וואָס פרעמדע חזנים האָבן אָפּט אין זייער שול געדאַוונט. מילא זאָלסטו וויסן, וואָס פאַר אַ שמחה אויף דעם עולם איז געוואָרן, אַז דער גבאי האָט זיי געמעלדעט, אַז איך בין צוגעשטאַנען צו בלייבן אויף שבת צו דאַוונען פאַר 30 קערבלעך! (אויב דו פאַרשטייסט, מיין

ליבער חברה־מאַן, איין עסק, דאַרפסטו וויסן, אַז תּפילה עושה מחצה, דאַריבער האָב איך מער ניט גענומען נאָר פּופּצן קערב־לעך), — נאָר ביי צוגעשלאָגן איז שוין דאָס פערד מיט דעם חזן אויף איין מדרגה, און ביי ביידע איז גלייך דער חסרון: אַז אַ פערד איז צוגעשלאָגן, עס הייסט, אַז עס הינקט אַ ביסל צו, קען מען עס ניט גיך טרייבן, און אַמאָל מוז מען גאָר בלייבן שטיין אָדער דאָס פערד אין אַ קרעטשמע איבערלאָזן, און אַז אַ חזן איז צוגעשלאָגן, עס הייסט היזעריק, טויג שוין זיין דאַווענען אויף כּפּרות.

איך בין אָבער קיינמאָל ניט צוגעשלאָגן געווען הזנוויי, ווייל פערדוויז בין איך שוין דאָס אָפּגעקומען; דאַריבער האָט טאַקע מיט מיר די וועלט געקלונגען. איך בין געווען חזן אין אַ גרויסער שטאָט, נאָר פונדעסטוועגן בין איך אין דער היים ניט איינגעזעסן, צום מייסטן בין איך אַרומגעפאָרן אויף דער מדינה קונה־שם צו זיין. נאָר אויף ימים־נוראים בין איך אַהיימגע־קומען, אי דאָס אויך ניט תּמיד, וואָרעם כּמעט אַלע צוויי יאָר בין איך אין איין אַנדערער שטאָט חזן געוואָרן — היינט אין קאַמעניץ, איבער צוויי יאָר אין מאָהיליוו, שפּעטער אין דובנע, דערנאָך אין קעשינעוו, אינמיטן אין יאַס, קורץ וואו די וועלט האָט איין עק! תּחילת האָב איך אָנגעהויבן צו דאַווענען נאָר מיט צוויי משוררים: ביי מיין רעכטע זייט האָט געקוויטשעט אַ קליין ייִנגעלע אויף אַ קולכן ווי אַ פישטשאַלקע, און ביי דער לינקער זייט האָט געבריטשעט אַ באַס ווי אַ קו. איך האָב מיך מיט איין האַנט, און אַמאָל טאַקע מיט ביידע הענט, אונטער די באַקן גע־האַלטן און האָב דעם גראָבן פינגער אַרייַנגערוקט אין דעם קנאָפּ פון דעם גאָרגל און האָב אָפּגעטאָקט מיט מיינע צוויי משוררים אַ „גפּי ישרימל" מיט אַ פּאָלאָנעז, וואָס מען שפּילט אים אין אַלע שענק־הייזער. פאַר „ישתּבח" האָט די פישטשאַלקע איבערגעזונגען אַ תּנועהלע: טאַ־טאַ־רי־טי־טי־טי־טי־טי! דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן: טי! טו! טאַ! טי־לי־לי! טלאָ־טלאָ! טנאָ־טנאָ! עס האָט געדויערט אַ האַלבע שעה, ביז איך בין אַרויסגעקומען אויף: ישתּבח שמך לעד מלכּנו, נו, נו, נו, נו, נו, — צום סוף מיט אַ דריי. פאַר „אל אדון" האָט דער

באַס זיך צעלאָזט אויף אַ וואָלעכשן שטייגער: טריי־ליי־ליי־לאָם!
דערנאָך האָב איך אַנידערגעלייגט איין „אל־אָדון”, איין אמתן וואָלעך!
„טובים מאורות”, האָט מען דאָך ניט צו שמועסן, איז דאָך געווען
טאַקע דער ראש־השנהדיקער „הָיָה עִם פיפיות”, און „פאר וכבוד”,
ווייסטו דאָך, מוז מען גיין אַ טערק, און צו טערקיש בין איך
אַ בריה געווען. וויפל מענטשן עס האָבן געהערט טערקן זינגען,
האָבן זיי געשוואוירן, אַז זיי האָבן נאָך קיינמאָל ניט געהערט
אַ טערק אַזוי טערקיש זינגען, ווי איך. „יוצר משרתים” פלעג איך
זינגען איטאַליעניש, אַז סוחרים, וואָס פאָרן קיין דייטשלאַנד, קיין
בראָד, קיין לעמבערג, פלעגן זאָגן: עס איז אַ מין פֶּלא, פשוט
איך זינג איטאַליעניש ווי אַן אמתער דייטש! — מיין גרעסטע
קונץ איז באַשטאַנען אין „אהבה־רבָּה־שטייגער”. איך האָב
מיך זייער גוט געקענט פעסטען, אַז איך האָב אָנגעהויבן אויף
דעם גאַנצן קול: טאַטעניאָ, פאָטער, אוי־ווי מיר! האָבן אַלע
ווייבער געמוזט וויינען. און מער דאַרף אַ חזן ניט האָבן קונה־שם
צו זיין: אַז די ווייבער וויינען — איז שוין גענוג! אין שמונה־
עשרה האָב איך קיין גרויסע שהיות ניט געמאַכט, „אָז בקול רעש
גדול” האָב איך ווידער טערקיש געזונגען, און „ועינינו תראינה”
מיט אַ פריילעכן פאָניע. דער באַס האָט געמאַכט ווי אַ פויק, און
די פישטשאַלקע האָט נעקוויטשעט, איך אַליין האָב מיך אויף צע־
לאָזט אויפן ביי־קולכן ווי אַ פייפעלע. — אין שול איז געווען
ענג, אַז עס איז ניט געווען מעגלעך אַ שפילקע צו דער ערד צו
וואַרפן. צום לייענען איז אַ ביסל גראָמער געוואָרן. איך האָב מיך
אַ ביסל אָפּגערוט. ווי מען האָט נאָר אָפּגעלייענט, האָט זיך אָנגע־
הויבן אַ נייער טאַרעראַם: יקום־פורקן—מיט „יְצַוֶה־צור־חַסדו־שטיי־
גער”, מי־שברך — מיט „מי־שברך־שטייגער”, און דערנאָך צו „ופּת
לאורחים” — אַ קליוואַנער בעטלער'ל, וואָס איז זיך צעגאַנגען אין
אַלע גלידער: דער עולם האָט געשלונגען איטלעכס וואָרט, ברכות
זענען געפלויגן פון אַלע זייטן: „אוי, אַ רוח אין זיין טאַטן אַריין,
דאַוונט ער — אַ גאָטס וואונדער!” „ער נעמט טאַקע אַרויס
פשוט די נשמה!” „אוי, אַ צרה זאָל אין אים אַריין, איך וועל עס
ניט אויסהאַלטן!” — זאָלסט עס ניט האַלטן פאַר גרינג, אַזעלכע

קללות זענען פאַר אַ חזן דאָס גרעסטע קאָמפּלימענט. — איך איך האָב געזען, אַז מע וועט די שול צענעמען, האָב איך שוין צו מוסף מקצר געווען. אַזוי האָב איך מיך געפירט אַלע שבת. שפּעטער, אַז איך בין שוין געוואָרן אַ גרויסער מפורסם, האָב איך שוין געהאַלטן עטלעכע זינגער גרויסע און קליינע, און האָב נאָך מער די וועלט אָפּגענומען. הכלל, עס איז מיר גאָר ניט שלעכט געווען. ווער שמועסט ווייבער, האָבן פון מיר זייער געהאַלטן. דער עולם האָט אַפילו געמומלט, נאָר איך בין דאָך בלויז ניט געווען קיין צווייַ יאָר אין איין שטאָדט, מילא האָט מען אין אמת דאָרט פון מיר ניט געהאַלטן, — וואָס האָט עס מיך גע־אַרט, אַז איך בין שוין אין אַ אַנדערע שטאָט געווען? איבעריקנס, מ׳קען קיינעם ניט אויפהענגען קיין שלאָס אויפן מויל, מען האָט מיר גאָרניט אָפּגערעדט, און קיין עין־הרע האָט מיר אויך ניט געשאַדט: אין וועלכער שטאָט איך בין געווען חזן, איז געווען די ברכה, מען האָט זייער אָפּט בריתן געמאַכט, מיידלעך האָט מען געמוזט גיך חתונה מאַכן, כדי דער ברית זאָל ניט געפאַלן צו פרי, און צו בריתן און חתונות האָב איך ניט צוגעלייגט, איך האָב מיך פּשוט געסטאַרעט פון פּרנסה־וועגן. דאָס איז ניט קיין קליינע האַרעוואַניע...

נאָר עס איז ניטאָ אויף דער וועלט קיין זאַך אָן אַ חסרון. חזנות האָט אויך אַ חסרון, וואָס אויף דער עלטער ווערט אַ חזן אָן דאָס קול, און דער האַלז בלייבט אים. אין שול הערט מען שוין אים גאָר ווייניק, און אויף בריתן און חתונות זעט מען שוין גאַנץ גוט זיין האַלז־מלאָכה. אין שול זאָגט מען: „ער הירזשעט שוין ווי אַ פערד״, און אויף בריתן און חתונות זאָגט מען: „ער עסט נאָך ווי אַ פערד״. —

דער האַלז איז אויך מיין אומגליק געווען, דורך אים בין איך פון דער וועלט אַוועקגעגאַנגען, בין אויס חזן געוואָרן, און האָב אויפגעהערט צו עסן געבראָטנס — פיש האָב איך ווייטער געגעסן, אַזוי ווי דו, מיין ליבער חברה־מאַן, וועסט באַלד הערן, נאָר דאָס געבראָטנס טוט מיר זייער באַנג!

אויף אַ חתונה ביים שטאָט־גביר האָב איך זיך שטאַרק אָנ־

געסן און בין אַהיים געקומען מיט אַ שפּאַרעניש. מיין ווייב האָט
מיך ניט זייער ליב געהאַט, ווייל זי האָט ניט אַזוי שטאַרק אָנגע-
קוועלט פון מיין אהבה־רבה, אויך פון מיין פיל עסן איז זי ניט
זאַט געוואָרן, אַדרבה, שטענדיק הונגעריק. דאַריבער האָט זי זיך ניט
וויסנדיק געמאַכט און האָט כלומרשט שטאַרק געשלאָפן. אויף
מיין קרעכצן אַ גאַנצע נאַכט האָט מיר קיינער ניט געענטפערט.
אינדערפרי, פראַווֹדע, האָב איך געשיקט נאָך אַ רופא. עס איז
אַוועקגעגאַנגען נאָך אַ טאָג, האָט דער רופא געזאָגט, אַז מע דאַרף
אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט,
האָט גענומען פאַרן וועג און איז אַוועקגעגאַנגען. גייענדיק האָט
ער איינגערוימט דעם רופא, אַז עס איז אומזיסט, וואָס מען פּאָרעט
זיך מיט מיר, איך האָב אַ מיזערערום, די קישקעס האָבן זיך
פאַרדרייט און ער קען זיי ניט אויפפּלאָנטען. וואָס זאָל איך
דיר דאָ לאַנג ברייען — דעם אייגענעם טאָג האָט מען מיך צו
קבר ישראל געבראַכט. —

# אַ פּ י ש

דאָס בית־דין־של־מעלה האָט ניט לאַנג געקלערט, עס האָט אַפּנים, אַז מיין פּסק איז שוין געלעגן פריער פאַרטיק און אונטערגעשריבן, וואָרעם קוים האָב איך אויסגעפּעט אין קבר מיך אומצודרייען, האָב איך דערזעען, ווי איך בין שוין אין טייך — און בין שוין אַ פיש — שטום, גאָר אָן אַ קול. — איך געדענק, אַז חזנוויז פלעגן אויף מיר זאָגן די, וואָס האָבן פון מיר ניט געהאַלטן. אַז איך האָב אַ קול פון אַ שלייען. איך בין אָבער ניט געוואָרן קיין שלייען, נאָר אַ העכט, אַ וואַסער־וואָלף. איך האָב געשלונגען די קלענערע פיש ווי האָלעשקעס, אַפילו מיינע אייגענע קרובים, קליינע העכטלעך, פלעג איך אויך איינשלינגען אָן רחמנות. אַמאָל האָב איך איינגעשלונגען אַ קליין ווערעמל. פלוצים האָב איך דערפילט עפּעס ווי אַ ווייטאָג, אַ האַטשיק האָט זיך מיר אין די זשעברעס פאַרטשעפּעט און האָט מיך שטאַרק געשטאָכן. פאַר ווייטאָג האָב איך מיך אַראָפּגעלאָזט טיף אין וואַסער אַריין. ניין, עס גייט ניט! איך שטופּ מיך אַראָפּ און מיך ציט עס אַרויף.— איך קוק מיך אום, הע! הע! אייגער האָט מיך מיט אַ ווענטקע פון דעם טייך אַרויסגעשלעפּט! מען טאַסקעט מיך גאָר ערגעץ אַוועק. אין קיך אויף דער באַנק ליג איך, וואו מע האָט מיך שוין אַנידערגעלייגט צו שפּאַלטן לכבוד שבת, האָב איך מיך אַרומגעקוקט און האָב דערקענט מיין שול־גבאַיס הויז; דער גבאי האָט מיך געקויפט אויף שבת, ווייל ער האָט געהאַט אַ גאַסט, אַ נייער חזן איז געקומען! — דאָס איז מיר אַ גוטער שטאָך אין האַרצן געווען. נאָר דאָס איז נאָך ניט גאָר די קעכין איז צוגעקומען צו מיר מיט אַ גרויס מעסער, איך טו אַ קוק — אַ גרויסע צרה! דאָס איז מיין ווייב, זי דינט שוין ביים גבאי, און אַ אַנדער נעמט זי מיך צום שפּאַלטן. — ווער שטייט לעבן איר און מאַכט מיט

איר מחזקות? ס׳איז דער נייער חזן! וואָרעם דו מוזט וויסן, אַז מיין ווייב איז נאָך גאָר אַ יונג ווייבל געוועזן אַז איך בין געשטאָרבן, ווייל זי איז ביי מיר געוועזן דאָס זעקסטע ווייב — איך האָב מיך מיט פינף געגֶט. אַצינד שטעל דיר פאָר מיינע צרות, ווי איך האָב דאָס צוגעזען. און ווי זי האָט מיר דאָס מעסער אַריינגעשטעקט אין בויך אַריין, האָב איך פלוצים אַ קול אַרויסגעלאָזט. עס זאָל דיר קיין חידוש ניט זיין, אַ פיש וואָס איז געוואָרן פון אַ חזן, האָט זיך ביי אים נאָך געמעגט פאַרוואַלגערן אַ שטיקל קול אויף אַזאַ ביטערער נויט. — די קעכין האָט זיך אָבער זייער דערשראָקן, זי האָט קיינמאָל ניט געהערט פון אַ פיש אַ קול. די שטיה האָט גאָרניט געוואוסט, אַז די קולות, וואָס זי האָט אַ צייט פון מיר חזנווייז געהערט, זענען אויך געוועזן פון פיש. וויפיל פיש האָבן געשריגן אויס מיין בויך? מילא, אַז פיש שרייען אויס דעם חזנס בויך, מעג דאָך אַמאָל אַ חזן שרייען אויס אַ פישס בויך! נאַר שמועס מיט אַ יידענע! ווייבערשער שכל! זי האָט פשוט געזאָגט: „עס איז אַוודאי אַ ג ל ג ו ל! איך זאָל אַזוי הערן שופר של משיח, אַז איך האָב מיט מיינע אויערן געהערט ווי דער העכט האָט געשריען „שמע"! מע מוז פרעגן דעם רב אַ שאלה". מע האָט געשיקט דעם רב פרעגן, וואָס טוט מען מיט אַ פיש וואָס שרייט „שמע!" — דער רב האָט געפסקעט אַזוי ווי די קעכין האָט שוין פאָראויס מיין פסק געזאָגט, אַז מע דאַרף דעם פיש זיין רעכט טון, ווי אַ בר־מינן, און באַלד האָט מען מיך אָנגעטון אין תכריכים און מע האָט מיך מחילה געבעטן, דערנאָך באַגראָבן אויפן היילקן אָרט. —

# אַ בעל־טאַקסע

ווי באַלד דער פיש איז צו קבר ישראל־געקומען, האָט די נשמה ווידער געהאַט אַ עליה און איז ווידער אין אַ מענטשן מגולגל געוואָרן, נאָר אין אַ מענטשן, וואָס שלינגט אויך איינ־זיינע אָרעמע ברידער, אַזוי ווי אַ העכט די קליינע פישלעך. איך בין געוואָרן אַ בעל־טאַקסע, וואָס דינגט אָפּ די טאַקסע פון דעם כּשרן פלייש און זאָרגט דערפאַר, אַז אָרעמעלייט זאָלן זיך חלילה די קישקעס ניט צעשטופּן און זאָלן זיך ניט געוויינען פלייש צו עסן ווי די ווילדע חיות; אָבער אַליין שלינגט ער ווי אַ פיש, ביי אים בלייבט דאָס פלייש מיט דעם געלט! —

אַ בעל־טאַקסע איז זייער גוט צו זיין. אויסער דעם, וואָס ער עסט זיך אָן מיטן בעסטן פלייש און האָט אַלע אייטערלעך, אַלע גריישלעך, קורץ, אַלע בעסטע שטיקלעך, וואָס זיין האַרץ גלוסט, האָט ער נאָך דערצו די גרעסטע דעה אין שטאָט, ווייל איטלע־כער דאַרף צו אים האָבן. די רבנים און שוחטים זענען זיינע, זיי לעבן דאָך פון אים. די שוחטים זענען דאָך אין די בתּי־מדרשים און די קלייזלעך אַלע טאָג, ווייל אַ שוחט מוז דאָך זיין אַ פרו־מער ייד און פאָרן צום רבין. אַז די שוחטים זענען דעם בעלי־טאַקסעס, זענען די בתּי־מדרשים און די קלייזלעך אויך דעם בעל־טאַקסעס. די קצבים זענען דעם בעל־טאַקסעס, זיי לעבן דאָך פון אים. די קצבים זענען פול אין אַלע שענקהייזער און נאָך אין אַזעלכע הייזער, וואו עס קומען זיך צונויף מענטשן, וואָס מע דאַרף אָפּט זייער לאַסקע, אַז מע וויל עמעצן אַ שכּיצל אָפּטון. אַז די קצבים זענען דעם בעל־טאַקסעס, זענען די אַלע ניצלעכע מענטשן דעם בעל־טאַקסעס. — די נגידים זענען זיינע, ווייל כאָטש ער איז בעל־טאַקסע, האָבן פונדעסטוועגן כמעט אַלע נגידים, און בפרט די גרעסטע, ביי אים חלקימלעך. דאַריבער

קען אים שוין דער איבעריקער עולם, געמיינע באַלעבאַטים, בעלי־מלאכות און דעסטגלייכן אַ וואָרט ניט רעדן; מיט זיי טוט ער וואָס ער וויל. אויס די קאָנדיציעס לאַכט ער זיך אויס, ער קויַלעט סטערוועס, פגירהס, פאַרקויפט פאַרשטונקען אומריין פלייש, אָרעמעלייט גיט מען נאָר ביינער, און דערצו — אַ פאַלשע וואָג. ווער וועט זיך פאַר זיי שטעלן? — אַז, למשל, דער גביר פון דער שטאָט האַנדלט מיט אָקסן (און ער האָט דאָך אַוודאי אַ שטיקל חלק אין דער טאַקסע) און עס געפינען זיך שוין ביי אים עטלעכע פגירהס, וואָס ווילן שוין טאַקע פּגֵרן, שיקט מען זיי געשווינד אין שעכטהויז אַריין און מע לייגט זיי אַוועק אויף כשר. אָרעמעלייט צעכאַפּן דאָס פלייש ווי פלאָדן. עס פאַרשטייט זיך, אַז פון די נגידימס וועגן איז דאָ אַנדער פלייש. אַ מקח נעמט ער ווי אים טויג, אַ חלק גיט ער. אַז דער אָרעמאַן זאָל זיך ניט האָבן צו קלאָגן, ער האָט זיך, חלילה, איבערגעגעסן; אויסער דעם אַלעמען, פאַרקויפט מען דעם אָרעמאַן גאָרניט קיין פלייש: וואָס טויג די קבצנים פלייש? ביינער זענען זיי קראַנק צו גריזען? עס זענען אפילו דאָ אין איטלעכער שטאָט מענטשן, וואָס נעמען פלייש ניט נאָר אָן טאַקסע, נאָר טאַקע גאָר אומזיסט. איך וויים, דו מיינסט אַוודאי, מיין ליבער חברה־מאַן, אַזעלכע, וואָס האָבן דערויף אַ פראַווע, ווי למשל, לערער פון יידישע שולן, וואָס זענען באַפרייט פון פאָדאַט, און דערצו זענען זיי דאָך געמיינע לייט, וואָס לעבן פון געהאַלט און קומען צוניץ דער שטאָט — זיי ערציען די קינדער. אויב דו מיינסט אַזוי, האָסטו אַ גרויסן טעות. ערשטנס, הערסטו דאָך, אַז איך זאָג ניט אָן טאַקסע, נאָר אומזיסט, און פאַרוואָס קומט לערערס אומזיסט? זיי פאַרלאַנגען עס גאָרניט, זיי פאַרלאַנגען ניט מער ווי זייער פראַווע אָן טאַקסע, און דאָס וויל זיי דער בעל־טאַקסע גאָרניט הערן. וואָס וועלן זיי אים טון? פאַר וועמען וועלן זיי זיך קלאָגן? פאַר די נגידים? די נגידים דאַרפן זיי ניט, די נגידים געבן ניט זייערע קינדער אין דער שולע אַריין. ווייטער, ערגעץ אַנדערש קען דער בעל־טאַקסע גיכער טרעפן, און וואו מע דאַרף געבן אַ קערבל, קען ער גיכער געבן. ווער דען, וועסטו פרעגן, נעמט פלייש גאָר אומ־

זיסט? — ניט פאַרזינדיקן זאָל מען, עס איז ברוך־השם דאָ אין שטאָט פאַקטוירים, יאַבעדניקעס, דאָנאָסטשיקעס: פאַר זיי האָט מען דאָס זיבניאָריקע קדחת, זיי מוז מען דאָס מויל פאַרשטאָפּן, זיי זאָלן די סודות ניט אויסזאָגן! אַ קלייניקייט איז דאָ סודות אין שטאָט? עסט, קינדער, פלייש אומזיסט און קיטש! —

איך בין געווען אַ בעל־טאַקסע אין אַ גרויסער שטאָט. פון כמה שנים די טאַקסע האַלטן און נאָך אַזעלכע געשעפטן, צום מיינסטן עסקים, וואָס מע לייגט ווייניק אריין און מע נעמט אַ סך אַרויס, און דערפון, וואָס איך בין זייער קאַרג געווען און האָב קיין אָרעמאַן אַ שטיקל ברויט ניט געגעבן אומזיסט, און די וואָס האָבן ביי מיר גערינט האָב איך געצאָלט ווי צום ווייניקסטן, און אָפּט נאָך פון דעם ווייניקן אָפּגעריסן מיט פאַלשע פּרעטענציעס — פון די אַלע זאַכן און נאָך אַזוינע זאַכן בין איך מיט דער צייט אַ גרויסער עושר געוואָרן. איך האָב מיך געפירט זייער נגידיש, עס הייסט, איך האָב געוואוינט אין אַ שיינער דירה, מיט שיין מעבל, האָב געהאַט אַ סך טיש־זילבער און אַזוי זילבערנע טייערע כלים, למשל, אַ חנוכה־לעמפּל, אַ הדס, אַ מגילה אין זילבער איינגעפאַסט, אַ זילבערנע פּושקע אויף דעם אתרוג, און נאָך אַזוינע אַנטיקן. נאָר דאָס אַלעסדינג האָט מיר ווייניק געקאָסט: אַ טייל זאַכן זענען ביי מיר געבליבן, וואָס אָרעמע, אָפּגעקומענע נגידים האָבן ביי מיר פאַרזעצט פאַר אַ קלייניקייט און עס איז אָנגעוואַקסן אַ סך פּראָצענט, אַז עס איז שוין ניט כדאי געווען אויסצולייזן. די פאַרשעמטע, אָפּגעקומענע, אָרעמע האָבן זיך אָפט גאָר געשעמט אַפילו אויסצוזאָגן, און ווען עס האָט זיך אַמאָל געפונען איינער, וואָס האָט געוויינט און געשריגן, אַזעלכע זענען געווען צום מיינסטן אַלמנות מיט יתומים, נאַ, איז דאָך דאַרויף דאָ אַ דין־תורה, און ביי דעם דין־תורה בין איך דאָך מן הסתם גערעכט געווען. דער רב האָט זיך געדרייט אַהין־אַהער, האָט געזוכט אין דעם און אין יענעם ספר, האָט געקייעט די באָרד, געדרייט די פּאה, — קוועטשט דיך היינט, קוועטשט דיך מאָרגן, איך בין ברוך השם אַ גן עושר, איך וויג אין קאָפּ ביים רבין, זאָל לעבן, און האָב אַ וועקסל אויף היתר־עיסקא, מן הסתם

מיט אַלע באַוואָרענישן „כּתיקון מהר״ם ז״ל דלָא כּאסמכתָּא ודלָא כּטופסי דשטָרי״ וכו׳ וכו׳. וואָס קען דער רב זאָגן? די אלמנה האָט זיך גוט אויסגעווײנט און דאָס זילבער איז בײַ מיר געבליבן! נאָר אײן זאַך האָט מיר געקאָסט געלט, דעם רבין האָב איך ניט געזשאַלעוועט און האָב מיך מיט אים קײנמאָל ניט געדונגען. האַלט מיך ניט פאַר קײן שוטה, מײַן ליבער חברה־מאַן, איך האָב מײַן געלט ניט אַרויסגעוואָרפן — דער רבי איז ווערט געוועזן צען מאָל אַזוי פיל. דו מוזט וויסן, אַז איך האָב כּמה יאָרן די טאַקסע געהאַלטן, און דערצו כּמה אַרענדעס אַרום, אין שטעטלעך און אין דערפער, און אַלעסדינגג פאַר אַ שיבוש געלט. מיר האָט ניט גע־סמײעט קײנער אויסצודינגען, דער רבי וואָלט אים עוקר מן השורש געוועזן, עס וואָלט קײן ייד פון זײַן פלײש ניט געגעסן און פון זײַן בראָנפן ניט געטרונקען און ער וואָלט אײַנגאַנצן הפקר געוועזן. פאַרשטײסטו שוין, וואָס דער רבי איז ווערט? — מילא, דער רבי האָט מיך געקאָסט געלט; פונדעסטוועגן האָב איך מיר דאָס דאַזיקע געלט אויך אָפּגעזוכט ווי ווײט איך האָב געקענט. איך האָב שוין דערפאַר קײן יידן קײן נדבה ניט געגעבן, אַפילו דעם גרעכטן אָרעמאַן, ער האָט געמעגט פאַר הונגער שטאַרבן; איך האָב אָפּגעריסן אַ בעל־מלאכה, אַז ער האָט בײַ מיר געאַר־בעט, ער האָט אַפילו געמעגט צו מיר צולײגן, אַ טרונק בראַנפן האָט בײַ מיר אַ ייד ניט געטון אומזיסט, און אַפילו מײַן ווײַב מיט מײַנע אײגענע קינדער האָב איך אויך דעם ביסן פון דעם מויל אָפּגעריסן. ווי־דען? מע מוז זיך דאָך די הוצאה אויסשלאָגן. זאָג, האַ? בין איך אפשר אומגעזעצט? —

דאָ האָב איך מיך אָפּגערופן צו דער נשמה: „נײן, מײַן ליבע נשמה! דו ביסט ניט גערעכט געוועזן, און מיר דאַכט, דו האָסט געמוזט דערנאָך ווײטער מגולגל ווערן, און ניט אין אַזאַ באַשעפעניש, וואָס לעקט האָניק. סטײטש, דו ביסט דאָך עפּעס, וועדליק דו דערצײלסט, גאָר אַ גזלן, אַ רוצח געוועזן, אײן אומ־ברחמנותדיקער מענטש, אַ בלוטצאַפּער! איך פאַרשטײ ניט, וואָס פאַר אַ רבי דאָס האָט געקענט זײַן, וואָס דו ביסט בײַ אים גע־וועזן אַ חשוב? דאָס איז ניט קײן רבי, דאָס איז אַ טאַטער!״...

דער גלגול האָט מיר די האַנט אויף דעם מויל אַרויפגעלייגט: „ששאַ, וואָס רעדסטו?! — זאָגט ער צו מיר — אַז דו זאָלסט וויסן, פון וועמען מע שמועסט, וואָלסטו דיך געשלאָגן הונדערט מאָל על-חטא פאַר דעם וואָרט וואָס דו האָסט דאָ אַרויסגערעדט. מיין רבי איז געווען ר׳ יאָקעניו, זכרונו לברכה!"

— ר׳ יאָקעניו!—האָב איך אַ געשריי געטון.--זיין זכות זאָל מיר און כל ישראל ביישטיין! ער איז אַוודאי געווען אַ גרויסער צדיק. נאָר פונדעסטוועגן פאַרשטיי איך ניט, ווי האָט ער געהאַלטן פון אַזאַ גזלן? —

— ווי הייסט? — זאָגט די נשמה, ער האָט עס געדאַרפט פון אַלעמען וויסן? ווער וועט אים גיין דערציילן? דער גבאי איז מיט מיר בלאַט געווען. איך בין געווען זייער אַ פרומער ייד, בין געגאַנגען אַלע טאָג אין מקווה, האָב געלייגט צוויי פאָר תפילין, שבת בין איך געגאַנגען אין אַ שטריימל און אין איין אַטלעסענער זשופּיצע. די פאות זענען געווען פאַררוקט איבער די אויגן, דער האַלז אין דערויסן, אויף די פיס פאַנטאָפעלעך. מילא וואָס נאָך האָט דער רבי געקענט צו מיר האָבן? און ווייטער מוזטו וויסן, אַז דער רבי ווייסט אַ חילוק צווישן געלט און שמעלט. איין האַנט וואַשט די אַנדערע. דער רבי זאָל ניט געווען האַלטן פון מיר, וואָלט איך ניט געהאַלטן פון אים, פון וואָס-זשע וועט דער רבי לעבן, אַז ניט פון אַזוינע לייט ווי איך? די אויפגעקלערטע נגידים, די דייטשן וועלן אים ניט געבן — און דער רבי, מוזטו וויסן, דאַרף, קיין עין-הרע, אַ סך האָבן. אַ קאַרעטע מוז ער האָבן, אַפילו מיט הינט און מיט אַ צאַפּ צו די פערד, טייערע דירות, טייערע מעבל, זילבער און טאַקע גאָלד אויך מוז ער האָבן — ער איז דאָך אַ צדיק, איין איידעלע הייליקע נשמה! און ניט ער אַליין, זיינע קינדער, זיינע זין, זיינע טעכטער, שניר, איידימס, אייניקלעך, קיין בייז אויג, אַלע האַלטן דינסטן, משרתים, אַמן; דאָ דאַרף דאָך אַוועקגיין אַלע יאָר איין עשירות! קיין משא-ומתן טוט ער ניט, קיין קראָם האָט ער ניט, קיין גיטער אויך ניט, קיין פאַבריקן, קיין קאַנטאָרן, קיין פּאָדראַדן, — מילא וואו דען וועט ער נעמען? ביי די חסידים, די גאָלעפּיאַטניקעס? זיי

דאַרף ער נאָר צום רובל, ווייל אָן חסידים איז מען קיין רבי ניט, אָבער קיין פּרנסה ווערט ניט פון זיי. נאָ, אַצינד פאַרשטיי אַליין — אַז דער רבי דאַרף פון מיר לעבן, קען ער שוין אַ מאָל עפּענען?

— אַוודאי — זאָג איך — איז עס איין אמת. מע קען אַנדערש ניט זאָגן. קיין אפּיקורס חלילה בין איך ניט. מן הסתם, אַז דער רבי ר׳ יאָקעניו האָט אַזוי געטון, איז אַוודאי רעכט אַזוי! דער־צייל־זשע ווייטער דעם סוף.

— דעם סוף? — זאָגט די נשמה מיט אַ גרויסן זיפץ — הלוואַי וואָלט גאָרניט געווען קיין סוף! — עס איז מיר אין קיין גלגול ניט אַזוי גוט געווען ווי בעל־טאַקסעווייז. וואָס העלפט עס אָבער? קיין זאַך איז ניט אויף אייביק! —

ויהי היום איז אָרויסגעקומען אַ פּאַטשעט, אַז די טאַקסע ווערט בטל, כשר פלייש זאָל זיין גלייך ווי טרפה פלייש, עס זאָל קוילן ווער עס וויל. די בשורה האָט מיך ווי אַ דונער דערשלאָגן. אויסער דעם, וואָס איך האָב פון דער טאַקסע געהאַט אַ שיינעם גראָשן, בין איך דאָך נאָך דורך איר אין שטאָט געווען ראש־וראשון, דער גרעסטער תקיף, דער גרעסטער איש מכובד, און אַ חשוב ביים רבין, וואָס פלעגט אויך נעמען זיין הספקה פון דער טאַקסע, און ביי אַלע, וואָס פלעגן באַקומען פלייש אומזיסט. הכלל, אָן דער טאַקסע בין איך אָן הענט און אָן פיס, איין עק פון מיינע שוחטים מיט די קלייזלעך און בתי־מדרשים, איין עק פון מיינע קצבים מיט די שענקהייזער און די איבעריקע הייזער, וואָס האָבן פון זיי געהאַט הילף אין אַ נויט, אַז איך האָב געדאַרפט עמעצן באַגראָבן. — אויס תקיף, אויס איש מכובד, אויס חשוב ביי דעם רבין און אי ביי אַלע גרויסע... בין איך דאָך פשוט אויס מענטש! מיינע שונאים וועלן אויפגעריכט ווערן. עס האָט זיך מיר געדאַכט ווי איך הער שוין שמועסן ביי מיר הינטער די פּליי־צעס: „לאָז ער נאָר אויס בעל־טאַקסע ווערן! מיר וועלן אים ווייזן דעם דראַב, דעם באַרייסער, דעם בלוטצאַפּער, ווער על־טער איז! ער וועט עס זיין אַ תקיף פאַר אונזער געלט? ער וועט עס אונדז באַגראָבן און מיר וועלן נאָך אַליין קבורה־געלט באַ־צאָלן? לאָז נאָר די טאַקסע בטל ווערן, לאָז ער נאָר אויס תקיף

ווערן, וועט ער נאָך אָפּגעבן חשבון, וואו אונזער געלט איז אַהינ־געקומען.״ די ווערטער האָבן מיר באַשטענדיק געקלונגען אין די אויערן: וואו איך בין געגאַנגען, וואו איך בין געשטאַנען אָדער געזעסן, האָט זיך מיר אַלץ געדאַכט, אַז מע שמועסט פון דער טאַקסע, פון מיר, ווי מע וועט מיך באַלד אָנלערנען. וואָס זאָל איך דיר פיל ברייען — איך בין קראַנק געוואָרן. איך האָב גע־רופן דעם דאָקטאָר, ער האָט פאַרשריבן, איך האָב גענומען, עס האָט מיר אָבער גאָרניט געהאָלפן. דער דאָקטאָר האָט כּון קרענק ניט פאַרשטאַנען, אַז עס איז גאָר אַ מרה־שחורה. איך האָב געשיקט צום רבין אַ פדיון, האָט ער געזאָגט, איך וועל אם ירצה השם געזונט ווערן, נאָר מע זאָל מיר צוזעצן נאָך אַ נאָמען. מע האָט אַזוי געטון, און תּיכּף ווי מע האָט מיר צוגעזעצט דעם נייען נאָ־מען, טאַקע דעם אייגענעם טאָג בין איך געשטאָרבן. מע האָט מיך באַלד באַגראָבן. איך קען ניט זאָגן, איך האָב מיך ניט צו קלאָגן, איך האָב אַפילו געהאַט אַ גרויסע לוויה, מיינע קינדער האָבן גע־טיילט געלט אָרעמעלייט פאַר דער מיטה. זיי האָבן געמעגט טיילן, וואָרעם זיי האָבן אַ מציאה געהאַנדלט, איך האָב פון זייערטוועגן גענוג צוגעפּגעראַבעוועט און גאַנץ גוט אָפּגעהיט. — ווי איך בין געקומען אויף דעם עולם האמת, בין איך געוואָר געוואָרן, אַז איך בין גאָר אומזיסט געשטאָרבן, די טאַקסע בלייבט! עס האָט מיר אַפילו זייער באַנג געטון, וואָס איך האָב מיך געאיילט צו שטאַרבן. נאָר וואָס העלפט עס? פאַרפאַלן, פון טויט קען מען ניט מער לעבעדיק ווערן! —

# אַ הונט

דערפאַר, וואָס איך האָב אַליין געפרעסן דאָס בעסטע פלייש און אָרעמעלייט האָב איך געגעבן ביינער, דערפאַר, וואָס איך האָב געריסן טאַקסע ביי אַזעלכע, וואָס נאָך דעם געזעץ קומט גאָרניט פון זיי, האָט דאָס בית־דין־של־מעלה געפּסקעט, איך זאָל מגולגל ווערן אין אַ הונט, וואָס גריזעט נאָר ביינער. —

אויס בעל־טאַקסע — איך בין שוין אַ הונט! אַ הפקר־הונט, וואָס דרייט זיך אַרום דער יאַטקע, ערגעץ אַ ביין צו דערטאַפּן, און איטלעכער שלאָגט אים אָן רחמנות. די צרות, וואָס איך האָב אויסגעליטן הונטווייז, איז גאָרניט אויסצודערציילן. וואָלט איך געווען מגולגל געוואָרן אין אַ פּאַלאָוואַניע־הונט, וואָלט מיר ניט אַזוי ביטער און פינסטער געווען: איך וואָלט געוויס געמוזט האָרעווען מער ווי אַ בעל־טאַקסע, וואָס עסט אומזיסט, איך וואָלט געמוזט גיין אויף דער אָכאָטע, איך וואָלט געמוזט יאָגן, לויפן, רייסן, בייסן, כאַפּן, ברענגען; דערפאַר אָבער וואָלט איך געהאַט מיין פּרנסה, מיין עסן צו דער צייט און טיין באַלעבאָס וואָלט מיר אויפגעהאָנגען אויפן האַלז אַ סימן, אַז איך זאָל כאָטש פאַרן היצל קיין מורא ניט האָבן, ווער שמועסט איך זאָל געווען מגולגל ווערן אין אַ דאַמסקע שויסהינטל, וואָלט אַוודאי אַז וואיל מיר געווען! איך וואָלט אַפילו קיין בעל־טאַקסע ניט מקנא געווען; ניט איטלעכער קען זיך באַרימען ווי אַ שויסהינטל, אַז דאַמען טראָגן אים אויף די הענט אַרום און האָדעווען אים מיט צוקערקעס. נאָר וואָס קומט אַרויס, איך בין גאָר אַ פּראָסטער הונט געווען, אַ מאַרק־הונט, אָן אַ היים. וואו איך האָב געטאָגט, האָב איך ניט גענעכטיקט, עס האָט מיר קיינער אַ שטיקל ברויט ניט געגעבן, און וואָס איך האָב ניט געגנבעט און געראַבעוועט, האָב איך ניט געהאַט —

פונקט אזוי ווי אַ בעל־טאַקסע! נאָר קיין פלייש האָב איך ניט געהאַט ווי ער, און דער רבי האָט פון מיר ניט געהאַלטן.

תחילת איז מיר אַפילו קיין מעשה ניט געווען — כאָטש אין צרות האָב איך דאָך געהאַט אַ שטיקל ברויט. איך בין געווען אין אַ דאָרף ביי אַ פויער, איך האָב אים געהיט דאָס הויז מיט די פערד און די בהמות, דערפאַר האָט ער מיר געגעבן עסן, מאָל דיר עסן — אַזאַ יאָר זאָלן מיינע שונאים האָבן! אלץ הייסט געגעסן! נאָר פאַר הונגער בין איך ניט געשטאָרבן; דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס ער האָט מיר געהאַלטן אויף אַ שטריק, דאָס איז מיר געווען ווי דער טויט. עס האָט מיך פאַרדראָסן, פאַרוואָס זאָל איך ניט זיין פריי, און איך בין מיין באַלעבאָס אַ דם שונא געווען דערפאַר, וואָס ער לאָזט מיך ניט פריי אַרומלויפן. דאָס האָב איך גאָרניט באַרעכנט, אַז דער באַלעבאָס איז גאָרניט שולדיק, אַ הונט טאָר מען נישט לאָזן פריי, ובפרט אַ בייזן הונט, אַ גלגול פון אַ בעל־טאַקסע — אַז אַזאַ הונט זאָל ניט זיין צוגעבונדן אויף אַ קייט אָדער אַ שטריק, וואָלט ער איטלעכן שטיקער פלייש אויסגעריסן. נאָר וועלכער הונט האַלט זיך ניט פאַר זייער גערעכט? איך האָב נאָר דאַרויף געלייגט דעם קאָפּ, איך זאָל פון מיין באַלעבאָס אַנטלויפן. אַמאָל איז געקומען אין מיין דאָרף אַריין אַ שטאָט־הונט און האָט זיך מיט מיר באַקענט. מיר האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע אויסגעפרעגט, ווי דער שטייגער איז אין דער וועלט: „ווי גייט עס דיר אין דאָרף?" — „ווי גייט עס דיר אין שטאָט?" איך האָב אים דערציילט מיין שווער ביטער האַרץ און אים געוויזן, ווי אַרום האַלז האָב איך אַ צייכן פונעם שטריק. זאָגט ער צו מיר: „איך ווייס ניט וואָס דו האַלטסט דיך דאָ אין דאָרף? אַנטלויף אין שטאָט אַריין, וועט דיר טויזנט מאָל בעסער זיין; דאָרט וועסטו ערשטנס האָבן אַ יאַטקע, וועסט דיך נאָר דאָרט אַרומדרייען, וועסטו אויך כאַפּן אַלעמאָל אַ שטיקל פלייש, דהאָ אָבער ביים פויער קוקסטו דאָך ניט אָן קיין פלייש. — היינט חתונות, בריתן, ובפרט ביי נגידים. עס איז דאָך שוין אַפילו אַ ווערטל געוואָרן, אַז פון אַ נגידישער חתונה אָדער אַ ברית טראָגן הינט גאַנצע קעפּ אַוועק; און אַזוי פשוט כאַפּט מען אויך

אַמאָל אַ שטיקל פלייש. איין חסרון איז אין שטאָט נאָר, וואָס מע דאַרף זיך אויסהיטן פאַרן היצל. היט מען זיך אָבער נאָר פאַר אים אָפּ, איז ווייטער גאָר נישקשה, אַ סך בעסער ווי אין דאָרף. מיר איז עס גוט אין דער נאָז אַריין און איך האָב מיר אַנט־שלאָסן אַוועקצוואַרפן דאָס דאָרף און צו אַנטלויפן אין שטאָט אַריין. „דערציייל־זשע מיר, זאָג איך צו מיין גאַסט, צום שטאָט־הונט, ווי אַזוי היט מען זיך אויס פאַר דעם שרעקלעכן היצל? ווי קען מען אים דערקענען צווישן אַזוי פיל מענטשן?" — „דער־קענען, זאָגט מיין שטאָט־הונט, איז קיין מלאכה ניט, מע דער־קענט אים תיכּף אינם שטעקן מיט דעם גראָבן קנאָפּ וואָס ער טראָגט תמיד, וואָס מיט אים הרגעט ער אונזערע ברידער. די גאַנ־צע קונץ איז זיך פון זיינע הענט אויסצודרייען. איך מיין, עס איז אַ גרויסע מלאכה פאַר אים צו אַנטלויפן; אַז זיין אויג האָט נאָר דערזען, איז שוין שווער זיך פאַר אים צו באַהאַלטן. אין דער גרעסטער סכנה איז דער הונט, וואָס האָט אויף זיך אַ טייערן גוטן פעלץ. הינט מיט טייערע פעלצן מוזן זיך שטאַרק היטן פאַר דעם היצל". — „די דאגה האָב איך ניט", האָב איך מיך אָנ־גערופן צו מיין גאַסט, „דו זעסט אַליין, אַז מיין פעלץ איז ניט ווערט אַ דענישקע, פיס האָב איך גרינגע, איך בין דאַר און גרינג צום לויפן; אַבי איך האָב נאָר אינם היצל גוטע סמנים און וועל אים נאָר דערקענען, האָב איך פאַר אים קיין מורא ניט".

הכּלל, עס בלייבט אַזוי, איך וואַרף אַוועק דאָס דאָרפסלעבן און וויל זוכן מיין גליק אין שטאָט. געזאָגט — געטון! דעם אַנ־דערן טאָג בין איך שוין טאַקע מיט מיין פריינד, דעם שטאָט־הונט, אָנגעקומען אין שטאָט אַריין, וואָס איז ניט ווייט געווען פון מיין דאָרף. מיר האָבן באַלד געמאַכט אַ שפּאַציר אין יאַטקע אַריין. עס איז גראָד עפּעס קאַליע געוואָרן פלייש, דער דאָקטאָר האָט זיך צעקריגט, האָט ער דאָס פלייש אַרויסגעוואָרפן פאַר די הינט. דאָ האָבן מיר געהאַט אַ גרויסע סעודה און איך האָב גע־מיינט, אַז דאָס איז אַזוי אַלע טאָג. די סעודה איז מיר באָקאָם אויס־געפאַלן: אינמיטן עסן, סאַמע ביים רעכטן אַפּעטיט, דערזע איך דעם מיט דעם גראָבן שטעקן מיטן גאַנץ גראָבן קנאָפּ. ווי איך

האָב איך אים נאָר דערזען, האָב איך שוין געוואוסט ווער דאָס איז, אַז איך כאַפּ ניט די פיס אויף די פּלייצעס — פּאַשאָל! איך לויף אין איין אימפּעט און קוק מיר גאָרניט אום ווי מיין פריינד, דער שטאָט-הונט, לויפט מיר נאָך מיטן גאַנצן כוח און שרייט מיט אַ קול. איך הער אים ניט און לויף ווייטער. אַז איך האָב מיך שוין משער געווען, אַז דער מיטן שטעקן וועט מיך שוין אַוודאי ניט קענען כאַפּן, האָב איך מיך געשטעלט אַ ביסל אָפּסאַפּען. דאָ האָט מיך מיין פריינד דעריאָגט און פרעגט מיך: „וואָס ביסטו אַזוי אַנטלאָפן? פאַר וועמען?" — „פאַר וועמען? זאָג איך: סטייטש, פאַרן היצל!" — „וואָס פאַר אַ היצל? משוגע ביסטו, מיינע שונאים?" — „ווי הייסטו! זאָג איך, דער מיטן שטעקן מיטן גראָבן קנאָפּ!" אָט דאָ האָט זיך מיין פריינד זייער שטאַרק צעלאַכט: „אוי, שוטה! שוטה! דו בלייבסט טאַקע אַ דאָרף-הונט! איז דאָס דען דער היצל געווען? — דעם מיינסטו, מיטן קיילעכיקן בייכל? דעם מיט די רויטע פּיסקעס אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע מיט דעם סאָלצאָווינעם שטעקן, אויבן מיט אַ זילבערנער גאַלקע? דאָס איז דאָך אונזער גביר און בעל-טאַקסע! פון אים קומט דאָך די גאַנצע שמחה אַרויס! ער זאָל זיך ניט געווען האַמפּערן מיטן דאָקטאָר, וואָלטן מיר היינט די סעודה ניט געהאַט. ע, וואָס פאַר אַ קאַליקע דו ביסט! ווי האָט מען אַזאַ טעות?" — „ווי-זשע", זאָג איך, „האָב איך געזאָלט וויסן? דו האָסט דאָך מיר אַליין געזאָגט, אַז דער היצל טראָגט אַ שטעקן מיט אַ גראָבן קנאָפּ?" — „אמת, זאָגט מיין פריינד, איך האָב דיר טאַקע אַזוי געזאָגט, נאָר איך האָב דיר פאַרגעסן צו זאָגן, אַז דער היצל טראָגט זיין שטעקן מיטן קנאָפּ אַראָפּ און ער איז ניט פון זילבער. ווייטער זאָלסטו גוט קוקן אויפן שטעקן, וועסטו שוין קיין טעות ניט האָבן". פון דעמסטמאָל אָן בין איך אַפילו שוין געניטער געוואָרן, נאָר דער שרעק איז מיר פונעם האַרצן ניט אַרויס. קוים האָב איך דערזען אַ שטעקן, האָט זיך שוין אין מיר דאָס האַרץ געוואָרפן און איך האָב אָנגעהויבן צו לויפן. קורץ, עס איז מיר נמאס געוואָרן אַזאַ לעבן זיך אַרומצובלאָנקען אָן אַ היים. איך האָב חרטה געהאַט, וואָס איך בין פונעם דאָרף אַנטלאָפן, נאָר אומ-

קערן האָב איך מיך שוין ניט געקענט, ווייל איך האָב מורא גע־האַט פאַרן באַלעבאָס ער זאָל מיך ניט שלאָגן, און אפשר נאָר אויף טויט דערהרגענען. איך האָב מיך מיישב געווען, איך וועל אָנהייבן לייגן דאַרויף דעם קאָפּ אין שטאָט עפּעס עסן צו קריגן, וואָס זאָל מיך קענען צו אים צוטוליען. איך האָב אָנגעהויבן אַלע מענטשן צו קוקן אין פּנים אריין, וועמען איך האָב נאָר דערזעען, און האָב געזוכט אינם פּנים צו דערקענען, אויב עס איז עפּעס אַ גוטער, אַ רחמנותדיקער מענטש. אַמאָל האָב איך איין מענטשן באַגעגנט, וואָס ער איז מיר געפעלן. איך האָב אים אָנגעהויבן נאָכצוגיין, איך האָב געזען, ער קוקט זיך אַרום ווי איך גיי נאָך און שווייגט, טרייבט מיך ניט אַוועק. איך בין אים אַזוי נאָכגעגאַנגען ביז צו זיין היים. ער איז אַריינגעגאַנגען, איך בין געבליבן אין דרויסן פאַר דער טיר. ער האָט זיך דאָרט פאַרזאַמט, אין אַ פּאָר שעה איז ער אַרויסגעגאַנגען און האָט געזען ווי איך שטיי נאָך, האָב איך אין אים דערקענט, ווי ער האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט און האָט באַלד געהייסן, מע זאָל מיר געבן עפּעס עסן. איך האָב גע־הערט, ווי ער האָט געזאָגט: „איך זע איין, אַז דער הונט וועט מיר געטריי זיין, לאָז ער זיך דאָ אַרומדרייען, זאָטשעפּעט אים ניט. פון דענצמאָל אָן דאָב איך באַקומען אַ שטיקל היים. דאָס הייסט אַ היימישן דרויסן, וואָרעם אין שטוב אַריין האָט מען מיך קיינמאָל ניט געלאָזט, ווייל איך בין ניט קיין שיינער הונט גע־ווען. איך האָב גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז מיין גאַנץ גליק הענגט נאָר אָפּ פון מיין געטריישאַפט. אַז איך וועל ווייזן, אַז איך בין געטריי, וועט מען מיר געבן צו עסן, ווען ניט — וועט מען מיך פריער אָדער שפּעטער אַוועקטרייבן. — ווי אַזוי ווייזט אַ הונט געטריישאַפט? איך האָב געשריגן, געהאַווקעט גאַנצע נעכט און ווי עס האָט געוואָלט צוגיין אַ פרעמדער מענטש, ובפרט עפּעס איינער ניט שיין געקליידעט, ווער שמועסט נאָך ביידער־נאַכט, בין איך אים פּשוט אויפן לייב אַרויפגעשפּרונגען. — איך האָב געהאַט אַ שם פאַר אַ בייזן הונט, אַזוי אַז מע האָט זיך אָנ־געהויבן צו היטן אין דער גאַס דורכצוגיין, וואו מיין באַלעבאָס הויז איז געווען. צי דאָס איז מיין באַלעבאָס געפעלן צי ניין,

ווייס איך ניט, נאָר מיך האָט מען ניט זאַטשעפּעט און מע האָט מיר אַלע טאָג מיין עסן געגעבן. אַמאָל — הערט איין אומ־גליק!—אַמאָל האָט געדאַרפט צו מיין באַלעבאָס קומען אַ ברודער, וואָס האָט געוואוינט אין איין אַנדערער שטאָט און האָט זיך מיט מיין באַלעבאָס שוין לאַנג ניט געזען. צי איז ער אַ קבצן געווען, צי איז ער אין וועג אין אַזעלכע אַלטע מיאוסע קליידער געגאַנ־גען, קורץ, איך האָב געמיינט, אַז ער איז איין אָרעמאַן, וואָס גייט אין די הייזער, דערצו איז ער נאָך געקומען ביינאַכט — אַז איך טו ניט אַ שפּרונג אויף אים און רייס אים אויס אַ שטיק פלייש! דער פרעמדער ברודער איז אַנידערגעפאַלן און האָט אָנ־געהויבן צו חלשן. איך כאַפּ מיך צום פנים און הייב אָן צו רייסן. די הויזלייט האָבן דאָס דערזען, איז מען צו מיר צוגעפאַלן מיט שטעקנס און מע האָט מיך קוים פון אים אָפּגעריסן. אָט דאָ האָט ערשט דער באַלעבאָס דערזען, אַז דאָס איז טאַקע זיין ברודער, האָט אים גאָר אַ דונער דערשלאָגן. וויפל מע האָט אין מיר אַריינ־געלייגט, איז גאָרניט איבערצוציילן, נאָר כאָטש מע האָט מיר שוין אַ פוס אויך איבערגעבראָכן און דעם קאָפּ צעשלאָגן, האָב איך מיך נאָך אַלץ געהאַלטן. איך האָב מיר געטראַכט: סוף כל סוף וועט מען מיך דאָך אַמאָל אויפהערן צו שלאָגן — אַ שטיקל ברויט טאָר מען ניט אַוועקוואַרפן. אַז איך האָב אָבער דערהערט, אַז דער באַלעבאָס זאָגט: „גייט ברענגט מיר אַהער דעם היצל, ער זאָל אים דערהרגענען!" האָב איך אויפגעהויבן מיינע דריי גאַנצע פיס, דעם פערטן האָב איך נאָכגעשלעפּט, און בין אַוועק וואוהין די אויגן האָבן מיך געטראָגן. נאָך לאַנגעס לויפן און וואָיען מיט אַ יעמערלעך קול האָב איך מיך קוים פאַרשלעפּט ערגעץ אויף אַ מיסט. דאָרט בין איך געלעגן עטלעכע טאָג אָן עסן, אָן טרינקען, אַזוי אַז איך בין שוין טאַקע שיר פאַר הונגער געשטאָרבן. —

פלוצים האָב איך דערהערט ערגעץ ניט ווייט חסידים זינ־גען. זייער געזאַנג איז מיר גוט באַקאַנט געווען, איך בין דאָך אַליין אַמאָל אַ חסיד געווען, און בעל־טאַקסעווייז האָב איך אויך מיט זיי אין קאָן געטאַנצט, און זיי פלעגן אָפט ביי מיר זינגען.

אַזוי ווי עס איז געווען צווישן טאָג און נאַכט, האָב איך פאַר־
שטאַנען, אַז דאָ ניט ווייט מוז זיין עפּעס אַ רבי מיט אַ שָׁלוש־
סעודות. פינסטער איז שוין געווען, האָב איך מיך אַהין אַריינגע־
כאַפּט. די חסידים האָבן געזונגען נאָך מיין אַלטן "דרור־יקרא",
איך האָב אים שוין אָבער קוים דערקענט, אַזוי האָבן זיי אים
קאַליע געמאַכט. דער רבי האָט זיך געדבֵקעט, שוין אויך ניט אַזוי
ווי מיין רבי פלעגט זיך דבקען, אַז איך האָב ביי אים דעם "דרור־
יקרא" געזונגען. בקיצור, קיינער האָט מיך ניט באַמערקט, איך
האָב מיך געלייגט אונטערן טיש ניט ווייט פונם רבינס פיס. ער
איז מיר גוט באַקאַנט געווען, בעל־טאַקסעווייז האָב איך אים גע־
גוג געלט געגעבן, ער האָט מיר אַ נאָמען צוגעזעצט איידער איך
בין בעל־טאַקסעווייז געשטאָרבן. נאָר ער זאָל מיך אפילו געווען
זען ליגן אונטערן טיש, וואָלט ער מיך אויך ניט דערקענט, וואָ־
רעם, אַז זיך פלעג צו אים פאָרן, כאָטש איך האָב דענצמאָל
אויך געהאַט אַ האַרץ פון אַ הונט, דער רבי האָט דאָך אָבער מיין
האַרץ ניט געזען, ער האָט נאָר געקוקט אויף מיין פנים און אויף
די הענט. קורץ, איך בין געלעגן כאַקע ווי אַ הונט אונטערן
טיש, האָב געשמעקט און געניוכעט, טאָמער ליגט ערגעץ אַ שטיקל
פלייש, אָדער כאָטש אַ ביין. פלוצים האָב איך אָנגעשמעקט אויפן
רבינס טעלער אַ ריח פון פלייש, דאָס איז איבערגעבליבן פון די
שיריים, וואָס די חסידים האָבן צעכאַפּט. איך האָב דאָס פאַרשטאַ־
נען און האָב עס געהאַלטן פאַר אַ נֵס, אַז חסידים זאָלן נאָך עפּעס אי־
בערלאָזן. דער סוף האָט באַוויזן, אַז איך האָב מיך נעבעך מיאוס
מועה געווען — חסידים לאָזן קיין פלייש ניט איבער. בקיצור,
דער ריח איז מיר זייער פאַרגאַנגען, ווייל איך האָב שוין עטלע־
כע טעג אין מויל ניט געהאַט, איך האָב מיך מער ניט געקענט
האַלטן און בין אַרויפגעשפּרונגען אויפן טיש און האָב אַ כאַפּ געטון
פונם טעלער אַ טרוקענעם ביין! נאָר פאַר אַ הונגעריקן הונט איז
אַ ביין אויך אַ מציאה. איך האָב דעם ביין געכאַפּט און בין גע־
שווינד אַראָפּ פונם טיש. לאָזן אָבער חסידים אַ הונט אַ ביין אָפּ־
לעקן? אים אויגנבליק זענען אַלע איבער מיר געפאַלן מיט
בענקלעך, מיט שטעקנס, וואָס מע האָט נאָר געקענט דערטאַפּן.

סטייטש! דאָס הייליקביינדל פונם רבינס שיריים זאָל מען לאָזן אַ הונט לעקן? זיי האָבן עס דווקא געוואָלט פון מיר אָפּשלאָגן, פונם מויל אַרויסרייסן. אַ טייל האָבּ איך אַפילו געהערט שרייען: לאָזט אים! לאָזט אים! עס איז אַוודאי אַ גלגול! אַנדערע האָבן אָבער געזאָגט: ניין, דער הונט זאָל זיין אַ גלגול, וואָלט ער ניט געשפּרונגען אויפן רבינס טיש, ביים רבין ביי די פיס וואָלט ער געלעגן. די בלינדע מענטשן האָבן ניט געזען, ווי איך בין פריער ביים רבינס פיס געלעגן, ביז דאָס ביינדל האָט מיר פאַרשמעקט. בקיצור, איך האָב מיר דאָס ביינדל ניט געלאָזט פונם מויל אַרויסרייסן. ווי מע האָט מיך אָבער געדולט פון אַלע זייטן, האָב איך מיך מיישב געווען, איך וועל דאָס ביינדל אַראָפּשלינגען, וועל איך זייער פּטור ווערן, זיי וועלן זען דאָס ביינדל איז שוין ניטאָ, וועלן זיי מיך אויפהערן צו שלאָגן. ווי איך האָב עס נאָר געוואָלט אַראָפּשלינגען, האָט זיך עס מיר אין האַלז קאַפּויר געשטעלט, און איך בין דערוואָרגן געוואָרן. איך האָב מיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, אויסגעגלאָצט די אויגן, אַרויסגעטעלשעפּעט די צונג, אויסגעטשערעט די ציין, ווי איינער רעדט: רבי, העלפט! — וואָס העלפט אָבער די צונג אַרויסשטעקן, אַז אויף קיין פּדיון איז נישטאָ! דער רבי האָט זיך אויף מיר גאָרניט אומגעקוקט. קורץ, איך בין ווידער געפּגרט. עס האָט מיר אויף אַזאַ לעבן אַפילו ניט געהאַט וואָס באַנג צו טון. אַוודאי האָב איך מער צרות געהאַט, אַז איך בין אַ בעל־טאַקסע געשטאָרבן. — נאָר דער טויט פונם הייליקן ביינדל איז מיר פונדעסטוועגן צוניץ געקומען: ווייל איך בין פון אַ הייליקער זאַך געפּגרט, איז מיין נשמה ווידער אין אַ מענטשלעכן גוף אַריין; נאָר אַזוי ווי איך בין פריער געווען אַ הונט און האָב אויף איטלעכן געבילט, איטלעכן אָנגעפאַלן, געביסן, געריסן, האָט מען געפּסקעט, איך זאָל אין דעם גלגול ווערן אַ קריטיקער....

# אַ קריטיקער

— אַ קריטיקער?—זאָג איך צו דער נשמה—וואָס איז דאָס אַזוינס, איך הער עס דאָס ערשטע מאָל. —

— אַ קריטיקער — זאָגט דער גלגול צו מיר — איז אַ מין שרייבער. נאָר אין אמת אַריין מוזטו וויסן, אַז עס זענען דאָ אמתע גוטע גערעכטע קריטיקער, אַזוי ווי עס זענען דאָ גוטע אמתע צדיקים און חסידים, ערלעכע חזנים, אַפילו בעלי־טאַקסעס איז אויך אפשר דאָ ערלעכע, נאָר זיי זענען ניט קיין גלגולים. אַ גלגול־חסיד, אַ גלגול־חזן, אַ גלגול־בעל־טאַקסע און אַ גלגול־קריטי־קער זענען דאָס, פון וואָס זיי זענען מגולגל געוואָרן: אינם גלגול־חזן שטעקט נאָך אַ שטיק פערד, אינם גלגול־קריטיקער — אַ שטיק הונט, ער פאַלט אָן, ער בילט, ער בייסט, און טראָגט טאַקע אויך פון איטלעכן אַוועק קלעפּ, מע שלאָגט אים מיט פענעס, אַ מאָל טאַקע מיט הענט אויך.

— מיין ליבער גלגול — האָב איך געזאָגט צו דער נשמה — דו מוזט מיר די זאַכן גוט צו פאַרשטיין געבן, ווען דו ווילסט, איך זאָל עס אויפשרייבן, וואָס הייסט עס אַ קריטיקער? וואָס טוט ער? מיט וואָס באַשעפטיקט ער זיך? פאַרוואָס פאַלט ער אָן און בייסט?

— אָט דאָס איז פאַק — ענטפערט מיר די נשמה — דאַרי־בער איז ער אַ קריטיקער, ווייל ער טוט גאָרניט, ווייל ער האָט זיך גאָרניט כיט וואָס צו באַשעפטיקן. פאַרוואָס ער פאַלט אָן? פאַרוואָס ער בייסט? ווייס ער אַליין ניט. כון אייביק אָן האָבן מענטשן געקלערט מיט זייער שכל, מיטן פאַרשטאַנד אין אַלערליי חָכמות און ניצלעכע זאַכן, וואָס די וועלט דאַרף נייטיק האָבן, קליגער און פיינער צו ווערן. וואָס די קלוגע און געלערנטע האָבן אָפּגע־קלערט, האָבן זיי עס אויפגעשריבן, כדי אַז איטלעכער זאָל קענען וויסן

דאָס וואָס זיי, און זאָל זיך קענען באַנוצן מיט זייער חכמה, מיט זייער אָפּקלערונג און געניטשאַפט. אָט דאָס וואָס די געלערנטע האָבן אויפגעשריבן דער וועלט אַ טובה צו טון, רופט מען ספרים, ביכער. איינער אַ גרויסער חכם האָט אויסגעטראַכט אַ ספּאָסאָב, ווי די ספרים מיט ווייניק מי אויף דער גאַנצער וועלט צו פאַרברייטן, מע זאָל פאַרשפּאָרן אַלע מאָל איבערצושרייבן. דער ספּאָסאָב איז די בוכדרוקעריי. צייט מע האָט אָנגעהויבן צו דרוקן ספרים, איז דער וועלט אַ גרויסע טובה אַרויסגעקומען, ווייל איטלעכער קען פאַר ווייניק געלט צו זיי קומען, קען לערנען און זיך אַלדעס גוטס אויסלערנען. נאָר עס איז דאָך נישטאָ אויף דער וועלט קיין גוטע זאַך, וואָס זאָל ניט זיין אין איר עפּעס אַ שטיקל חסרון, אַזוי ווי עס איז ווידער נישטאָ קיין שלעכטע זאַך, וואָס זאָל ניט זיין פון איין זייט אין איר עפּעס אַ שטיקל מעלה, אַזוי האָט די דרוקעריי פון איין זייט אַ שטיקל חסרון געהאַט. פריער, אַז די ספרים זענען געווען געשריבן, פאַרשטייט זיך ממילא, אַז די וועלט האָט זיך נאָר געכאַפּט איבערצושרייבן אַזעלכע ספרים, וואָס זענען פאַר איר זייער נייטיק און ניצלעך: אַ משוגענער וועט זיך זעצן ברעכן די ביינער און אַ סך צייט פאַרברענגען איבערצושרייבן וואָס איינער האָט אָנגעשריבן נאַרישקייט, וואָס טויג אים אויף כפּרות! דעריבער זענען אויף דער וועלט אַרומגעגאַנגען נאָר גוטע ניצלעכע ספרים, וואָס איטלעכער האָט זיי נייטיק געדאַרפט. אַז עס איז אָבער געוואָרן די בוכדרוקעריי, און דאָס דרוקן איז קיין גרויסע מי, און ווי מיט כישוף קענען באַשאַפן ווערן צען טויזנט ספרים פון איין געשריבן ספר, זענען מיט די גוטע און ניצלעכע ספרים אויף דער וועלט פאַרברייטערט געוואָרן אויך אַ סך אומניצלעכע, אַ טייל גאָר נאַרישע און שעדלעכע ספרים, וואָס דער, וואָס האָט זיי געמאַכט, מאַכט זיך דערויס אַ משא־ומתן, לאָזט זיי אָפּדרוקן און פאַרקויפט זיי וואָלוול; דער פּראָסטער עולם פאַרשטייט ניט קיין חילוק צווישן גוטס און שלעכטס, צווישן ניצלעך און שעדלעך, קויפט מען די ספרים און מע לייענט זיי און מע ווערט דורך זיי פאַרפירט אין פאַלשע וועגן, אין שלעכטע מידות, אין אָבערגלויבן, דאָס הייסט אין אַלע נאַרישקייט צו גלויבן,

וואָס ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. וואָס־זשע טוט גאָט? גאָט איז דאָך ניט ניחא, אַז די וועלט זאָל פאַרדאָרבן ווערן, פּירט באָט אַזוי די וועלט, אַז עס געפינען זיך תמיד אין איטלעכן דור גוטע, קלוגע און ערלעכע געלערטע, וואָס גיבן זיך מי צו שרייבן און דער וועלט צו ווייזן, וועלכע ספרים עס זענען טאַקע באמת: ניצלעכע און עס איז כדאי. די וועלט זאָל זיי לערנען, די מענטשן ווען זיך פון זיי עפּעס רעכטס און ניצלעכס אויסלערנען, און וועלכע ספרים עס זענען נאָר פּוסטע געפּלוידעריי. און עס איז איין עבֿרה אויף זיי די טייערע צייט צו פאַרברענגען. בפרט אַזעלכע, וואָס זענען נאָר שעדלעך, וואָס פירן אַראָפּ דעם מענטשן פונם רעכטן וועג און מאַכן אים אומגליקלעך. ווייל ער באַקומט דורך די שלעכטע, נאַרישע, פאַרדאָרבענע ספרים אַ פאַרקערטן קאָפּ און עס הייבט זיך אים אָן צו דאַכטן אויף גוט. אַז עס איז שלעכט, און אויף שלעכט גוט, אויף אמת, אַז עס איז ליגן, און אויף ליגן אמת. אָט די גוטע, קלוגע און ערלעכע מענטשן, וואָס געבן זיך מי דער וועלט די אויגן צו עפענען, זיי זאָלן וויסן אַ חילוק צווישן גוטע און ניצלעכע ספרים און צווישן שלעכטע און שעדלעכע אָדער נאַרישע, הייסן קריטיקער. עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי רעדן ניט פון דעם הוילן פּאַס, זיי געבן צו פאַרשטיין מיט ראיות און באַווייזן געוויס, אַז זייערע רייד זענען אמת. — דאָס זענען די אמתע קריטיקער, ניט קיין גלגולים. וואָס טוט אָבער אַ גלגול־קריטיקער? פונקט פאַרקערט: ער כאַפּט זיך נאָר אָן אין די גוטע ניצלעכע ספרים, און גיט קלאָפּערשט צו פאַרשטיין מיט פאַלשקייט, אַז זיי טויגן ניט, און שפּעט גאָר אָפּט פון זיי אָפּ, באַליידיקט גרויסע חשובע מענטשן, וואָס האָבן זיך דורך זייערע ספרים ניט אומזיסט אַ גרויסן נאָמען געמאַכט. למשל, אַזאַ גלגול־קריטיקער וועט אייך דרינגען, אַז דער און דער גרויסער מאַן, וואָס איטלעכער האַלט אים פאַר אַ גרויסן חכם און זיינע ספרים פאַר זייער ניצלעך, אַז ער פּלוידערט נאָר לויטער נאַרישקייט און זיינע ספרים זענען ווערט, מע זאָל זיי אַרויסוואַרפן.

— סטייטש, זאָג איך צו דער נשמה, איך פאַרשטיי ניט:

וועדליג דו זאָגסט, מוז דאָך אַ קריטיקער קענען לערנען, אַז ער זאָגט מבינות אויף ספרים, מילא ווי קומט עס, אַז אַ ייד, וואָס קען לערנען, זאָל אַזוי זאָגן?

— עס פאַרשטייט זיך, ענטפערט מיר די נשמה, אַז איין אמתער קריטיקער מוז קענען לערנען, אָבער ניט אַ גלגול-קריטיקער, אַזוינער קען דווקא גאָרניט, אָט נאָר ווי אַ מויז איבער אַ צימבל, ער כאַפּט קלאַמערשט עפּעס דאָ אַ ביסל, דאָרט אַ ביסל, אַבי ער זאָל זיך קענען אַריינמישן און אומעטום אַ דעה זאָגן, אָבער אין אמת אַריין קען ער מכות, ער קען נאָר בילן, אָנכאַפּן, רייסן, ווייטער ניט. —

פאַרשטייסטו שוין, מיין ליבער ייד, וואָס אַ גלגול-קריטיקער איז? אַזאַ בחור בין איך געווען. ווי געפעלט דיר? אַ גוט שטיקל סחורה?—וואָס מיינסטו? איך האָב אפשר ניט געלערנט בלָק מיט די לייט, וואָס מאַכן ספרים? איך האָב זיי געהאַלטן אין דער מורא — עס הייסט, מיך האָט זיך אַזוי געדאַכט, ביז איינער האָט מיר מיט אַ דרוק דערלאַנגט אין קאָפּ אַריין, האָב איך ערשט אָנגעהויבן צו שרייען אויף דעם קול, וואָס איך האָב געשריגן אינם פריערי קן גלגול ביי מיין באַלעבאָס, אַז מע האָט מיר דעם קאָפּ צעשלאָגן און אַ פוס איבערגעבראָכן דערפאַר, וואָס איך האָב זיין ברודער געביסן.

וואָלט איך ניט געווען פריער אַזאַ לעבן געפירט, זאָג איך דיר דעם אמת, מיין ליבער ר׳ קרוב, אַז איך וואָלט פון קריטיקער-לעבן ניט קיין גרויס נחת געהאַט. אין דער אמת טאַקע, איז דאָס עפּעס אַ געשמאַקער ביסן אַ ספר קריטיזירן, וואָס מע ווייסט אָפּט ניט, וואָס עס שטייט דרינען? ווייזן עמעצן, אַז ער האָט שלעכט געשריבן, אַז מע ווייסט ניט פאַרוואָס און פאַרוואָס, און אַליין קען מען ניט אַזוי און ניט אַפילו ערגער שרייבן? — נאָר פאַר אַזאַ הונט ווי איך בין געווען איז אָנגעלייגט, וואָס ער איז, אַבי ער איז קלאָמערשט עפּעס געוואָרן.

תיכף ווי איך בין געוואָרן אַ קריטיקער, האָב איך אָנגעהויבן צו קלערן, צו וואָס פאַר אַ קלאַסע מחברים זאָל איך מיך נעמען: זאָל איך זאַטשעפּען לומדים? דאַרף מען דאָך קענען

לערנען, מע מוז זיין געניט אין ש״ס און פוסקים, שאלות־ותשובות און נאָך אַ סך ספרים. ניין, דער משא־ומתן איז ניט פאַר מיר. זאָל איך מיך נעמען צו חסידים? דאָס איז אפילו שוין אַ סך אַ גרינגערער עסק, מען דאַרף נאָר כאַפּן דעם סטרי פון אַ פּאָר גוט־יידישע ספרים און וויסן צו פּלוידערן: בחינת דאָס, בחינת יענץ, רוחניות, גשמיות, פּנימיות, חיצוניות, קען מען שוין דרייען מיט דער צונג. נאָר די קשיא איז, ערשטנס, ווי קריטיזירט מען אַ פּוסטע זאַך, וואָס דער אליין, וואָס שרייבט אַזאַ ספר, איז אפשר בעך ניט אויסן נאָר אויף צו פּלוידערן און ווייסט אליין ניט וואָס ער וויל? צווייטנס, ווענלן מיך דען חסידים הערן? ווער וועט מיין קריטיק אין די הענט אַריין נעמען? — ניין, מע מוז זיך נעמען נאָר צו די אויפגעקלערטע, פון זיי קומט טאַקע גאָר די שמחה אַרויס, וואָרעם די אמתע קריטיקער זענען דאָך אַלע נאָר אויפגעקלערטע לייט. אי־וואָס? די אמתע קריטיקער זענען גוטע ערלעכע מענטשן, חכמים, געלערטע, און גייען נאָר מיטן אמת, און איך בייס און רייס? דערויף בין איך דאָך אַ גלגול פון אַ הונט!

געוואוסט האָב איך, אַז עס וועלן זיך פונדעסטוועגן געפינען, אַפילו צווישן אויפגעקלערטע, קליינע מענטשלעך, פּלאַטשיקע קעפּלעך, וואָס וועלן זיך אין מיר אָנכאַפּן און וועלן מיינען, איך בין טאַקע אַן אמתער קריטיקער, וואָרעם צווישן וועלכער קלאַסע מענטשן געפינען זיך ניט נאַראָנים מיט קליינע מוחות? דערווייל וועל איך שוין האָבן אַ צד און וועל שוין הייסן אַ קריטיקער. דאָס ערשטע האָב איך אָנגעהויבן שרייבן אין די גאַזעטן. תחילת האָט זיך קיינער אויף מיר אַרומגעקוקט, אינמיטן האָב איך עמעצן געטון אַ קראַץ, אַ קליינעם ביס, שפּעטער אַ ביסל האָב איך אָנגעהויבן בילן אויף אַ העכער קול און האָב שוין אַ גרע־סערן ביס געטון, ביז דער עולם האָט אָנגעהויבן צו דערפילן מיינע ציין און מע האָט זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן, אַז עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ הונט צווישן דער חברה. — רעכט דערקענט האָט מען מיך, אַז איך האָב ערשט אָפּגעדרוקט אַ ספרל, דאָרט האָב איך מיין גאַנצע גאַל אויסגעגאָסן, דאָרט האָב איך אָפּגעזידלט

די באַרימטע מחברים, אויך האָב איך מיך אויסגעלאַכט פון יידי־
שע הייליקע ספרים.

היינט פאַרשטייסטו, ברודער, ווי ווייט איך בין געגאַנגען?
איך האָב ווייט דערלאַנגט! —

ביי די ווערטער האָב איך מיך אַ כאַפּ געטון און האָב מיט
אַ געשריי צו דער נשמה געזאָגט (איך האָב מיך אַפילו אויפגע־
הערט צו שרעקן, וואָס זי איז אַ גלגול): אַזוי, זאָג איך, אָט יענץ
ספרל איז דיין אַרבעט? איך האָב עס אַליין פאַרברענט! דאָס איז
דיין מלאכה? — איך זאָג דיר דעם אמת, דערויף האָסטו גאָרניט
געדאַרפט מגולגל ווערן, דאָס האָסטו נאָך געמעגט שרייבן הונטווייז.

— שכל! רופט זיך אָן די נשמה, איך האָב דאָך אָבער
געמוזט מגולגל ווערן; וואָס דען? האָב איך געוואָלט בלייבן שוין
טאַקע אַ הונט אויף אייביק?

— מילא, אַז דו ביסט ווידער אויס הונט געוואָרן, זאָג איך,
האָסטו דאָך געדאַרפט אויפהערן צו בילן?

— וואו־זשע האָסטו געזען, מיין ליבער ייד, זאָגט די נשמה,
אַז פון אַ הונט זאָל מיט אַמאָל ווערן אַ דימענט? עס מוז דאָך
אַלץ גיין במדרגה. דאָס איז די מעשה, וואָס איר מענטשן גייט
אַרום מיט בלינדע אויגן, עס דאַכט זיך אייך איר יעט, צום סוף
זייט איר בלינד. מיינסטו דען, אַז נאָר איך בין אַזעלכער אויף
דער וועלט? הער זיך נאָר צו, וויפל מענטשן עס בילן, קוק זיך
נאָר צו, וויפל מענטשן עס רייסן און בייסן, וועסטו שוין זיי
אינם קול דערקענען, ווער זיי זענען און איך וועל ביי דיר קיין
חידוש ניט זיין און וועסט מיך אויפהערן קשיות צו פרעגן. אַדרבה,
איך פרעג דיך, וואָס האָב איך געזאָלט טון, אַז איך בין געוועזן
אַ קריטיקער? וואָס־דען האָב איך געזאָלט שרייבן? איך האָב דאָך
געמוזט זוכן חסרונות און אַ דעה זאָגן די בעלי־מחברים.

— סטייטש, זאָג איך, זאָלסטו געזאָלט גיין מיטן אמת!
זאָלסטו געזאָלט לויבן דאָס ספר, וואָס פאַרדינט לויב, און יענץ
ספר, וואָס פאַרדינט ניט קיין לויב, האָסטו געדאַרפט דער וועלט
באַקאַנט מאַכן די פעלער דערפון, אי דאָס איך אָן זידלערייי!

— אוי! — זאָגט דער גלגול צו מיר — עס איז דיר גרינג צו זאָגן,

אַז דו ביסט קיינמאָל קיין גלגול ניט געווען! אַוודאי ביסטו גערעכט,
אַוודאי בין איך שוין היינט אויך ביי דעם שכל, נאָר דענצמאָל,
אין יענעם גלגול, האָב איך אַוודאי אַ סך געפעלט, דריבער האָב
איך געמוזט ווידער מגולגל ווערן, אַזוי ווי דו וועסט ווייטער
הערן, אַז דו וועסט מיר נאָר ניט איבערשלאָגן און וועסט מיך
לאָזן כסדר אויסדערציילן.

איך האָב דער נשמה צוגעזאָגט, איך זאָל שווייגן און זי
האָט ווייטער דערציילט:

— אַז איך האָב אָפּגעדרוקט מיין ספרל, וואָס דאָרטן
האָב איך געשריבן די גוטע זאַכן, אַזוי ווי איך האָב דיר
פריער דערציילט, איז געוואָרן אַ געפּילדער צווישן די אויפ-
געקלערטע — לומדים און חסידים האָבן פון מיר גאָרניט געוואוסט,
און ווען עמעצער פון זיי האָט מיך אַפילו געקענט, האָט ער דאָך
מיך געהאַלטן ערגער פון אַ הונט, בין איך און מיין ספרל אים גאָר-
ניט אָנגעגאַנגען. נאָר די אויפגעקלערטע און אמתע געלערטע
האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ שאַנדע, וואָס איך צייל מיך צו זייערע
לייט, האָט מען מיר אָנגעהויבן ביסלעכווייז דערלאַנגען אין די
גאַזעטן, איינער מער, איינער ווייניקער, נאָר איך האָב געלייזט
פון אַלע זייטן. וואָלט איך געוועזן אַ ווילע זיצן ספּאָקאָינע און
וואָלט געוועזן איבערגעוואַרט אַ בייזע שעה, וואָלט עס מיר גאָר-
ניט געשאַדט; ווייל די לייט זענען בטבע ניט קיין שלעכטע. איך
האָב מיך אָבער ניט באַגניגט, וואָס איך האָב אינם ספרל גע-
שריבן און האָב נאָך ווידער געשריבן חוץ דעם עפּעס אַ שטיקל,
וואָס האָט נאָך מער פאַרדראָסן, ווייל איך האָב דאָרט געטון דעם
אַ צופּ, דעם אַ ריס, דעם אַ ביס. אָט דאָ האָב איך אויפגערירט
שאַרפע פעדערן, מענטשן, וואָס קענען שרייבן, און מע האָט מיך
אָנגעהויבן קלאַפּן פון אַלע זייטן מיט די פעדערן אין די גאַזעטן.
איך האָב אַפילו קלאָמערשט געסטראַשעט, אַז איך וועל ניט שווייגן
דעם, וואָס וועט מיך זאַטשעפּען, נאָר ווער האָט מיך געהערט?
באמת בין איך דאָך געווען דער שולדיקער, ווייל איך האָב דאָך
איטלעכן זאַטשעפּעט. דאָס האָב איך ביי מיר געוואוסט, און האָב
טאַקע ניט געמאַכט קיין געשעפטן. דערווייל זענען געגאַנגען קלעפּ
פון אַלע זייטן, אַז אַפילו איך האָב שוין ניט געהאַט קיין כוח

אויסצוטראָגן, קורץ, איך בין פאַר גרויסע צרות קראַנק געוואָרן, איך האָב מיך געמוטשעט אַ קורצע צייט און בין געשטאָרבן.

„געשטאָרבן באַגראָבן!" זאָגט דער עולם. מיך האָט מען פריער באַגראָבן, דערנאָך בין איך געשטאָרבן, דעריבער מוז איך זאָגן פאַרקערט: „באַגראָבן געשטאָרבן!" —

„באבוד רשעים רנה", אַז אַזאַ בחור ווי איך שטאַרבט, ווערט אַ געפילדער צווישן דער חברה: עס רירן זיך די פעדערן, דער שרייבט איין עפּיגראַם, עס הייסט אַ שטעכווערטל, דער באַקלאָגט מיך קלאָמערשט און מאַכט פון מיר אַ הינדיק. עס האָבן זיך געיאַוועט אין די צייטונגען גראַבשריפטן, דאָס הייסט נוסחאות, ווי אויף מיין מצבה אויפצושרייבן, אַז ווער עס האָט זיי געלייענט, האָט געמוזט לאַכן. איך וואָלט זיי דיר אַפילו געקענט אויסווייניק אַלע זאָגן, איך געדענק זיי גאַנץ גוט, דער מלאך־דומה האָט מיר זיי אויף צו־להכעיס אין קבר פאָרגעלייענט; נאָר דאָס רוב וויצן און ווערטלעך זענען געווען אויף מיין נאָמען און אויפן נאָמען פון מיין ספרל, און אַזוי ווי איך דערצייל דיר די גאַנצע מעשה, כדי דו זאָלסט אַלצדינג אויפשרייבן און לאָזן דרוקן, ווייס איך אָבער וואויל, אַז דאָס איז שוין אַ מעשה פון פאַר הונדערט יאָר—נאָ, ווער ווייסט אַצינד פון מיין נאָמען צו זאָגן? מע האָט שוין אָן מיר לאַנג פאַרגעסן. ווער שמועסט מיין, מישטיינס געזאָגט, ספרל, האָט מען נאָך ביי מיין לעבן פאַרגעסן, ווער האָט עס דען אָנגעקוקט? — נאָר איין נוסח האָט אייגער אויף מיין מצבה געשריבן, און אים וועל אים דיר נאָכזאָגן, ווייל איך האָב מיך אַליין זייער פאַרוואונדערט איבער אים, ווי דער מלאך־דומה האָט מיר אים געוויזן. דאָס איז געווען עפּעס אַזוי ווי אַ נבואה: שטעל דיר פאָר, אייגער האָט געשריבן אַ נוסח אויף מיין מצבה: „אָט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן." איך בין אַזש דערציטערט געוואָרן ווי איך האָב דאָס דערזען, און האָב מיך דערמאַנט, אַז די חכמי התלמוד, וואָס איך האָב פון זיי ניט געהאַלטן, האָבן געזאָגט: „חכם עדיף מנביא", אַ קלוגער ווייסט מער פון אַ נביא. וואָלט מען ניט געמיינט, אַז דער וואָס האָט געשריבן דעם נוסח, האָט געוואוסט, אַז איך בין געווען אַ גלגול פון אַ הונט?! —
—

דאָס ערגסטע, וואָס דער מלאך־דומה האָט מיר געקענט טון, איז געווען, וואָס ער האָט מיך אַ צייט לאַנג געלאָזט אָן אַ גלגול און איז צו מיר אַלע טאָג געקומען מיטן ראַפּאָרט, מיר דערציילן און ווייזן די גאַזעטן, וואָס מע שרייבט פון מיר, ווי מען שפּעט מיך אָפּ, ווי מע לאַכט מיך אויס, ווי מע דאַנקט גאָט, וואָס מען איז פון אַזאַ צרה פּטור געוואָרן. איך בין שיר צעזעצט געוואָרן, איך האָב מיר שיר אַ מעשה אָנגעטון פאַר צרות, וואָס איך ליג אין דער ערד און קען ניט ענטפערן. אַמאָל האָט זיך דער מלאך־דומה צו מיר אָנגערופן, ווי ער האָט געזען, אַז איך קען שוין מער ניט אויסהאַלטן: „זעסטו, דראַב, ווי עס פאַרדריסט דיך, וואָס מע שרייבט אויף דיר, אַז דו ליגסט שוין אין דער ערד, און קענסט קיינעם ניט ענטפערן? דערמאַן דיך נאָר, אַז דיך פאַר־דריסט עס, וואָס דו ביסט אַ גאָרנישט, און איטלעכער איז אַקעגן דיר געזעצט, ווי אַזוי דאַרף עס שוין פאַרדריסן יענע אמתע גרוי־סע לייט, וואָס דו האָסט פון זיי נאָך זייער טויט חוזק געמאַכט און אויסגעלאַכט? אָט האָסטו דיין פּסק! וועסט שוין מער פון די אויפשריפטן קיין צרות ניט האָבן, מע האָט שוין אָן דיר פאַר־געסן, און איצט וועסטו שוין מגולגל ווערן, ווייסטו אין וואָס? טרעף!" — איך בין געבליבן שטיין ווי אַ דולער. „אוי, שריי איך, איך האָב חרטה אויף מיין פּירעכץ! אוי, איך האָב שלעכט געטון! איך בין געווען איין אייזל!" —

„געטראָפן! זאָגט דער מלאך־דומה, אין איין אייזל וועסטו אַציגנד מגולגל, דערפאַר, וואָס דו ביסט נאָך מענטשווייז איין אייזל גע־ווען, האָסט ניט געוואוסט פון דיין געזונט, וואָס דו האָסט גע־פּלוידערט, און צום סוף האָסטו נאָך אַנדערע געקריטיזירט און באַשולדיקט. יאָ, איין אייזל מוזטו זיין! אַזוי ווי דו ביסט געווען פריער אַ משא אויף איטלעכן, קיינער האָט ניט געקענט פון דיין עזותקייט אויסשטיין, זאָלסטו אַציגנד גיין איינגעבויגן אונטער שווערע משא. אַזוי ווי דו האָסט איטלעכן געגעבן צו עסן דיינע שטעכנדיקע רייד, דיינע ווערטער, וואָס זיינען געווען אַזוי ווי קראָפּיווע, זאָלסטו אַציגנד מער ניט עסן נאָר שטעכנדיקע דערנער, קראָפּיווע און בוריאַן. אַזוי ווי דו האָסט ניט גערוט, האָסט נאָר

תּמיד קלעפּ אויסגעטיילט, באַלד דעם, באַלד יענעם דערלאַנגט, זאָלסטו אַצינד געשלאָגן ווערן פון אינדערפרי ביז אויפדער־נאַכט. און דערצו וועסטו נאָך זיין דער גרעסטער נאַר צווישן אַלע היות און אַלע וועלן אויס דיר לאַכן. —

דער מלאך־דומה האָט אָפּגערעדט, איז אַוועקגעגאַנגען און איך בין תיכף געוואָרן אַיין אייזל.

# אַ אייזל

איך מוז דיר זאָגן, מיין ליבער ייד, אַז אין דעם גלגול האָב איך כמעט נאָר דאָס פּנים פֿאַרענדערט, חוץ דעם בין איך געבליבן דער אייגענער איינגעבילדעטער נאַר, וואָס איך בין געווען קריטיקערווייז, און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עס איז גאָר ניטאָ איבער מיר. איך האָב מיך געהאַלטן פֿאַרן גרעסטן מיוחס צווישן די חיות, באשר אבינו האָט געריטן אויף איין אייזל בשעת ער האָט יצחקן געפֿירט צו דער עֲקֵדָה. איך פֿלעג מיך טאַקע באַרימען, אַז יענער באַרימטער אייזל איז געווען מיין אייגענער זיידע, און יענע באַרימטע אייזלטע, וואָס האָט מיט בִּלְעָמען גערעדט לשון-קודש און האָט געזען אַ מלאך, איז מיין באָבע געווען, און טאַקע דער אייזל דער גרויסער צדיק, איך מיין ר׳ פּנחס בן יָאירס אייזל, וואָס האָט ניט געגעסן קיין היי און קיין שטרוי אָן תּרומה און מעשׂר, איז אויך פֿון מיין משפּחה געווען; קורץ, קיינער קען זיך צו מיין יחוס ניט גלייכן. — דו קענסט זיך פֿאָרשטעלן, ווי אַזוי די חיות האָבן זיך פֿון מיר אויסגעלאַכט! וואו עס איז זיך צונויפֿגעקומען ערגעץ אַ חבֿרה, האָט מען נאָר געהאַט מיט מיר צו טון, וואו צווײ בין איך געווען דער דריטער! מע האָט געשפּעט פֿון מיינע לאַנגע אויערן, פֿון מיין קול. מיין גרעסט אומגליק איז געווען, וואָס עס האָט זיך מיר געגלוסט נאָך צום שלימזל מאַכן שירים, איך האָב מיר איינגערעדט, אַז איך קען לשון-קודש, באשר עס איז מיר אָנגעקומען בירושה פֿון מיין באָבע, זאָל אַ גוטע מליצה זיין, וואָס בלעם איז אויף איר געריטן. — ביי אייך מענטשן מיינט מען דאָך, אַז אייזעלן האָבן גאָר קיין לשון ניט, דאָס איז אַ טעות. עס איז דאָ צווישן אונז אייזעלן, וואָס קענען אַפֿילו עטלעכע לשונות. נאָר איך האָב מיך אויסגעצייכנט אויף לשון-קודש און אַחוץ טאַקע אויף אונזער

אייזל־לשון, וואָס אייזעלן רעכענען עס אויך פאַר אַ הייליק לשון. אויף דעם לשון האָב איך אַ סך שירים געמאַכט און בין אַרומגע־גאַנגען צווישן אַלע חיות און האָב זיי אַליין געזונגען אויף מיין אייזל־קול. איבער דעם, וואָס איך האָב מיך אַזוי נאַריש געמאַכט אומעטום, בין איך נאָך מער מפורסם געוואָרן פאַר אַ נאַר. איך האָב געמיינט, מע קוועלט אָן פון מיר, און צום סוף האָבן זיך אַלע חיות פון מיר נאָר אויסגעלאַכט. איינגעבילדעט ווי איך בין גע־ווען, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיר קומט די מלוכה איבער אַלע חיות. איך האָב עס גאָרניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס דער לייב איז מלך און ניט איך. ויהי היום, בין איך אַמאָל געגאַנגען אין וואַלד און האָב געפונען אַ פעל פון אַ לייב, דאָ איז אויף מיר אַ שמחה געוואָרן. אַציגד, זאָג איך, וועל איך שוין זיכער זיין מלך! צו אַלע מיינע מעלות, אַז איך וועל נאָך אָנטון דעם לייבס פעלץ, ווער וועט זיך שוין קענען צו מיר גלייכן? — איך שלעפּ אויף מיר די פעל, כאָטש זי איז אויף מיר קורץ און שמאָל, איך האָב די פעל געצויגן פון אַלע זייטן, זי זאָל מיך אינגאַנצן צודעקן, נאָר נאָך אַלעמען איז דאָך דער אייזל־קאָפּ געבליבן אין דרויסן. איך האָב מיך אָנגעקוקט פון אַלע זייטן, האָב איך גע־זען, אַז איך זע אויס ווי אַ לייב; דעם קאָפּ האָב איך ניט געזען, וואָרעם ווער זעט דען זיין אייגענעם קאָפּ? — קורץ, איך בין געלאָפן אין וואַלד אַריין צו די חיות, דאָרט איז גראָד געווען איין אסיפה, דער מלך איז געשטאָרבן און מע האָט געדאַרפט אויסקלויבן אַ מלך. ווי די חיות האָבן פון ווייטן דערזען מיין לייבנפעלץ, זע־נען זיי אַלע אויפגעשטאַנען און האָבן מיר אָנגעהויבן אָפּגעבן גיין מיט כבוד. איך האָב דאָס דערזען, בין איך ביי מיר נאָך גרע־סער געוואָרן, און האָב גאָרניט געוואוסט אַליין, וואָס איך זאָל טון פאַר גדלות. דערווייל האָב איך מיר דערמאָנט אָן מיינע שירים, האָב איך אָנגעהויבן צו זינגען. די חיות האָבן דערהערט מיין קול, האָבן זיי תּחילת אַפילו געזאָגט: זעט, אונזער נייער מלך, זאָל לעבן, איז אַ לוסטיקער מחותן, ער איז אַפנים גאָר קיין נאַר ניט; הערט ווי ער שפּעט נאָך דעם אייזל, אַקוראַט ווי ער אַליין זינגט. — דאָס וואָלט אויך געווען איינגעגאַנגען, מע וואָלט געמיינט, איך

בין טאַקע אַ לייב און איך קרים מיך קלאַמערשט נאָך דעם אייזל. נאָר ווי איך בין געקומען נאָענט און מע האָט דערזען מיין קאָפּ, מיינע באַרימטע אויערן, איז געוואָרן אַ טרעוואָגע, אַ געפילדער, אַלע חיות זענען אין כעס געוואָרן: סטייטש! דער אייזל וועט אויס אונז חוזק מאַכן? וועט זיך אָנטון אין אַ לייבנפעלץ? וועט וועלן איבער אונז רעגירן? קורץ, זיי זענען אַלע איבער מיר געפאַלן, האָבן זיך אָנגעהויבן בייסן, רייסן און צופן פון אַלע זייטן, ביז זיי האָבן מיר אַראָפּגעריסן דעם פרעמדן פעלץ. די בושה, די חרפּה, ווי אַזוי איך האָב אויסגעזען, קען איך דיר קוים געבן צו פאַרשטיין. מאָל דיר, אויב דו האָסט אַמאָל געזען אַ גראָבן יונג איין עושר, וואָס שפּילט אַ גרויסע ראָלע צוליב דעם געלט, און מיינט, אַז ער איז אַ חכם, און מישט זיך אין אַלע שטאָטזאַכן, און ער האָט די גרעסטע דעה, — אַז עס ווערט פּלוצים פון זיין עשירות אַ סייך, ער זעצט אָן און ווערט אַ קבצן, אַ דלפון, האָט ער עפּעס אַ פּנים? — אַזאַ פּנים האָב איך געהאַט, אַז מע האָט מיר דעם פעלץ צעראָפּגעריסן. אַלע האָבן נאָר געשריגן: זעט, זעט! עס איז איין אייזל! מיר האָבן געמיינט עס איז אַ לייב, קלאַפּט אים! קלאַפּט! אַ מצווה, וואָס האָט ער געוואָלט אומזיסט זיין גרויס און איבער אונז הערשעווען! —

איך האָב דיר אַ משל געבראַכט — האָט די נשמה צו מיר געזאָגט — פון אַ מענטשן. דו דאַרפסט דערפאַר אויף מיר ניט פאַריבל האָבן. דו מוזט וויסן, אַז אַזוי ווי ביי מענטשן זאָגט מען אַלץ משלים פון חיות, אַזוי זאָגט מען ווידער ביי די חיות אַלץ משלים פון מענטשן. למשל, אַז מע וויל זאָגן ביי מענטשן אויף עמעצן אַ חסרון, ער איז זייער בייז, זאָגט מען: ער איז בייז ווי אַ הונט; ביי חיות זאָגט מען: ווי אַ מלמד, אָדער אַ בעלפער. ביי מענטשן, אַז מע וויל אויסדריקן פאַלשקייט, זאָגט מען: פאַלש ווי אַ קאַץ; ביי חיות זאָגט מען: ווי אַ יונג ווייבל, וואָס נעמט איין אַלטן מאַן, אָדער ווי צוויי גוטע פריינד, וואָס קושן זיך אין די פּיסקלעך. ביי מענטשן זאָגט מען: אַ בעל־גאווה ווי אַ פערד; ביי חיות זאָגט מען: ווי איין אויפגעקומענער נגיד. ביי מענטשן דערציילט מען אַ מעשה, ווי אַ פוקס האָט אויסגענאַרט ביי אַ

וואַראָנע אַ שטיקל פלייש, און ביי די חיות דערציילט מען, ווי אין מענטש האָט אויסגענאַרט ביים אַנדערן שיינע עטלעכע גולדן און דאָס ווייב דערצו. — און אַזוי ווי איך בין אַלעמאָל, צווישן איטלעכן מענטשן־גלגול, מגולגל געוואָרן אין אַ חיה, בין איך געוואוינט געוואָרן מיט זייער שמועס, האָב איך דיר פריער אויך אַ משל געזאָגט פון אַ מענטשן, נאָר איך בין דאַרויף ניט אויסן, איך וועל דיר ווייטער דערציילן.

ווי די חיות האָבן מיך אַזוי אויסגעלאַכט, און דערצו האָב איך טאַקע גוטע קלעפּ אויך באַקומען, בין איך פאַר בושה און שמערץ קראַנק געוואָרן. כּונדעסטוועגן וואָלט איך נאָך געקענט לעבן. נאָר מיין באַלעבאָס האָט געזען, אַז איך קרענק, הינק אַ ביסל צו אויף אַ פוס, האָט ער מיך פאַרקויפט פאַר אַ מתים־פירער. אויף מיין שלימזל האָט גראָד געדאַרפט דעמאָלט זיין אַ כאָלעריע און עס זיינען זייער אַ סך מתים געווען אין שטאָט, האָב איך געמוזט פאַרשוואַרצט ווערן, אַזוי לאַנג ביז איך האָב שוין ניט געקענט אויסהאַלטן און בין אַליין אויך געשטאָרבן.

דערפאַר, וואָס איך בין געשטאָרבן פון אַ דבר שבקדושה, פון אַ מצווה־זאַך: מתים־פירנדיק, האָט דער בית־דין־של־מעלה געהייסן, איך זאָל ווידער מגולגל ווערן אין אַ מענטשן.

אין אַ מענטשן — יאָ! אין אַ מענטשן! אין וואָס פאַר אַ מענטשן אָבער, האָט מען אָנגעהויבן צו קלערן, קען איין אייזל מגולגל ווערן? — קלער אַהין, קלער אַהער, עס איז געבליבן במוסכם כּולם, אַז פון איין אייזל, וואָס איז געשטאָרבן פון מתים פירן, קען מער ניט ווערן נאָר — אַ קוואָקזאַלבער, אַ שאַרלאַטאַן, אַ דאָקטאָר. דער מלאך־דומה האָט מיך אָנגענומען ביי די אויערן, האָט מיך אַ טרעסע געטון: גיי! זאָגט ער.

— ווי קומט — האָב איך אַ פרעג געטון — דער מלאך־דומה צו איין אייזל?

— גיי — זאָגט דער גלגול צו מיר — דו ווייסט גאָרניט, וואָס עס טוט זיך מיט דיר. דער מלאך־דומה טרעסעט אַלע אייזלען ביי די אויערן. מעגסט מיר גלויבן, איך ווייס בעסער פון דיר. שווייג און הער ווייטער.

# אַ דאָקטאָר

איך בין שטיל געבליבן און דער גלגול האָט ווייטער דערציילט:

עס איז דאָ אַ סך ערליי דאָקטוירים אויף דער וועלט. אַזוי ווי ביי אַלע אומות, אַזוי איז דאָ צווישן יידישע דאָקטוירים אויך גוטע און שלעכטע. דער טעם איז, ווייל ניט איטלעכער, וואָס איז דאָקטאָר, איז דערצו פון דער נאַטור באַשטימט אַ דאָקטאָר צו זיין. — דער מענטש טראַכט תמיד זיינע פּלאַנען און גאָט לאַכט: „דו קלויב דיר אויס וואָס דו ווילסט און בלייבסט פּאָרט נאָר וואָס איך ווילו!" למשל: גאָט האָט איינעם באַשאַפן, ער זאָל זיין אַ באָנדער און ער קלויבט זיך אויס צו ווערן אַ חזן — נאָ, זאָגן ניט אַלע, ווער עס הערט אים: „ער איז טאַקע אַ באָנדער!" איינער ווערט אַ זייגערמאַכער און גאָט האָט געוואָלט, ער זאָל ווערן אַ קאָוועל, הערט זשע אויב די גאַנצע וועלט זאָגט ניט: ער איז אַ קאָוועל. און וואָס טוט גאָט, אַז דער וואָס ער האָט באַשטימט פאַר איין איזוואָשטשיק איז דווקא געוואָרן אַ דאָקטאָר? ווייסט טאַקע די גאַנצע וועלט, אַז ער איז פון אַ בעל-עגלה, כאָטש ער רופט זיך דאָקטאָר. און דאָס הייסט דער אמתער גלגול: אַ גלגול פון אַ באָנדער אויף אַ חזן, פון אַ קאָוועל אויף אַ זייגערמאַכער, פון אַ בעל-עגלה אויף אַ דאָקטאָר און כדומה. — אַזאַ גלגול בין איך אויך געוועזן. —

איך בין געוועזן אַ גראָבער יונג, ווי דו קענסט דיר קוים פאָרשטעלן, אַ יידישער עם-הארץ. נאָר כיטרע בין איך געוועזן; און דרינען איז באַשטאַנען מיין גאַנץ דאָקטאָריי. גלגולים-דאָקטוירים! ווער עס וויל קומט אייך לערנען, ווי אַזוי אַ גלגול-דאָקטאָר צו זיין. —

די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז אַ דאָקטאָר איז תמיד פרייער ווי איין אַנדער ייד. ער מעג טאַקע זיין איין אמתער ייד אין האַרצן — אַ ייד מיטן פולן מויל קען ער ניט זיין: ער מוז אַמאָל אַי פאָרן אום שבת אַי אַ רעצעפּט שרייבן — ווער ווייסט ניט, אַז פקוח־נפש דוחה שבת! (אָדער ווי איך פלעג צו זאָגן דאָקטערווייז: „פקוח־נפש איז אַזוי ווי דוחק שבת!") און דאָס ערשטע איז דאָך דער דאָק־טאָר מקיים פקוח־נפש אויף זיין אייגן נפש אַליין, מילא מעג ער דאָך אום שבת אַלצדינג טון. — אויך פון דאַוועגען האַלט ניט אַ דאָקטאָר אַזוי שטאַרק, וכדומה צערעמאָניעס, וואָס איז אים שווער פינקטלעך צו האַלטן ווי איין אַנדער ייד. איך אָבער האָב מיך אַנדערש נוהג געווען. שבת בין איך בעסער געגאַנגען צוויי־דריי ווערסט צו פוס צום קראַנקן, און אַזוי ווי מע רופט ניט שבת קיין יידישן דאָקטאָר, וואָס גייט צו פוס צו אַזאַ ווייטן חולה, סיידן אַז עס איז זייער נייטיק און קיין געענטער איז ניטאָ, איז מְן הסתם דער קראַנקער פריער געשטאָרבן, אָדער רעכט מסוכן גע־וואָרן איידער איך בין צו אים געקומען. נאָר וואָס גייט דאָס מיך אָן? דערווייל האָט איטלעכער געוואוסט, אַז איך פאָר ניט אום שבת — פאַרן וועג האָב איך יאָ גענומען, דאָס געלט האָב איך אַריינ־געלייגט אין קעשענע אַריין און קיינער האָט דערפון ניט געוואוסט. צו פוס גיין האָט מיך איטלעכער געזען. וואָרעם איך בין אומיסטנע געגאַנגען איבער דעם מאַרק און בין קלאָמערשט מיד געווען, האָט מען מיך געפרעגט, ווער האָט מיך באַגעגנט: דאָקטאָר, פון וואַנען גייט איר עס אַזוי מיד? אוי, מיין פריינד, האָב איך געענטפערט: אַ שווערע פרנסה אַ דאָקטאָר צו זיין, אַז מע וויל דערצו אַ שטיקל ייד זיין! איך גיי פון אַ קראַנקן, אַוודאי אַ ווערסט דריי. וואָס קען מען מאַכן? עס גייט מיר אַוודאי ניט אינם געלט, איך נעם דאָך בלויז ניט אום שבת, נאָר ווי לאָזט מען אַ מענטשן פאַלן? אַצונד מוז איך נאָך אַליין גיין אין דער אַפּטייק אַריין, וואָרעם איך וועל דאָך ניט שרייבן אום שבת, ווי אַ אַנדער דאָקטאָר. — איז מיר אַמאָל אויסגעקומען צו זיין ביי אַ קראַנקן פאַרנאַכט, האָב איך אַרויסגעשלעפּט דאָס טיכל פון דער קעשענע און האָב מיך צוגעגאַרטלט און האָב מיך געשטעלט דאַוונען מנחה.

כאָטש איך האָב ניט געקענט אויסנווייניק, און אינעווייניק אויך קוים־קוים, ווייל איך האָב זייט איך לעב ניט געדאַוונט, נאָר איין אָנשטעל איז עס געווען אַ שיינער! ווער עס איז דערביי געווען, האָט געטײַט מיט די פינגער: „זעט נאָר, ווי דער דאָקטאָר דאַווגט! אַ יידישע נשמה קען מען ניט שאַצן! — מאַריך ימים זאָל ער זיין! אָט דאָס הייסט אַ דאָקטאָר!" — ביי געוויסע קראַנקע, למשל, אַ מקשה לילד, אַ כאָלעריע־קראַנקן, אַ קינדערישע קראַנקהייט, פּאָקן, מאָזלען וכדומה, פלעג איך מיך ניט שעמען צו הייסן שיקן דעם רבין אויף אַ פדיון אויך. דעריבער בין איך ביים רבין אויך חשוב געווען און ער האָט אַלע קראַנקע צו מיר אָפּגעשיקט. איין האַנט וואַשט די אַנדערע, אָדער ווי זאָגט מען אויף רוסיש: טשין פּאָטשיטאַיעט! פון מיין פרומקייט דאַרף איך דיר אַ סך ניט דערציילן, קענסט אַליין פאַרשטיין! פון קיין שאלה האָב איך ניט געגעסן, ווייל מע האָט ביי מיר אין הויז קיינמאָל קיין שאלה ניט געפרעגט. דיינים זענען אין מיין שטאָט געווען עטלעכע, האָט איטלעכער געמיינט, מן הסתם אַז מע קומט ניט צו אים קיינמאָל כונם דאָקטאָר אַ שאלה פרעגן, גייט מען צו איין אַנדערן דיין. נאָר פון דער גאַס וועגן, די שכנים זאָלן וויסן ווי כשר ביי מיר גייט צו, פלעג איך אַמאָל פונם פענסטער (איך האָב געוואוינט אויפן צווייטן שטאָק און די פענסטער זענען געגאַנגען אין דער גאַס אַריין) אַרויסוואַרפן אַ פּאַיאַנס־טעלער, וועלכער איז צעבראָכן געוואָרן און האָט אַ גרויסן קלאַפּ געטון. מן הסתם האָבן די שכנים געפרעגט, וואָס איז דאָרט פונם דאָקטאָרס פענסטער אַרויסגעפאַלן? געוויס איז טרייף געוואָרן אַ טעלער, האָט ער אים צעבראָכן. אַז ביים דאָקטאָר קען טרייפה ווערן אַ טעלער, איז ער דאָך מן הסתם אַ כשרער ייד! מיט אַזעלכע ספּאָסאָבעס האָב איך נעגאָלטן אין דער גאַנצע שטאָט און האָב גענוג געלט אָנגעקליבן: רעצעפּטן האָב איך געשריבן טייערע און דערפאַר האָט מיר די אַפּטייק אַחוץ געצאָלט. — קורץ, איך בין געוואָרן אַ גרויסער עושר אין אַ קורצער צייט! —

דאָס פאַרשטייסטו מן הסתם אַליין, אַז ביי מיר אין דער היים בין איך ניט געווען אַזאַ פרומע נשמה ווי צווישן לייט. ביי

מיר אין הויז איז אַפילו צוגעגאַנגען כשר, איך האָב גע־האַלטן אַ יידישע קעכין און אויף שבת האָט מען מיר תמיד גע־מאַכט אַ קוגל, ווייל די רופאים זענען געקומען צו מיר עסן קוגל, נאָר בשעת זיי האָבן קוגל געגעסן, בין איך געזעסן אין מיין קאַבינעט און מיין קריסטלעכער באַדינטער האָט מיר געבראַכט פון אַ רעסטאָראַציע מיין ליבלינגס־שפּייזע — אַ פּאָרצע ראַקעס. די רופאים האָבן פון מיר זייער געהאַלטן, ווייל איך האָב נאָר קורירט מיט פּיאַווקעס און באַנקעס. די רופאים האָב איך אָבער געהאַט צו פאַרדאַנקען כמעט מיין גאַנצע פּראַקסע. ווי דער שטייגער איז, אַז ביי יידן ווערט עמעצער קראַנק רופט מען באַלד אַ רופא, דער רופא אָבער, אַז ער איז געקומען צום חולה, האָט ער אים קלאָמערשט באַטראַכט און אַ שאָקל געטון מיט דעם קאָפּ: „דאָס איז אַ פּערפּעקטום (עפּעקטום), פאַרשטייט איר, איין אָנצינדונג אין דעם נערוונזאַפּט אונטער די קישקעס, איר מוזט רופן דעם יידישן דאָקטאָר. איר ווייסט דאָך, אַז איך פאַרשטיי ב״ה איין עסק, נאָר וואָס העלפט עס, וואָס איך האָב אַ פּען אין דער האַנט, אַז איך טאָר ניט שרייבן — איין אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און טאָר קיין שופר ניט בלאָזן. דער יידישער דאָקטאָר נעמט ניט אַ סך — אַ האַלב קערבל". מע האָט געשיקט נאָך מיר, איך בין געקומען, האָב דעם חולה באַטראַכט פון אַלע זייטן, געקלאַפּט אין דער ברוסט, זיך צוגעהערט מיט דעם רעכטן אויער, האָב פאַרשריבן אַ רעצעפּט און געהייסן שטעלן זעכציק פּיאַווקעס, בשעת אַ פּיאַווקע איז געווען צוויי גילדן. וואָס מיט דעם קראַנקן איז געווען, האָב איך ניט געוואוסט ביז מע איז געקומען נאָך אַ קוויטל — מיט דעם רופא האָב איך מיך געטיילט. —

עס איז דאָך נישטאָ אין דער וועלט קיין שלעכטס, עס זאָל ניט דרינען זיין כאָטש אַ ביסל גוטס. אַזוי איז תחילת פון מיין פאַרשטעלטקייט אויך אַ שטיקל טובה אַרויסגעקומען, נאָר צום סוף האָב איך דאָס אויך קאַליע געמאַכט. עס איז מיר ניט באַ־שערט געווען, עס זאָל פון מיר עפּעס אַ טובה אַרויסקומען דער וועלט. ווייל דער עולם האָט מיך געהאַלטן פאַר זייער אַ פרומען דאָקטאָר, וואָס פאָרט ניט און שרייבט ניט אום שבת און דאַוונט

מנחה צוגעגאַרטלט מיט אַ טיכל, אַפילו חסידים פלעגן אויף מיר זאָגן: „ער איז איין ערלעכער יונג" (צום טיטל „ערלעכער ייד" קען עס אַ דאָקטאָר ניט ברענגען, ער זאָל אַפילו זיך אויסשטרעקן)—האָבן אָנגעהויבן יונגעלייט אין שטאָט צו זאָגן, אַז עס איז גאָר נישקשה און אַפילו רעכט אַרייַנצוקוקן אין חכמה־ספרימלעך און אַ ביסל דייטש, רוסיש און אַנדערע לשונות צו לערנען. אָט האָט דער דאָקטאָר געלערנט און איז פונדעסטוועגן אַ ייד, דאַוונט און פאָרט ניט אום שבת און עס ווערט ביי אים טרייפה אַ טעלער (מע האָט אַלע מאָל דאָס איבערגעחזרט, ווייל קיין גרויסע שבחים אין אמת אַריין האָט מען אויף מיר ניט געהאַט צו זאָגן). קורץ, יונגעלייט האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו לערנען עפּעס רעכטס, און אפשר וואָלט אַמאָל דערפון אַ טובה אַרויסגעקומען — נאָר מיין בייזע שעה איז געקומען, און עס האָט זיך אַנדערש אויסגעלאָזט. הער מיין ביטער אומגליק! —

דעם גוטן יידן אין מיין שטאָט, וואָס האָט געהאַט אַ האַלבע פּרנסה פון די פדיונות, וואָס איך פלעג צו אים שיקן, ווייל פון דעם אָנשטעל האָב איך געהאַט מער ווי צוויי חלקים פּרנסה, דעם צדיק האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט, אום שבת נאָך דעם דאַוונען דעם דאָקטאָר, דעם פרומען דאָקטאָר, וואָס פאָרט ניט אום שבת, וואָס דאַוונט צוגעגאַרטלט מיט אַ טיכל „און וואָס שיקט אָפּ קראַנקע צום רבין אויף פדיונות", אַ ביסל כבוד אָנצוטון. איך האָב דערפון ניט געוואוסט, ער האָט מיר געוואָלט מאַכן אַ איבערראַשונג. אוי, הלוואי וואָלט ער עס ניט געטון! — אום שבת, אַרום צוועלף אַ זייגער בייטאָג, איך זיץ מיר אין מיין קאַבינעט און סמאָקע מיר מיינע ליבלינגס־ראַקעס — די רופאים האָבן אין עסצימער געגעסן קוגל — פלוצים, אוי אומגליק! — פלוצים עפנט זיך די טיר און דער רבי אָנגעטון אין ווייסע בגדי שבת, מיט דעם שטריימל מיט דעם ווייסן ווערך אויף דעם קאָפּ, קומט אַריין, און אים שטופן זיך נאָך אַ סך חסידים: גוט שבת! הער דאָקטאָר! גוט שבת ר' ...! פאַרפינסטערט בין איך געוואָרן—אַ ראַק שטעקט אין מויל, און אויף דעם טעלער ליגן די איבעריקע — איך קאָן זיי ניט באַהאַלטן, כאָטש טו דיר אַ מעשה אָן! קורץ, עס האָט

גאָרניט געווערט און איך האָב פאַר גרויס פּחד און צרות געוואָלט כאָטש אַראָפּשלינגען וואָס איך האָב אין מויל געהאַט, און דער ראַק איז מיר געבליבן שטיין אין האַלז. עס האָט מיך אָנגעהויבן שטאַרק צו ווערגן, די אויגן זענען מיר שיר אַרויס פונם קאָפּ. עס איז געוואָרן אַ גרויס געפּילדער, אַ סך מענטשן זענען זיך צונויפ־געלאָפן אויף מיין בייזוואונדער, זען, ווי דער פרומער דאָקטאָר וואַרגט זיך מיט אַ ראַק. דער רבי האָט שוין גוט פאַרשטאַנען, אַז איך וועל שוין צו אים מער קיין קראַנקע מיט פּדיונות ניט שיקן, ער האָט געזען, אַז איך עק מיך באַלד און וועל שוין מער קיין מנהה ניט דאַווענען און קיין ראַקעס ניט עסן, האָט ער זיך מיישב געווען און האָט גאָר דעם שמועס איבערגעקערט: באשר ער האָט פרי׳ר געוואוסט, אַז איך בין איין אַפּיקורס, אַ פּושע ישראל, אַ טרייפניאַק, און האָט שוין לאַנג געוואָלט מיין רישעות מגלה זיין דער גאַנצער וועלט, נאָר עס איז שווער געווען מיך ביי שמד־שטיק צו דערטאַפּן, וואָרעם די סיטא־אחרא, רחמנא ליצלן, האָט עס מיר דעם שכל איינגעגעבן, איך זאָל שיקן קראַנקע צום רבין אויף פּדיונות, און דער כּוח האָט אויף מיר מגין געווען, אַז מע האָט מיך ניט געקענט כאַפּן, ווען איך טו איין עבירה און עס דער וועלט מגלה זיין! נאָר אין דעם שבת האָט מען אים מן השמים בשעת שמונה־עשרה געוויזן דעם פּסוק „ותאכלנה הפרות הרקות“ (בראשית מ״א י״ט), האָט ער תּיכף פאַרשטאַ־נען, אַז דאָס מיינט מען מיך: הפרות איז פון לשון „ופרע את ראש האשה“, ותאכלנה הפרות הרקות איז טייטש: ווער עס גייט מיט הוילן קאָפּ, אָן אַ היטל, דער עסט ראַקעס. מילא מיינט דאָך מיך; וואָרעם אַ דאָקטאָר גייט דאָך אָן אַ היטל — קורץ, ער איז צו מיר געלאָפן מיט אַלע חסידים און האָט מיך דערטאַפּט. —

איך וויל דיר ניט פיל מאריך זיין, איך בין געשטאָרבן, מע האָט מיך באַגראָבן — ניט בכבוד גדול!

אין שטאָט איז געוואָרן אַ ליאַרעם: זעט, וואָס הייסט לער־נען חכמות און לשונות (מיינע שונאים זאָלן איבערקומען אויף די חכמות און לשונות, וואָס איך האָב געקענט!). מע קען (בודטא) ניט זיין קיין ייד, אַז מע לערנט עפּעס אַנדערש חוץ דער היי־

ליקער תורה! ניין! מע טאָר ניט צריינקוקן אין די ביכ־
לעך! — איטלעכער פאָטער (קלאָמערשט) האָט געזוכט, אויב זיין
זון האָט ניט עפּעס ביכלעך. וואָס מע האָט געפונען, האָט מען
צעריסן און פאַרברענט, מע האָט אויסגערוימט וואו עס איז ערגעץ
געווען אַ מליצה־ספרל. דער רבי האָט דאָס יאָר אַ ספר געדרוקט,
וואָס דרינען זענען געשטאַנען אַ סך תורות אַזוי ווי די פון „ותאכלנה
הפרות הרקות", איטלעכער ייד האָט זיין ספר בעקויפט און מע
האָט דאָס אָנגעהויבן געשמאַק צו לערנען. אָן מיר האָט מען באַלד
פאַרגעסן, נאָר דעם חודש אלול, אַז אַלע יידן גייען אויף דעם
בית־עולם, איז מיין קבר געווען נאָס פון שפּייַעכטס, וואָס איט־
לעכער, וועלכער איז מיין קבר פאַרבייגעגאַנגען, האָט אויף אים אַ
שפּיי געטון.

ווי מע האָט מיר נאָר באַגראָבן, האָט זיך תיכף דער מלאך־
דומה צו מיר געיאַוועט. איך האָב מיך זייער דערשראָקן, ער זאָל
ניט דערזען דעם ראַק, וואָס האָט נאָך געשטעקט ביי מיר אין
האַלז. ער האָט מיך אַ פרעג געטון: מה שמך? ווי הייסטו, דייטש
מיט לונגען? איך האָב אים ניט געקענט ענטפערן און בין גע־
צוואונגען אים צו ווייזן אויף מיין האַלז, ווי איינער רעדט: עס
וואַרגט מיך, איך קען ניט רעדן. ער האָט מיר דערלאַנגט מיט
דעם קילעק אין קאַרק אַריין, איז דער ראַק אַרויס פונם האַלז און
און דער מלאך־דומה האָט זיך שטאַרק צעלאַכט. איך האָב דער־
פילט, אַז עס איז מיר בעסער געוואָרן און איך קען שוין ווי־
דער רעדן, האָב איך מיך גאָר מחיה געווען און האָב פאַר שמחה
העזה געהאַט דעם מלאך־דומה צו פרעגן וואָס ער לאַכט. „איך
לאַך, זאָגט ער צו מיר, ווי דיין סניגור (מליץ־יושר), וואָס האָט
דיך געוואָלט אָפּראַטעווען, איז אַליין געווען די סיבה, וואָס דו
ביסט געשטאָרבן פאַר דער צייט. די מעשה איז אַזוי געווען:
בשעת דו האָסט אום שבת געגעסן די ראַקעס, איז דער קטיגור
(דער מלאך, וואָס מסרט אַלע עבירות) געקומען צום בית־דין־של־
מעלה מיט אַ גרויס געפילדער. מיר האָבן היינט אַ קטיגור אַ גרויסן
פאַנאַטיקער. ער האָט אָנגעהויבן צו ליאַרעמען: געוואַלד! אין
דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ ייד זאָל עסן ראַקעס, און נאָך אום

שבת קודש?! — דער סניגור, וואָס איז אַ שטיק אויפגעקלערטער, האָט אָנגעהויבן צו טענהן: וואָס מאַכט מען דאָ דערפון אַזאַ עסק, וואָס איז דאָס געפילדער? עס זענען דאָ גרעסערע עבירות און מען שווייגט! אַלע טישן זענען פאַרוואָרפן מיט דיעלעס פון גנבים, באַטריגער, צבועקעס, וואָס נאַרן אָפּ די גאַנצע וועלט, מיט פאַלש פרומקייט, און כדומה אַזעלכע עבירות, האָט מען מער ניט צו טון נאָר צו משפטן אַ דאָקטאָר, וואָס האָט געגעסן ראַקעס? — איז דען נישטאָ אַ סך, וואָס זענען ניט קיין דאָקטוירים, וואָס פאַר זייער ראָלע, וואָס זיי דאַרפן שפּילן אין דער וועלט, פּאַסט עס טאַקע גאָר בשום אופן ניט טרפות צו עסן, און זיי עסן דווקא טרפות און באַהאַלטן זיך אַפילו ניט, מילא וואָס־זשע וויל מען פונם דאָקטאָר האָבן? ער האָט ליב ראַקעס — אַ שיינע כפרה, לאָז ער זיך מיט זיי וואַרגן! — דער סניגור האָט געוואָלט דיך דורך דעם ראַטעווען און האָט געמיינט דיין טובה, צום אומגליק האָט ער די לעצטע ווערטער „לאָז ער זיך מיט זיי וואַרגן" אויסגערעדט אין אַזאַ שעה, אַז זיי זענען פון זיין מויל אין גאָטס אויערן אריין, און טאַקע תיכף ביסטו דערוואָרגן געוואָרן." — איך האָב מיר געטראַכט, ווי דער מלאך־דומה האָט אָפּגערעדט: בילא געשטאָרבן בין איך דאָך שוין, דאָס איז שוין פאַרפאַלן, אָבער ווי איך זע, ווערט מען מיך פאַר די ראַקעס ניט קעפּן; אַז דאָ איז דאָ אַ סניגור אַזאַ גוטער ברודער, האָב איך קיין מורא ניט צו האָבן.

דער מלאך־דומה האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוט, טוט ער מיך ווייטער אַ פרעג:

— עָסַקְתָּ בֶּאֱמוּנָה? האָסטו, ברודער, ערלעך געהאַנדלט אויף דער וועלט?

— געהאַנדלט? זאָג איך, ווי קומט צו מיר האַנדלען, ווייסטו דען ניט, אַז איך בין געוועזן אַ דאָקטאָר?

— יאָ, אַ דאָקטאָר, זאָגט דער מלאך־דומה, אָבער פונדעסטוועגן האָסטו דאָך געהאַנדלט: האָסט געהאַנדלט מיט דער אַפּטייק און האָסט געשריבן טייערע רעצעפּטן, און דער אַפּטייקער האָט דיר דערפאַר געצאָלט חודש־געלט; האָסט געהאַנדלט מיט די

רופאים, האָסט געהייסן שטעלן אַ סך פּיאַווקעס און האָסט ביי זיי גענומען חלק. האָסט געהאַנדלט מיט דעם רבין, האָסט גע־שיקט צו אים פּדיונות און ער צו דיר נאָך רעצעפּטן. האָסט גע־האַנדלט מיט מנחה־דאַווענען, מיט טעלער צעבּרעכן, מיט שבת צו פוס גיין, אַלעס הייסט געהאַנדלט; און דו האָסט פאַלש געהאַנדלט, זייער פאַלש, אָט דאָס איז נאָך ערגער פון ראַקעס, דאַרויף קען דער סניגור אויך קיין זכות ניט געפינען, און דערוואָרגן ווערן איז אויך קאַרג. זעסטו דעם בית־עולם אַרום דיר? אַ טייל מתים, קליין און גרויס, יונג און אַלט, זענען כמעט פון דיינע רעצעפּטן געשטאָרבן. אַ טייל פון זיי וואָלטן דער וועלט שטאַרק צוניץ גע־קומען. דו ביסט געווען זייער מלאך המות, און דערצו ביסטו נאָך געווען אַ צבועק, אַ פאַלשער, אַ פאַרשטעלער — דאָס וועט דיר ניט געשענקט ווערן — דיין פסק איז: נאָך דעם ווי איך וועל דיר אַ ביסל דורכשמייסן, זאָלסטו מגולגל ווערן טאַקע אין אַ פּיאַווי־קע, ווייל מיט פּיאַווקעס פלעגסטו צו קורירן און אומזיסט בלוט צאַפּן, כדי דיך און דיינע רופאים רייך צו מאַכן.

נאָך די ווערטער האָט ער מיך אָנגעהויבן צו קלאַפּן איבער אַלע זייטן. אַז ער האָט מיר שוין גוט אַלע ביינער צעבראָכן, האָט ער מיך געכאַפּט ביי די פיס און אַ וואָרף געטון אין טיין אַריין, און אין דעם אויגנבליק בין איך געוואָרן אַ פּיאַווקע.

# אַ פּיאַווקע

עס האָט אָבער גאָרניט געדויערט, טאַקע דעם אייגענעם טאָג איז מיין רופא געגאַנגען פּיאַווקעס כאַפּן, און באַלד בין איך אים געקומען אין די הענט אַריין. ער האָט מיך מיט נאָך פּיאַווקעס אַרייגעלאָזט אין אַ סלאָי מיט וואַסער און אַנידערגע־שטעלט אין שאַפע.

קוים בין איך דאָרט געווען אַ פערטל שעה, איז מען גע־קומען רופן דעם רופא, דעם רבין פּיאַווקעס שטעלן אויף די מערידן. פונם רבינס כבוד וועגן האָט דער רופא גענומען דעם סלאָי מיט די פרישע פּיאַווקעס, וואָס ער האָט ערשט געכאַפּט, און איז באַלד אַהין געגאַנגען. איך בין אויף דעם רבין נאָך זייַ־ער בייז געווען, וואָס דורך אים איז מיר דער ראַק געבליבן שטיין אין האַלז, האָב איך מיך גוט צוגעכאַפּט און האָב זיין בלוט געשמאַק געזויגן אַזוי לאַנג, ביז איך בין אַראָפּגעפאַלן טויט.

אַזוי ווי איך בין געפּגרט פון אַ דבר־שבקדושה, פון דעם רבינס מערידן, האָב איך ווידער איין עליה געהאַט און בין ווי־דער מגולגל געוואָרן אין אַ מענטשן. נאָר טרעף, אין וואָס פאַר אַ מענטשן אַ פּיאַווקע קען מגולגל ווערן! —

— אַוודאי אין אַ גבאי פון דער חברה קדישא, האָב איך מיך אָנגערופן, ער איז אויך אַ בלוטצאַפּער.

— ניין, זאָגט די נשמה, האָסט ניט געטראָפן.

— נאָ, זאָג איך, מוז זיין אין אַ סבאָרשטשיק, אַ קהל־שמש, אַ רעקרוטן־כאַפּער, וואָס רייסן פון טויט און פון לעבעדיק און האָבן אויף קיינעם קיין רחמנות ניט!

— ניין!

— נאָ, מוז זיין אין אַ מלמד, וואָס שינדט אָפּ די הויט פון די קינדער, וואָס לערנען ביי אים, אַוודאַי, ניט אַנדערש, דו ביסט מגולגל געוואָרן אין אַ מלמד!

— ניין! זאָגט די נשמה. דאָס זענען לויטער קבצנים, אין אַזעלכע ווערט נאָר מגולגל אַזאַ חוטא, וואָס האָט ניט קיין זכיה געהאַט דורך אַ דבר־שבקדושה איין עליה צו האָבן — איך אָבער, וואָס האָב אַ זכיה געהאַט צו זויגן בלוט פונם רבינס מערידן, בין מגולגל געוואָרן אין אַ נגיד, אין אַ בעל־הלוואה, וואָס אנטלייעט געלט אויף פּראָצענט.

# אַ בעל־הלוואה

אַ בעל־הלוואה איז איינער פון די נייטיקע מענטשן, וואָס אָן זיי קען די וועלט ניט אויסקומען. עס איז ניט מעגלעך, אַז אַלע מענטשן זאָלן תּמיד האָבן מזומן געלט, עס קען קיינער ניט אויסקומען אָן באָרגן און לייען און ווען דער בעל־הלוואה נעמט פּראָצענט פאַר זיין געלט, וואָס ער טוט יענעם דערמיט אַ טובה, איז אויך גאָר קיין עוולה ניט. וואָס איז זיין געלט ערגער פון זיין הויז, וואָס ער פאַרדינגט? עס וועט קיינער ניט זאָגן, אַז עמעצער דאַרף אים געבן אומזיסט זיין הויז צו וואוינען, פאַרוואָס־זשע זאָל ער אים געבן זיין געלט אומזיסט דערמיט צו האַנדלען? זייער רעכט צו נעמען פּראָצענט, נאָר ווי אַזוי? מיט יושר, מיט אַ דרך הטבע, ניט דער בעל־הלוואה און ניט ווער עס לייעט זאָלן האָבן זיך צו קלאָגן. ערלעכע לייט טוען טאַקע אַזוי, זיי פאַרלייען געלט, טוען יענעם אַ טובה, און נעמען דערפאַר אַ קליינעם פּראָצענט, וויפיל מען קען געוויינלעך פאַרדינען מיט אַזאַ סומע. ביידע זענען צופרידן: דער וואָס לייעט איז צופרידן פון דער טובה, און דער בעל־הלוואה — פון דעם קליינעם פּראָצענט.

איך זאָל געוועזן זיין אַזאַ בעל־הלוואה, וואָלט איך שוין מער ניט מגולגל געוואָרן, און דער פּאָדראַטשיק, וואָס דו האָסט אים היינט באַגראָבן, וואָלט גאָר אויף דער וועלט ניט געוועזן. אַ סך אָקסן, אינדיקעס, גענז, קאַטשקעס, קאַפּהענער וואָלטן ביים לעבן געבליבן, אַ סך בוטעלקעס וויין און פּאָרטער וואָלטן ניט אויסגעקאָרקעוועט געוואָרן, אַ סך כאַבאַרניקעס וואָלטן ניט געהאַט וואָס צו פאַרשיכורן און אין קאָרטן צו פאַרשפּילן, און דער שרייבער ביים בית־דין־של־מעלה וואָלט געהאַט אַ סך ווייניקער עבירות צו פאַרשרייבן — נאָר איך בין ניט אַזאַ בעל־הלוואה געוועזן, איך האָב מיר אַנדערש נוהג געוועזן. אַז אָך און

ווי איז שוין דעם געוועזן, וואָס האָט געדאַרפט אָנקומען צו כיר נאָך געלט. פינף, זעקס פּראָצענט אַ חודש האָט בײַ מיר געהייסן אַ גמילות-חסד. אָן אַ פּאָרמאַלנע וועקסל פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב ניט אַנטליען, נאָר ליותר בטחון האָב איך נאָך גענומען אַ משכון, וואָס האָט געדאַרפט ווייניקסטנס דרײַ מאָל אַזוי פֿיל ווערט זײַן, ווי די סומע וואָס איך האָב געגעבן. דאָס וועקסל האָט אָבער אויך געמוזט זײַן אויף דרײַ מאָל אַזוי פֿיל. האָט מ'ר חלילה דער בעל-חוב פּונקט צו דער צײַט ניט אָפּגעגעבן, אָדער ניט אײַנגאַנצן אָפּגעגעבן, האָב איך געלאָזט שאַצן דעם משכון, און האָב שוין דערצו אַ מיטל געהאַט, מע זאָל אים שאַצן פֿאַר אַ דריטל ווי מיר איז געקומען. פֿאַר דעם איבעריקן האָב איך אײַנגעגעבן דאָס וועקסל און האָב דעם בעל-חוב זײַן פֿאַרמעגן איבערגעשריבן, אים אײַנגעזעצט, אַזוי לאַנג אַזוי ברייט, ביז דאָס גאַנצע וועקסל איז מיר באַצאָלט געוואָרן חוץ דעם משכון. שרייען, וויינען, בעטן, שעלטן האָט מיך ניט געאַרט, פֿאַר פֿאַלש שווערן האָב איך קיין מורא ניט געהאַט, קיין דרך-ארץ האָב איך פֿאַר קיינעם ניט געהאַט; איטלעכער דאַרף ב"ה האָבן צו מיר, און איך צו קיינעם ניט — וואָס הער איך די פֿאַרכעס! —

צום מייסטן האָב איך געריסן פּראָצענט בײַ פּריצים, ניט ווײַל אויף יידן האָב איך, חלילה, רחמנות געהאַט — חס-ושלום! רחמנות איז ניט געשטאַנען אין מײַן צעטל, נאָר ווײַל אַ ייד, וואָס לייעט בײַ אַזאַ תּכשיט ווי איך געלט, איז אַ קבצן, אַ דלפון, און וואָס וועל איך בײַ אים גאָר אויסרייסן? אַז איך וועל אים שוין איבערשרײַבן זײַן מאַיאָנטעק און וועל אים שוין די בעבעכעס אַוועקנעמען, וואָס קען דאָ, שטיינס געזאָגט, פֿאַר אַ גליק זײַן? — אַ פּריץ איז אײַן אַנדערע זאַך, ער האָט אַ דערפֿל, אַ מיל, אַ גאָראַלניע, טויקן, פֿולווערקעס, דאָס איז אַ סחורה, דאָ קען מען אַ בײַנדל אָפּלעקן. — אַ פּריץ האָב איך געגעבן געלט בכּבוד גדול, איך האָב מיך גאָרניט געאײַלט אָפּצונעמען, אדרבה, איך האָב אים נאָך אַלע מאָל צוגעגעבן פֿרישע עטלעכע גילדן, אַבי נאָר דאָס וועקסל איבערגעשריבן. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס וועקסל האָט געמוזט זײַן אויף דרײַ מאָל אַזוי פֿיל. שפּעטער,

אַז ער איז שוין אַריינגעקראָכן אין אַזויפיל געלט, אַז ער האָט שוין ניט געקענט אָפּגעבן, האָב איך שוין פאַרלאַנגט אַ גאַנץ גרויסן פּראָצענט און ליתר בטחון אַ וועקסל אויף פינעף מאָל, און אַמאָל, אַז איך האָב נאָר געקענט אויספירן—אויף צען מאָל אַזויפיל. אַזאַ חוב האָב איך צום מיינסטן גאָר געלאָזט לויפן אַ צייט און גאָר ניט געמאָנט, ווער שמועסט אַז דער פּריץ איז געווען איין אַלטער. האָב איך אים גאָר געלאָזט לויפן. האָט ער אָבער נאָר איין אויג צוגעמאַכט, בין איך תיכף צוגעטרעטן מיט דעם וועקסל און האָב אָפּגענומען פאַר איטלעכן קערבל צען, פופצן, צוואַנציק, וויפל איך האָב נאָר געקענט. איז דער אַלטער אָבער איין עקשן געווען און האָט ניט געוואָלט כּלל ווערן און עס איז מיר לאַנג געוואָרן צו וואַרטן — נאָ, האָב איך מיך דערפאַר אָן אים נוקם געווען און האָב אים געמאַכט אַ ביטער עלטער. ער האָט געמוזט מיט די אויגן זען, ווי איך פאַרקויף זיין דאָרף, ער האָט געמוזט אויף דער עלטער אַרויס פון זיין הויף, פון זיין טאַטנס ירושה און זיך וואַלגערן אין דער פרעמד. אַ מצווה! זאָלט ער ניט גע־זאָלט לייען ביי מיר קיין געלט! וואָס איז, איך האָרעווע אויף עולם־הבא? האַ? — אמת טאַקע, דאָס אמתע וועקסל מיט אָרדנטלעך פּראָצענט וואָלט ער געקענט גרינג באַצאָלן און עס וואָלט אים גאָר ניט שווער געווען. מע האָט נאָר דעריבער געדאַרפט דאָס דאָרף פאַרקויפן, ווייל מיין חשבון האָט אָנגעטראָפן צען־פופצן מאָל אַזויפיל, וויפיל עס איז פון אים געקומען, נאָר וואָס גייט דאָס מיך אָן? עס איז מיין באַבעס דאגה, אַ שיינע ריינע כפּרה! וואו שטייט עס געשריבן, אַז ער דאַרף האָבן אַ דאָרף? — אַז איך טאָר קיין דאָרף ניט האָבן, מעג איך האָבן געלט. —

איך וועל דיר גאָר שענערס דער־ציילן: עס איז מיר נמאס געוואָרן זיך אַליין לאַנג דעם קאָפּ צו דולן, וואַרטן חדשים אָדער יאָרנלאַנג און דערווייל מיין ביסל מזומן לאָזן אין פרעמדע הענט, האָב איך מיך אַמאָל מיישב געווען און האָב אַזוי געטון, עס האָט מיך איינער געשיקט רופן צו זיך, איך זאָל אים אנטלייען טויזנט קערבלעך, אַ מענטש מיט אַ מאַיאָנטעק, נאָר בשעת מעשה האָט ער ניט געהאַט קיין מזומן קערבל און האָט נייטיק געדאַרפט

שפּילן אין קאָרטן און איין אַקטריסע אַ שיינע איז גראָד אויך געווען אין שטאָט. נאָ, וואָס טוט מען ניט אין אַזאַ נייטיקער צייט? ער האָט מיר געגלעט, געקושט, „מאָיע קאָכאַנע, דאַי פּיע-ניענדזע!" — „פּאָדאַם דענוג, יאַסניע פּאַניע! איך וועל געבן, נאָר אַ וועקסל אויף פינעף מאָל אַזוי פיל, דו ווייסט דאָך, פּאַניע דאָב-ראָדזיע, מיין כּלל!" — „גוט, דאָס וועקסל איז פּאַרטיק. נאַ, גיב געלט!" — „שיין!" איך נעם דאָס וועקסל, לייען עס איבער, גוט! — איך נעם מיך צו דער קעשענע — אָ-נאַ, פּשעפּראַשעם פּאַניע! איך מוז אַ לויף טון אַהיים, איך האָב פאַרגעסן דאָס געלט מיט-צונעמען, אין דעם אויגנבליק קום איך צוריק. איך האָב ניט גע-וואַרט אויף קיין תשובה און בין שוין אַוועק — מיט דעם וועקסל-מיינסטו, איך בין צוריקגעקומען מיט געלט? אַ מכּה! וואָס איז-אַ גרויסע מצווה ער זאָל פאַרשפּילן אין קאָרטן אָדער דער אַקטריסע אַוועקגעבן? אָן מיר איז מער מצווה. אין עטלעכע חדשים אַרום האָט ער מיר אָפּגעגבן מ י י ן ג ע ל ט, דאָס גאַנצע וועקסל מיט פּראָצענט. מיינסטו אפשר, אַז איך האָב אַזוי געריסן און געראַבעוועט, האָב איך פונם געלט גרויס הנאה געהאַט, האָב מיר תענוגים אָנגעטון און ברייט געלעבט? מוז איך דיר זאָגן, אַז מיך האָט מען אין שטאָט גערופן ביים צונאָמען „חזיר", ווייל איך האָב געלעבט טאַקע פּשוט ווי אַ פּראָסטער חזיר. איך האָב מיר אַ שטיקל ברויט ניט פאַרגונען צו עסן, איך האָב געדאַרט און געקוואַרט, בין תמיד אומגעגאַנגען פאַרשמאַכט. איך האָב געלעבט אַז איך האָב געציילט קערבלעך. איך האָב געהאַט אַ פרום ווייב — מן הסתם אויך אַ גלגול — וואָרעם זי איז אויך אַזוי קאַרג גע-ווען ווי איך, און האָט נאָר פּראָצענט געריסן. זי פלעגט זאָגן אַ סך תהילים, אין איר תהילימל איז אָבער נאָר געשטאַנען: „רבונו של עולם, קערבלעך! קערבלעך! אַ סך קערבלעך! נאָך קערבלעך!" איר תפילה פאַר ליכט-בענטשן איז געווען: „רבונו של עולם, קערבלעך!" די תחינה פון קנייטלעך לייגן איז געווען: „רבונו של עולם, קערבלעך!" דאָס דאַווענען פון וואָך, שבת און יום-טוב איז נאָר געווען: קערבלעך, קערבלעך! דאָס איז געווען איר י צ י א ת מ צ ר י ם פּסח צום סדר, אירע קינות אום תשעה-באב, איר פרייד און איר לייד,

איר ברכה און איר קללה. „גאָט זאָל אייך בענטשן מיט אַ סך קערבלעך!"— האָט זי צוגעוואונטשן דעם, וואָס האָט איר אַ טובה געטון. „קיין קערבל זאָלט איר ניט האָבן!" — האָט זי געשאָלטן דעם, וואָס זי האָט זיך מיט אים געקריגט.

קורץ, מיר זענען שיר פאַר הונגער געשטאָרבן אין עושר און כבוד. וואָרעם כבוד האָבן מיר אויך געהאַט: מע פלעגט אונז בעטן אויף אַלע חתונות — ווייל יעדער איז אונז געלט שולדיק געווען — און נאָר דענצמאָל האָבן מיר אונז גוט אָנגעגעסן; ווען ניט די חתונות, וואָלטן מיר טאַקע געווען אויסגעגאַנגען פאַר הונגער.

דאָס ווייב — קיין גוטס זאָל זי ניט האָבן! — האָט מיך גאָר געקוילעט: ווייל זי האָט נאָך מער ליב געהאַט געלט פון מיר, האָט זי אַריינגעשטופט געלט אין אַזעלכע ערטער, וואָס איז דאָרט פאַרפאַלן געוואָרן, אַבי מען האָט איר צוגעזאָגט אַ סך פּראָצענט. וואָס האָב איך געזאָלט מאַכן מיט אַזוינע בעלי־חובות, וואָס מע האָט ביי זיי ניט וואָס צו נעמען? זיי איינזעצן? דאַרף מען דאָך געבן קאָרמעוואָי, זאָל איך נאָך לייגן דאָס לעבעדיקע אויפן טויטן? — הכלל, זי האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט. מיין געלט איז פאַרפאַלן געוואָרן, די רווחים האָבן דאָס קרן אויפגעגעסן. וואָס טוט מען?

אַז איך האָב געזען, עס הייבט מיר אָן שלעכט צו גיין, מיין געלט ווערט פאַרפאַלן, בין איך געפאָרן צום רבין, וואָרעם פון אַ גוטן־יידן האָב איך שטאַרק געהאַלטן. מיין ווייב פלעגט זיך שטאַרק פאָרען מיט מכשפות און זנאַכערקעס און קאָרטנוואַר־פערינס, נאָר איך האָב דרינען ווייניק־וואָס געגלויבט, אין דעם רבין האָב איך מער אמונה געהאַט. איך ווייס, פאָרט אַ צדיק! — מילא, איך האָב דעם רבין געגעבן אויף אַ פדיון, מן הסתם ניט קיין שרפ"ט אלפים, וואָרעם געלט געבן איז מיר תמיד זייער שווער געווען, מיין האַנט האָט נאָר געקענט נעמען, נאָר דעם רבין מוז מען דאָך עפעס געבן. דער רבי האָט מיך געבענטשט מיט אַ פסוק „והִלְוִיתָ גוֹיִם רַבִּים ואתה לא תִלְוֶה" — דו וועסט אַנטלייען אַ סך גויים, כאָטש דו וועסט קיינעם ניט אַנטלייען. איך

בין געווען אַ שטיקל יודע ספר, האָב איך מיך אָנגערופן: „סטייטש, רבי! לא תלוה איז דאָך טייטש: דו וועסט ניט לייען?" — „שוטה, האָט זיך דער רבי אַ בייזער געטן, וואָס איז, אַ בעל־דקדוק ביסטו גאָר, חס־ושלום? איך הייס לא תלוה זאָל זיין די טייטש זאָלסט ניט אַנטלייען. פאַר אַהיים און לאָז דיך ניט אָנגיין!" אַוועק־פאַרנדיק פונם רבין זענען מיר זיינע ווערטער אין קאָפּ אַריין און בין געקומען אויף דער עצה צו מאַכן פאַלשע קוויטלעך אויף רייכע פריצים, — דאָס מיטל האָט געהאָלפן. איך האָב געקריגן אַ בריה, וואָס קאָן די מלאכה, און האָב געמאַכט קוויטלעך אויף פריצים וואָס זענען שוין לאַנג טויט און בין געקומען צו זייערע קינדער מאָנען. די קינדער, וואָס האָבן ניט געוואָלט זייערע עלטערנס נאָמען שאַנדע מאַכן, האָבן געצאָלט. —

תחילת איז דאָס געשעפט זייער גוט געגאַנגען. אַלע יונגע פריצים האָבן געצאָלט די קוויטלעך, וואָס איך האָב נאָכגעמאַכט אויף זייערע געשטאָרבענע עלטערן, עס האָט קיינער אַ וואָרט ניט גערעדט. איך בין ביי מיר אַזוי שטאַרק געוואָרן אין דער דעה, אַז איך האָב פשוט הָעזה געהאַט צו מאַכן אַ קוויטל אויף אַ לעבע־דיקן פריץ און בין אים געקומען מאָנען. דער פריץ קוקט מיך אָן ווי אַ משוגענעם: „ווען האָב איך ביי דיר גענומען געלט?"—„סטייטש, ווען? זאָג איך, אָט דאָס איז דאָך דיין קוויטל, עס שטייט דאָך אינם קוויטל, קענסטו דען לייקענען, אַז דאָס איז ניט דיין חתימה?" — דער פריץ איז שרעקלעך בייז געוואָרן און האָט מיך אָנגעהויבן צו פאַטשן. איך בין געפאַלן צו דער ערד, ער האָט מיך געטרעטן מיט די פיס. קורץ, ער האָט מיך אַזוי געשלאָגן, אַז מע האָט מיך אַוועקגעטראָגן אין אַ לייַלעך. איך האָב אַכט טאָג געקרענקט און בין געשטאָרבן

דער מלאך־דומה האָט מיט מיר קיין סך קונצן ניט גע־מאַכט: דו ביסט, זאָגט ער, געווען אַ חזיר, מע האָט דיך גערופן חזיר, און דו זאָלסט פאַר דיינע זינד מגולגל ווערן אין אַ חזיר.

# אַ חזיר

איך מוז דיר זאָגן, מיין ליבער חברה־מאַן, אַז אַ חזיר איז גאָר ניט שלעכט צו זיין. דאָס ערשטע האָב איך פּרנסה בריוות, עסן איבער דעם מויל און עס האָט מיך אַ גראָשן ניט געקאָסט. איך האָב געהאַט דאָס בעסטע געלעגער, איך האָב מיך אויסגעוואַלגערט [אין] אַלע בלאָטעס. עס האָט מיך נאָר פאַרדראָסן, וואָס איך האָב געדאַרפט בעל־הלוואהווייז אַזוי האָרעווען, האָבן צו טאָן מיט מענטשן, זיך מיט זיי צו פּאָזשיווען, נאָכמאַכן פאַלשע חתימות, אַזוי, אַז מע האָט מיר אַוש די ביינער צעבראָכן, אַלעס כּדי צו באַקומען געלט, אַ כּך געלט, נאָך געלט, קערבלעך! ווי מיין ווייב פלעגט צו זאָגן, אַז אַ חזיר קען זיך גאָר אָן דעם באַגיין. וואָס קומט מיר אַרויס פון דעם אַלעמען? דאָס געלט איז געבליבן ביי מיין ווייב און איך בין געווען אַ חזיר און בין ווייטער אַ חזיר.

נאָך איין זאַך איז מיר זייער שלעכט געווען: איך האָב מיך געזאָרגט און האָב מורא געהאַט, אַז איצט וועל איך גאָר קיין תּקנה שוין ניט האָבן און וועל שוין מוזן בלייבן אויף אייביק אַ חזיר. אַז איך בין געווען אַ פערד, אַ פיש, איין אייזל, אַ פּיאַווקע, אפילו אַ הונט, בין איך אַלע מאָל געקומען צו אַ יידן אין שטוב אַריין, האָב אַמאָל געהערט אַ קדושה און בּרכו. איך ווייס פיל, איך האָב מיך אַלץ געריבן אַרום דער קדושה, ביז איך האָב געהאַט איין עליה און בין ווידער מגולגל געוואָרן אין אַ מענטשן, אין אַ יידן, כאָטש וואָס פאַר אַ יידן, איז דאָך אַ ייד! איצט אָבער אַ חזיר, ביטער איז מיין לעבן! פאַרשוואַרצט בין איך געוואָרן! קיין ייד לאָזט מיך ניט אויף די אויגן. איך וואַלגער מיך נאָר

צווישן גויים, פאַרפינסטערט בין איך געוואָרן, איך טרעט ניט איבער אַ יידישע שוועל, ווי אַזוי קען איך קומען צו איין עליה? איך האָב מיר אַפילו אַלע מעגלעכע מי געגעבן, מיך צו אַ יידן אין שטוב אַריין צו כאַפּן, אַמאָל ביי אים אַ פּאָמעניצע איבערצו־קערן, אַמאָל אַ כשר אויסגעזאַלצן שטיק פלייש אַוועקצוטראָגן, ניט איין מאָל האָב איך געכאַפּט קלעפּ מיט שטעקנס מיט קאָטשע־רעס און האָב עס מקבל באהבה געווען, אַבי אַ זכיה צו האָבן עפּעס אַ הייליק וואָרט פון אַ יידן צו הערן — מיין מי איז אָבער געווען גאָר אומזיסט. אַז דער ייד האָט נאָר מיין טרייפה פּאַרצע־רע (פּרצוף) דערזען, האָט אים אַ דונער דערשלאָגן. ער האָט גע־האַלטן אינמיטן דאַווענען, האָט ער תּיכף אויפגעהערט. „אַ חזיר איז אין שטוב! טרייבט אים אַרויס! איך קען ניט דאַווענען!" קורץ, איך האָב מיך אַרומגעדרייט אַזוי לאַנג און האָב ניט געקענט האָבן קיין עליה, ביז אַז איך בין שוין דיק און פעט געוואָרן, האָט מען מיך געשטאָכן, אָפּגעסמאַלעט און אויף שטיקער צע־האַקט. מיין פלייש און מיין שמאַלץ האָט מען אויף פאַרשידענע זאַכן פאַרניצט, פון אַ גרויסן טייל האָט מען געמאַכט קאָלבאַסעס. דאָס איז געווען מיין גליק, אַזוי ווי דו וועסט הערן.

ווי מען האָט נאָר מייַנע קאָלבאַסעס אַריינגעבראַכט אין אַ גוייִש שענקל אַריין, איז באַלד אַריינגעקומען אַ משוגענער ייד און האָט זיך געהייסן געבן אַ קאָלבאַס. ער האָט אָנגעטון דאָס היטל און האָט גאַנץ ערנסט אַ ברכה געמאַכט און האָט געשמאַק געגעסן.

ביי די ווערטער האָב איך מיך אָנגערופן צו דער נשמה:

— אַקעגן וואָס דערציילסטו מיר אַ מעשה פון אַ משוגענעם? דו מיינסט, אַז איך בין אַ פּראָסטער חברה־שמש, ווייס איך גאָרניט, אַז [עס] געפינען זיך אויך קלאָרע יידן, וואָס כאַפּן שטילערהייט אַ קאָלבאַס? —

— יאָ, זאָגט די נשמה, דו ביסט גערעכט, עס איז אַפילו דאָ אַזעלכע, וואָס עסן גאָר עפנטלעך קאָלבאַסעס, און דווקא קלאָרע, נאָר אַ קלאָרער, וואָס עסט קאָלבאַסעס, מאַכט דאָך אָבער קיין ברכה ניט און מיין גאַנץ גליק איז דאָך נאָר געווען די ברכה,

וואָרעם תיכּף ווי דער ייד האָט אַ ברכה געמאַכט, האָב איך באַלד־
איין עליה געהאַט און בין מגולגל געוואָרן אין אַ כּשרן יידן, אין
אַ פּאָדראַטשיקל, וואָס גייט אויף טאָרגעס. ניט עפּעס אַ געשעפט־
צונעמען — נאָר צו נעמען אָ פּ ט ר ע ט-געלט, און טאַקע דעריבער־
איז דער חזיר אין אים מגולגל געוואָרן.

# אַ פּאָדראַטשיק

ווי איך בין געוואָרן אַ פּאָדראַטשיק, האָב איך אָנגעהויבן פאַרשוואַרצט צו ווערן גאָר אויף איין אַנדער אופן. שטעל דיר פאָר אַ מענטשן, וואָס האָרעוועט טאָג און נאַכט ניט פון זיינעט־וועגן, ניט אויף ווייב און קינדער, נאָר אַוועקצוגעבן כאַבאַרניקעס און באַצאָלן אויף סטאַנציעס. — איך קען ניט זאָגן, איך האָב אפילו געגעסן און געטרונקען, פאָרטער האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, נאָר עס איז מיר ניט באַקומען, ווייל פון דער היים האָב איך תּמיד געהאַט פינסטערע בריוו, אַז מיין ווייב האָט ניט אויף ברויט. געלט צו שיקן האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט, ווייל דאָס ערשטע בעסטע געלט האָב איך געמוזט צעטיילן קליינע כאַבאַר־ניקעס, און דאָס איבעריקע — דער באַלעבאָסטע פאַר עסן און דעם שענקער פאַר טרינקען. אַהיים צו שיקן איז קיינמאָל ניט געבליבן. אַליין בין איך אַרומגעלאָפן פון איין גובערסקי שטאָט אין דער אַנדערער אויף טאָרגעס און דווקא מיט פּאָטשט — ווי קען אַ פּאָדראַטשיק פאָרן אָן אַ גלאָק, חלילה? הוצאה איז געווען תּמיד מער ווי הכנסה און אין חובות האָב איך געשטעקט איבערן קאָפּ. וואָלט איך געווען געגומען אַ געשעפט מיט באַרעכענונג, מיט איבערלייגונג, אַזויפיל דאַרף מיך קאָסטן, אַזויפיל דאַרף איך פאַרדינען, און וועדליג דעם באַרעכענען די הוצאה, וואָלט איך תּמיד געקענט האָבן ערלעך מיין שטיקל ברויט און ווייב און קינדער מפרנס צו זיין; איך האָב אָבער קיין מאָל ניט באַרעכנט. וואָס האָב איך געזאָלט רעכענען? איך האָב דען געשעפטן גע־האַט? איך האָב דען אַמאָל זיך איבערגעלייגט, וואָס איך האָב אָנ־גענומען? איך האָב געהאַט קאָנטריעקטן, שטעלן איז זייער עסק געווען. עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָב איך געגעבן אַ גרעסערן מקח ווי איך האָב אַליין גענומען. אַי־וואָס? וואו נעמט מען צו

צאָלן? מוז מען שטערכען, ווידער אַ ניי עסקל, אַ נייע זאַדאַטעטש־נע סומע, נעם דאָ און לאַטע דאָרט — שלימזל, דריי זיך! האָט זיך דאָס שלימזל אַ מאָל געשטעלט און איך האָב ניט געהאַט צו צאָלן אָדער צו שטעלן, בין איך נעלם געוואָרן. דער טלומיק איז געבליבן פאַר אַ סימן ביי דער באַלעבאָסטע און איך האָב געמאַכט אַ פליטה. מע האָט מיך אַפילו ניט נייטיק געדאַרפט, וואָרעם דער זאַלאָגאָדאַטעל האָט געמוזט ענטפערן אָדער דער זאַלאָג איז פאַר־פאַלן געוואָרן. —

אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק צוריק האָט איינער געמאַכט אַ ליד, עס האָט געהייסן „דאָס ביסעלע מינץ", דרינען האָט ער געשילדערט אַלערליי מענטשן, ווי איטלעכער זוכט זיך המצאות דאָס ביסל מינץ צו באַקומען, צווישן אַנדערע האָט ער דעם פאָד־ראַטשיק אויך ניט פאַרגעסן. ווי עס האָט אפנים, האָט ער מיך אין אויג געהאַט, וואָרעם איך האָב מיך דאָרטן אָפגעשפיגלט אַזוי ווי אין אַ שפיגל און בין אויף דעם שרייבער זייער בייז געוועזן. איך האָב זיין ליד אַזוי פיל מאָל געלעזן, בעזאָנדערס, וואו עס האַנדלט [זיך] פונם פאָדראַטשיק, אַז איך געדענק נאָך איצט אַ סך סטראָפן אויסנווייניק. הער־צו, איך וועל עס דיר זינגען, אין איין וועגס ווערסטו הערן ווי אַ נשמה זינגט.

די נשמה האָט זיך אַ ביסל אויסגעהוסט, כדי דאָס קול זאָל גיין גוט, און האָט אָנגעהויבן צו זינגען:

דער פּאָדראַטשיק לעבט ווי אַ גרויסער האַר,
און זשאַלעוועט ניט קיין געלט;
אַ גאַנצן טאָג זידט דער סאַמאָוואַר,
ער מאַכט טיי פאַר דער גאַנצער וועלט:
עס שטעקט דרינען אַ גרויסער קינץ,
ווי אַזוי צו פּאַצאַפּען דאָס ביסעלע מינץ.

ער זעצט זיך אויף דער דראָשקע ברייט,
אָנגעשפּאַרט מיט דעם ריקן;
די הענט פאָדבאָקאָם, די פיס צעשפּרייט,
און ווייזט דער וועלט זיינע גליקן:

פאַרדראָדן צו נעמען איז אַ גרויס קינץ,
אַ זאָדאָטעטשנע כומע — אַ שיין ביסל מינץ!

דער באַלעבאָס אויף דער סטאַנציע גיט אויף באָרג
געבראָטנס מיט קאָטלעטן;
נאָר דאָס איז תמיד זיין גאַנצע זאָרג,
ווי באַקומט מען אַ זאַלאָג אַ פעטן:
אָן דעם קען מען ניט מאַכן די קינץ,
נישטאָ קיין זאַלאָג, נישטאָ דאָס ביסל מינץ.

צי האָט ער פערד, צי האָט ער ניט,
אַ גלאָק מוז ער האָבן;
אַ קעמל, אַ בערשטל פירט ער מיט,
און אַ ביינדל די צונג צו שאָבן.
דעם אָנשטעל דאַרף מען אויך צו דער קינץ,
צו כאַפּן אויף קרעדיט אַ ביסעלע מינץ.

ביי דער טואַלעט איז ער אַ בריה
אַ שעה אויפן זייגער צו זיצן;
פערפומען, פאָמאַדע, אַ גאַנצע גאַלאַנטעריע,
און אַ שערל די באָרד צו פיצן,
און שוואַרצן די האָר — די שוואַרצע קינץ,
דאָס קאָסט אַלצדינג אַ היבש ביסעלע מינץ.

אין דער היים קען ער ניט בלייבן,
נאָר ארומפאָרן.
דאָס ווייב קומט ער אָפּ מיט בריוו שרייבן,
און פאַרלעבט ביי באַלעבאָסטעס די יאָרן.
וואָס ער פאַרדינט מיט המצאות, מיט קינץ —
ביי דער באַלעבאָסטע בלייבט דאָס ביסעלע מינץ.

דאָס ווייב זיצט אין שכנות אין שולגאַס,
און פאַרזעצט אויף שבת דאָס ברוסט־טוך שפּאַניער;

ביי אים שטייט פּאָרטער אַ גאַנצע פאַס,
און פופציק בוטל שאַמפּאַניער;
נאָ, איז עס ניט אַ גרויסער קינץ,
אַזוי אויסצוברענגען דאָס ביסעלע מינץ?

אויסצוברענגען ניט אויף ווייב און קינדער,
ניט אויף קיין אָרעמע קרובים;
אַליין צו זיצן אין דער פרעמד, באַזינדער,
נאָר אַמאָל אַהיים צו קומען אויף ימים־טובים.
איז דאָס ניט אַ נאַרישע קינץ,
אַזוי אויסצוברענגען דאָס ביסעלע מינץ?

אויסצוברענגען אויף פאָרן אויף דראָשקעס,
אויף קעסטלעך ציגאַרן, פּאַפּיראָסן,
אויסצוברענגען אויף פילן, אויף פּראָשקעס,
אויף .... איך וואָלט מיר גערן דאָס מויל פאַרשלאָסן!
נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו זיין קינץ,
ווי אַזוי ער באַקומט דאָס ביסל מינץ.

אַ סטראָיעניע איז ביי אים אַ געשעפט,
אַז ער האָט נאָר געצייכנט אויף אַ טאָוול;
ער סטראָיעט אַ בעטהויז, אַ לאַזאַרעט,
אַפילו דעם טורעם פון בָבל —
אָן שטיינער, אָן וואַפנע, אָט דאָס איז אַ קינץ!
און באַקומט דערפאַר דאָס ביסעלע מינץ.

הייבט דער סמאַטריטעל אָן צו שרייען:
עס האָט זיך געקאָנטשעט דער סראָק,
מוז דער זאַלאָגאָדאַטעל אָטוויעטשאַיען,
און דער פּאָדראַטשיק אַנטלויפט מיטן גלאָק.
ער לויפט ווידער אויף אַ טאָרג, מאַכט ווידער אַ קינץ,
און באַקומט אַ זאַדאַטשנע, אַ פרישע ביסל מינץ.

עס רוישט אים אין די אויערן פון אַ גלאָק דאָס געקלינג.
סיי ווען ער שלאָפט, סיי ווען ער וואַכט.
פּראָשעניע, פּאָניושעניע, לינט אים אויף דער צינג,
פּראָסטאַוקע, פּראָבאַווקע חלומט זיך אים בייננאַכט.
אַ שיכור שרייבערל מאַכט אים וואָלוול די קינץ,
דער איז אויף פּאָסטשגעלט עטלעכע קאָפּיקעס מינץ.

עס קומט איין אָרעמאַן, דאָס בערדל געפּיצט,
אין אַ גובערנסקי שטאָט צו פאָרן:
מיט אַ לעדערן קישן, שוין אָפּגעניצט,
און מיט אַ קאָבריצל פון אַלטע יאָרן.
ער נעמט אָפּ סטאַנציע, דאָס איז קיין קינץ,
און האָט ניט אין קעשענע אַ קאָפּיקע מינץ.

ער צעפּאַקט אַ טלומיק, פול מיט שטיוול,
שוואַרץ און רויט און בלאָ און גרין;
צעלייגט אויפן טיש — טיי אַ פּריוול,
און אַ פּעקל אַמעריקאַנסקי טיטין.
טוט אַ שמועס מיט דער באַלעבאָסטע מיט חן, מיט קינץ,
און לייעט ביי איר דערווייל עטלעכע רובל מינץ.

ער ווייזט איר זיין שקאַטולקע, זי איז איבערגעצויגן מיט מוך
און האָט דריי בלאַטשלעסער.
אינווייניק — נאָ, אינווייניק ליגט אַ רוח —
נאָ, דאַרף מען אים באַוואָרענען בעסער?
ער האָט פאַרלוירן די שליסל — דאָ העלפט קיין קינץ,
די באַלעבאָסטע מוז דערווייל געבן דאָס ביסעלע מינץ.

אַבי ער האָט זיך נאָר אַריינגענאַרט,
עסט ער שוין אויף באָרג;
ער זיצט עטלעכע וואָכן און וואַרט,
ביז עס יאַוועט זיך אַ טאָרג.
אָט דאָ לויפט ער און מאַכט די קינץ,
כאַפּט אָפּטרעט-געלט אַ ביסעלע מינץ.

אַ פּאַטשט, אַ טאַקסע, אַ קאַזיאָנע וואַלד,
אַלץ איז פֿאַר אים אַ סחורה,
אַט מאַכט ער קאַליע דעם מקח באַלד,
אַלע האָבן פֿאַר אים מורא.
אַבי ער פֿאַרשטייט נאָר גוט זיין קינץ,
האָט ער קיין דאגה ניט מיטן ביסעלע מינץ.

דאָס לידל איז מיר גוט אין דער נאָז אַריין. איך בין אַפילו דעם מחבר געוואָרן אַ שונא, ווייל עס האָט אויף מיר זייער געפּאַסט, כאָטש עס קען זיין, אַז ער האָט מיך גאָרניט אין זינען געהאַט. די וואָס שרייבן האָבן שוין אַזאַ גליק, אַז ווער עס פֿילט זיך געטראָפֿן, איז אויף זיי שטאַרק בייז, אָפּטמאָל גאָר אומזיסט. נאָר פֿונדעסטוועגן איז מיר דאָס לידל צוניץ געקומען. פֿון די לעצטע ווערטער האָב איך געלערנט אַ המצאה, גאָר קיין פּאָדראַד ניט צו נעמען, און פּאָרט אַ פּאָדראַטשיק צו זיין. דאָס מיטל איז מיר געפֿעלן, היינו צו גיין אויף טאָרגעס נאָר קלאָמערשט סטראַשען, און דערפֿאַר נעמען אָפּטרעט־געלט. דאָס איז ניט קיין שלעכטער משא־ומתן דאַכט זיך, מע לייגט ניט אַריין און מע נעמט אַרויס! איך האָב מיך אַ לאַנגע צייט אַזוי געפּירט, ביז איך האָב צווישן די פּאָדראַטשיקעס זוכה געווען צום נאָמען אָפּטרעט.

נאָר העלפֿט עפּעס מלאָכות, אַז עס איז באַשערט אײן אָרעמאַן צו זיין? די סטאַנציעס, די קאָרטן און דאָסגלייכן זענען דילי־דל! — איך האָב מיך אַרומגעוואַלגערט אין דער פֿרעמד אַזוי לאַנג, ביז איך האָב באַקומען אַ פֿעלער, וואָס מע רופֿט אַ מיאוסע נאָז, און בין אַהיים געפֿאָרן צום ווייב; דאָ בין איך פּשוט פֿאַר הונגער געשטאָרבן און מע האָט מיר געמאַכט אַ נדבה אויף תכריכים. דאָס איבעריקע ווייסטו שוין אַליין, דו האָסט דאָך מיר מיין רעכט געטון.

מיר דאַכט זיך, איך בין שוין מייגס אָפּגעקומען און וועל שוין מער ניט מגולגל ווערן. איך האָב מיך, גלויב מיר, פּאָדראַטשיקוויז אָנגעמוטשעט, אַז אַפילו חיבוט־הקבר האָט מען מיר אויך שוין געשענקט. דו זעסט דאָך אַליין, אַז איידער דו האָסט אויס־

פעיעס אַ פּאָר טרונק בראָנפן צו טון, בין איך שוין אַרויס פונם מלאך־דומהס הענט און בין שוין דאָ. מן הסתם האָט מען מיר שוין אַלעס מוחל געווען און איך וועל באַלד זיין אין גן־עדן. איך וואָלט שוין זייער גערן דאָרט געווען, ווייל איך בין געשטאָרבן זייער הונגעריק, דאָרט וועל איך האָבן צו עסן און צו טרינקען. נאָר עס קאָן דאָך זיין, אַז איך האָב גאָר אַ טעות, אפשר איז דאָס גאָר נאָר אויך איין המצאה פונם מלאך־דומה, מיך קלאָמערשט אַהיים צו לאָזן און דערנאָך מיך ווידער אַ כאַפּ צו טון און עפּעס אין אַ נייעם גלגול אַריינצוווּרקן — אויב דאָס איז אַזוי, זאָג איך דיר צו, זיך נאָך יאַווען צו דיינע אייניקלעך נאָך אַ סך יאָרן און זיי צו דערציילן, וואָס וועט ווייטער מיט מיר פּאַסירן. לעת־עתה האָט די מעשה איין עק, און דו גיי אַהיים און שרייב אַלעס אויף אַזוי ווי איך האָב דיר דערציילט, כּדי אַלע מענטשן זאָלן עס לעזן, טאָמער וועט זיך עמעצער אַ מוסר אַרויסנעמען, טאָמער וועט זיך אָנשפּיגלען אַ חסידל, וואָס מאַכט דעם רבין ניגונים, אַ חזן, וואָס מאַכט פון אַ מקום־קדוש אַ קרעטשמע, אַ בעל־טאַקסע, וואָס באַראַבעוועט אָרימעלייט, אַ קריטיקער, אַ דאָקטאָר, אַ בעל־הלוואה, אַ פּאָדראַטשיק, וואָס פירן זיך שלעכט אויף, טאָמער וועלן זיי זיך אַרומקוקן, אַז זיי גייען אין אַ שלעכטן וועג און וועלן זיך בעסערן — וועלן מיר ביידע אַ גרויסע מצווה האָבן און דער זכות וועט אונז ביישטיין, דיר אויף דער וועלט, און מיר אויף יענער וועלט, און אויף דער ערד וועלן אויך ווייניקער זיין גלגולים. —

צווישן גאָטלאָבערס לידער געפינט זיך אויך אַ ליד, געדרוקט אין וואַרשעווער „יודישען קאַלענדאַר", מיטן נאָמען אַ „מוסר-ליד", וואָס האָט ניט געקענט אַריינקומען אין דעם טעקסט.

## אַ מוסר-ליד.

גלייבט מיר כ'לעבן,
אַז דאָס לעבן
פליט געשווינט און גיך אַוועק;
זיבעציק יאָר
וואָס זענען גאָר,
אַכציק האָבן אויך אַן עק;
און מע נעמט ניט
פון דער וועלט מיט
ניט קיין כבוד, ניט קיין געלט.
זיך באַקלערן,
בעסער ווערן
איז דאָס בעססע אויף דער וועלט.

מאַכט ניט, ברידער,
קיין גערידער,
פליט ניט, לויפט ניט, יאָגט ניט נאָך דעם גליק;
וואָס טויג עס דען אייך,
אַז מע איז שוין גאָר רייך,
מוז מען לאָזן וואָס מע האָט צוריק;
ווייל מען נעמט ניט מיט
פון דער וועלט מיט אאַז"וו.

און דו, וואָס לערנסט
זייער ערנסט,
ביסט שוין טאַקע אויפגעקלערט,
זאָלסטו וויסן,
אַז אָן געוויסן
האָט די חכמה אויך קיין ווערט,
ווייל מע נעמט ניט מיט,
פון דער וועלט מיט אַאַז״וו.

וואָס קומט אַרויס,
אַז מע לערנט אויס
ספרים, ביכער, חכמות אַלערליי
און צווישן לייט
אין אַ קורצער צייט
מאַכט מען אַ געפילדער, אַ געשריי?
אַז מע נעמט ניט
פון דער וועלט מיט
ניט קיין כּבוד, ניט קיין געלט.
זיך באַקלערן,
בעסער ווערן
איז דאָס בעסטע אויף דער וועלט.

„דער ווארשאווער יודישער
קאלענדער", תרנ״א.

*

וועגן אַלע דאַטעס פון די לידער — זע ב. I א. ב. גאָטלאָ־
בער און זיין עפּאָכע, ז״ז 176 — 177, 305 — 307.

*

דאָס ליד „די גזרה דייטשן" ווערט ביי גאָטלאָבערן אַ פּאָר
מאָל אָנגערופן „גזירה דייטש". זע דעם מאַטעריאַל, וואָס גאָטלאָ־
בער ברענגט מכּוח דעם, ב. I, ז. 306. פון דעם דאָזיקן ליד האָט
גאָטלאָבער פּובליקירט בלויז אַ פראַגמענט.

*

דאָס ליד „דאָס ביסעלע מינץ“ האָט ער געשריבן וואָר־ שיינלעך אין די 40־קער יאָרן, אַן ערך, 1845—1846, ווייל אין „דעם גלגול“ שרייבט ער: „פאַר אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק צוריק האָט איינער געמאַכט אַ ליד „דאָס ביסעלע מינץ“, און אַזוי ווי דער ערשטער אָפדרוק פון „גלגול“ איז געווען אין „קול מבשר“ 1871—שטימט עס מער־ווייניקער מיט דער דאַטע.

*

וועגן „דעם דעקטוך“—זע ב. I, ז״ז: 307—310. דאָ איז אינ־ טערעסאַנט צו ברענגען דעם אָריגינאַל פון דעם אַנאָנס וועגן דעם „מעשה־דעקטוך“, „הבוקר אור“ תרל״ו, 1876, ביכל 2, 3:

„הנני מודיע בקהל הקוראים שספר „דער דעקטוך“ אָדער „צווייא חופות איז איין נאכט“ בלשון יהודית־אשכנזית, שנדפס בוואַרשא ע״י יאזעף ווערבליינסקיא בדפוס נ. ד. זיסבערג, ל י ה ו א, אני חברתיו זה יותר משלשים שנה, וזה דבר ידוע ומפורסם לכל יושבי ארצנו הקוראים בספרים וָאָעיד לי עֵדים למאות כאשר אבא במשפט עם העושים עָוֶל ביד רמה ואי״ה בקרוב אשקוד על דברי לעשותם והמה עונם ישָאו, כי עוון פלילי הוא, כל עושיו יאשמו“.

*

„דער סיים“.

„דער סיים“ האָט געהאַט צוויי רעדאַקציעס: דעם ערשטן מאַנוסקריפּט האָט ביי גאָטלאָבערן איינער אויסגענאַרט און ער איז פאַרלאָרן געוואָרן; דעם צווייטן מאַנוסקריפּט האָט גאָטלאָבער אויסגעבעסערט און אָפּגעדרוקט*). אַ זייער אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל

* מיר האַלטן פאַר כאַראַקטעריסטיש צו ברענגען די פאָלגנדיקע רעצענזיע אויף „דעם סיים“ פון גאָטלאָבערס בן־דור א. צעדערבוים, איינע פון די ערשטע רעצענזיעס אין דער יידישער ליטעראַטור בכלל, וועלכע איז געדרוקט אין „קול מבשר“ 1869, נומ׳ 23, ז׳ 155, א״נ „יודישע ביבליאָגראַפיע“:

„דער סעים פון דיא חיות“ (צו אונזער באדויערן, איז בייא אונז אונטער דער האנד פערשווינדען געוואָרען דאָס ביכעל, וואָס דער מחבר האָט אונז געגעבען, דאריבער אורטהיילען מיר פין דעם איינדרוק, וואָס עס האָט אויף אונז געמאכט ביים לעזען אונ

וועגן דעם, ווי אויך וועגן דעם ליד „דאָס שטריימל מיטן קאַפּע־לוש", וואָס איז לסוף פֿאַרפֿאַלן געוואָרן (זע וועגן דער געשיכטע פון דעם ליד „דאָס שטריימל מיטן קאַפּעלוש" ב. I, ז. 306—307) געפינען מיר אין דעם אַנאָנס: „קול מבשר", 1869, נומ. 4, ז. 31.

„אני הח"מ בין מודיע אללע מדפיסים, אז ווען עס וועט זיא עמיצער ברענגען צו דריקען עטוואס פין מיינע יודישע ווערקע געשריבען אינ'ם זשארגאָן, זאָללען זייא ניט דריקען סיידען יענער וועט האָבען צו ווייזען כָּתוב וחָתום פין מיר מיט מיין חתימה. איך

---

קאָפּירען דען טיטעל.—אר ז.). דאָס איז א גרויס געדיכט (א גאנץ ביכעל) פון ה' א. ב. גאָטלאָבער, געדריקט אין דעם יאָהר אין זיטאָמיר. דאָ ווירד געשילדערט, ויא דיא חיות קומען זיך צונאויף אין וואלד וועהלען א מלך, איטליכע חיה שטיפּט זיך צו דעם עהרענאמט, רעדט זיך איין אלליין אינ וויללדעם גאנצען עולם איינרעדען, אז נאָר זיא איז פעהיג, זיא איז דער מיוחס, זיא פערדיענט געוועהלט צו זיין. דאָס איז א סאטירישע פאָרשטעלונג, אין וועלכער עס קענגען זיך אָנשפּיעגלען פיעל יודישע אסיפות, וויא איטליכער סטאריט זיך צו ווערין גבאי, גלאסנע, ראָטהמאנן, סטאראָסטא וכדומה אנדערע יודישע התמנות'ן, יעדער מיינט, קיין העכערס אין יוחס אונ בעססערס אין חכמה איז גאָר ניט דאָ אין דער גאנצער שטאָדט. נאָר אין דיא רעד אלליין, וויא יעדער רעכענט אויס זיינע מעלות, קוממט ארויס זיך אלליין חוזק אונ שילדערט אללע זיינע חסרונות. יעדע חיה ריהמט זיך מיט דעם, וואָס זיא ניצט אים יודישען לעבען, דערווייל ווירד דאָ פאָרגעשטעלט אללע שטותים אונ פעהלער אין דיא יודישע זיסטען פערקליידעט קלאָמערשט אין מעלות. עס איז באמת א מייסטערשטיק, זעהר גייסטרייך, וויטציג, סאטיריש אונ בעלעהרענד פאר דעם פאָלק. אפילו דער סוף גיט אויך א גוטען פיק אונ ווייזט, אז נאָך אללעם זענין דיא חיות פאָרט קלוגער פין דיא מענשען. בייא יודען קוממט דאָך טאקי אויס על־פי־רוב חאָטש מען קענן אללע פעהלער פין דיא שטאָדט־טהוערס, פין דעסטוועגען קומי־מען זייא שטענדיג ארויס בייא דיא וויבאָריס פין אויבען, אונ בייא חיות האָט מען אלע אָבגעפארטיגט אונ מען איז געבליבען ביים לייב, וואָס איז אָנגענוממען פאר דעם שטארקסטען, קלוגסטען אונ שאנסטען אונטער דיא חיות, ער ווייסט זיך א טאָן אָנצוגעבען אונ פערשטעהט צו רעגיערען, צו בעשיטצען זיין עולם.

דער מחבר אונ דאָס געדיכט דארפען אייגענטליך קיין הסכמה, ה' גאָטט־לאָבער איז שוין מעהר פין 30 יאָהר בעקאננט פאר א גרויסען דיכטער אים העברעאישען (דורך זיינע ווערקע, וואָס ער האָט שוין פיעלע געדריקט, גע־דיכטע אונ געלעהרטע ספרים), אויך אלס פאלקסדיכטער אים זשארגאָן. זיינע ליעדער זינגט מען פין לאנג אין גאנץ פוילען אונ דעם סעים האָבען פיעל אָב־

בין געצוואונגען צו מאַכען דיא מסירת מודעה, ווייל בזמן הזה
דריקט מען זעהר פיעל אינ׳ם זשאַרגאָן — אונ מיינע ווערקע גע-
פינגען זיך בכתיבת יד ביי פיעל מענשען, בעזאָנדערס מאך איך
זייא אויפמערקזאַם אויף צווייא שירים: א) דער סעים אָדער דיא
אסיפה פון ד״א חיות, ב) דאָס שטריימ׳ל מיט דעם קאַפּיליש,
ווייל דיעזע איידע [ביידע] האָט איינער בייא מיר גענוממען אונ
איידער ער האָט מיר פאר זייע געצאָהלט בשלמות איז ער נעלם
געוואָרין, און כפי הנשמע וויל ער זייא דריקען ניט כפי התנאים,
וואָס מיר האָבען געהאט, איך האָב איהם ניט געגעבען קיין שום

---

געשריעבען (דער מחבר האַט איהם פאר דעם דריקען פיעל בעארבייטעט, פער-
מעהרט אונ פערבעססערט). נאָר אין יענער צייט איז דעם מחבר ניט אַנגעשטאַנ-
נען צו דריקען זיינע ליעדער אונ געדיכטע, אלס העברעאישער מחבר פליצים
אראַבפאלען אויף פראַסט יודיש. ביז דער זשארגאַן איז אויפגערעכט געוואָרין
דורך א גאזעטע, דעמאָלט האַבען זיך פיעלע ערשט אומגעקוקט, אז מיט דעם
לשון קענן מען פיעל ווירקען, אונ דיא וועלט, אויך ה׳ גאָטטלאָבער, זענין
אויפמערקזאם געוואָרין, וואָס פאר א ווירקונג זיינע יודישע ליעדער האַבען אויף
דער אויסבילדונג פינ׳ם פאָלק אונ ווייבער. דאָס האָט שוין בעמערקט איינער
פין אונזערע קאָרעספאָנדענטען (מיר ערא‎ינערען זיך ניט, אין וועלכען נומער).
דיא אורזאכע, פארוואָס ה׳ גאָטטלאָבערס ליעדער אונ געדיכטע האָבען אזוי נושא
חן געוועזען ביים פאָלק אונ האָבען געווירקט, איז גאנץ איינפאך — ווייל זיי
זענין בגנוממען פינ׳ם יודישען לעבען, עס ליעגט אין זייא פיקאנטער וויטץ
אים יודישען געשמאק. איטליכען, דאכט זיך, ער דערקעננט די קאראקטערע,
וואָס זענין דאָ געשילדערט. דיא שפראכע איז ריין יודיש, אונ דיא גראממצן
קלינגען זעהר שֵׁין. ה׳ גאָטטלאָבער האָט דאָס פערדיענ(ס)ט אין רוסלאנד כמעט
דער ערסטע, וועניגסטנס דער פּאָפּולערסטע יודישער דיכטער צו זיין. אָן איהם
האָבען זיך ע״שס אנדערע מקנא געוועזען אונ גענוממען שרייבען. בעזאָנדערס
מוזען מיר ריהמען זיין סאטיריש געדיכט „דער בידנע ישראליק״, וואָס פערדיענט
אין איין אייראָפּעאישער שפראכע איבערגעזעסטצט צו ווערין, דאָך וועט עס אין
קיין שפראכע האָבען דעם טעם, וויא אים יודישען. עס וואָלט א יושר גענוזען
מען זאָלל עס דריקען אונ מיר גלויבען, אז היינטיגע צייטען דאַרף מען ביים
דריקען אויך שוויעריגקייטען ניט מאכען.—אים אינטערעססע דער פאָלקסבילדונג
עמפּפעהלען מיר דעם „סעים״ אונ ווינשען עס זאָללען דיא געדריקטע עקזעמפּלא-
רע אין גיכען פערקויפט ווערין, דאָס וואָללט אויפגעמונטערט דעם מחבר זיינע
איבריגע געדיכטע אונ ליעדער ארויסצוגעבען, אויך נייע צו פערפאססען אונ צו
דריקען. אזעלכע אנציהענדע ביכליך ציפּפּען דעם פאָלק דיא אויגען״.

כוח הרשאה דערויף. ע"כ הנני מזהיר ומבקש זייא ניט צו דריקען, כפי עס איז ג"כ פערבאָטען מדינא דמלכותא אונ עס קומט דער־פאר אַ גרויסער עונש.

א. ב. גאָטטלאָבער.

גם הנני מודיע, אַז דיא אסיפה פֿין דיא חיות דריק איך אלליין בימים האלה בזיטאָמיר".

דער העברעיִשער טעקסט פון דער מודעה („המליץ", 1869, ז, 48): „זה שני שבועות בא אלי איש אחד ויבקש לקנות שני שירים בלשון יהודית־אשכנזית (זשארגאָן), היינו א) דער סעים, אָדער דיא גרויסע אסיפה אין וואלד, אז דיא חיות האָבען אויסגעקליבען דעם לייב פאר א מלך; ב) דאָס שטריימיל מיט דעם קאפּילאָש, בתנאי שידפיסו מהם באלפים עקזעמפּלארין ודווקא בזיטאָמיר. ובטרם שלם לי כל המחיר כפי שהתנאתי, לקח השירים בלי ידיעתי והלך לו ולא שב ועתה נודע לי שנסע מזה ובדעתו להדפיסם במקום אחר. לכן הנני מודיע לכל המדפיסים שאין בידו שום כוח והרשאה ממני על זה ולא יָהין שום מדפיס להדפיס אותם, כי שלי הם, והנני מדפיס אותם בימים ההם בזי־טאָמיר וגם שמתי על הסעים נוספות ובטוח אני מהמדפיסים שלא ישלחו בעולתה ידם ולא יעברו על חוק המלך, כי בידוע שיש על זה עונש גדול בדינא דמלכותא".

*

גאָטלאָבערס אַ זאַך מיטן נאָמען „אַ נייע המצאה" האָט זיך אויך געדרוקט אין „קול מבשר", 1869, נומ' 19. צום באַדויערן, קענען מיר ניט באַשטימען, פון וואָס פאַר אַ כאַראַקטער דאָס איז, צי אַ ליד צי אַ פּראָזאַיִשע זאַך, אָדער אַן אַרטיקל, ווייל די זאַך גופא איז אויסגעריסן אין דעם עקזעמפּלאַר, וואָס מיר באַזיצן; זי איז בלויז פאַרצייכנט אין דעם אינהאַלט.

*

הגם אין אונזער „אַריינפיר" האָבן מיר באַמערקט, אַז בנוגע דעם טעקסט פון אַלע גאָטלאָבערס ווערק האָבן מיר אַלץ געלאָזן

אין זיין אורגעשטאַלט, ווילן מיר דאָ, כדי עס זאָל ניט קומען צו קיין טעות, די דאָזיקע ווערטער אַ ביסל דערקלערן:

מיר האָבן פון קיין זאַך גאָטלאָבערס ניט געהאַט פאַר זיך קיין מאַנוסקריפּט, בלויז געדרוקטע קאָפּיעס. האָבן מיר דעריבער ניט געהאַט די מעגלעכקייט פעסטצושטעלן גאָטלאָבערס אָריגינאַל, אַלע דיאַלעקטישע אייגנטימלעכקייטן זיינע וכדומה; מיר האָבן דעריבער אַליין ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן לויט דעם אָריגינאַל אַלע פעלערן, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין דרוק, דער־הויפּט איז עס געזאָגט געוואָרן בנוגע דעם „דעקטוך", וואָס איז אָנגעפּיקעוועט מיט גרייזן. מיר האָבן בלויז געקענט פאַרריכטן די בולטע דרוקפעלערן, אָבער ניט מער. אין די לידער האָבן מיר, נעמענדיק אין אַכט די אייגנטימלעכקייט פון דער וואָלינער הברה, טיילמאָל צוגעפּאַסט זי צו דעם גראַם; אַ שטייגער גאָטלאָבער וואָלט קיינמאָל ניט געגראַמט „אַ סך" מיט „טייך", ווען על־פּי דער וואָלינער אויסשפּראַך וואָלט ניט אויסקומען: „סאַך"; אָדער „רייזועלע" מיט „גרעזועלע" — ווען „גרעזועלע" וואָלט זיך ניט אויסגערעדט ווי „גרעזעלע" וכדומה, ווי די ליטווישע יידן וואָלטן עס בשום אופן ניט געגראַמט.

# ווערטער־זוכצעטל

## א.

אדון עולם וועט שוין לעמל בלויז ניט דאַרפן זאָגן — ס'וועט שוין זיין אויס יום־טוב, אויס חתונה.

אהבָה־רַבָּה־שטייגער — אַ ספּעציעלער גאַנג אין חַזָנות אין זינגען דעם „אהבה רבה".

איועקלאַטכען — אוועקגנבענען.

אוספּיעט — באַוויזן.

אויסגעשטעלק — ?

אָטוויעטשאַיען — ענטפערן, פאַראַנטוואָרטלעך זיין.

אָטקופּן — אָרענדעס פון פאַרשיידענע מאָנאָפּאָל־אַרטיקלען.

איבערגעהאַרט — איבערגעוואַרט.

אַכאָטע — חֵשק.

אַלט־קאָסנעסין — אַלט־קאָנסטאַנטין.

אָנגעבאָרעט — זיך אַ סך געראַנגלט.

אָפּיר = אופירז

אַרויסגעפּעלשעפּעט — אַרויסגעשטעקט.

אָרזשען — הירזשען.

## ב.

באַסניאַזלאָוו — משָלים־שרייבער.

באַקומען — איינגעגאַנגען.

בלאַזנען — נאַריש מאַכן זיך.

באָקאָם אַרויסגיין — אויסק ענקען

בראַ — ברייע.

## ג.

גָאוֹן — דער ווילנער גָאוֹן.

גאָראַלניע — בראַנפן־ברענעריי.

גובערסקי שטאָט — גובערניאַלע שטאָט.

גוט בעטן — גוט אויסבעטן זיך, צו־גרייטן זיך אַ גוט אָרט אין גן־עדן.

גיין אַ טערק — זינגען אויפן טערקישן שטייגער.

גלגול שֶלָג — קייקלען זיך אין שניי; אַזאַ מין תשובה, וואָס מען נעמט אויף זיך, כדי אָפּצוקומען.

געדולט — געדרייס אַ מוח.

געלאָוט לויפן — געלאָזט פאַרציען, אָפּציען, פאַרשלעפּן.

געניוכעט — געשמעקט, געשנאַפּט, געזוכט.

געשלידער — הילוך.

גריישלעך — געדערים, קישקעס.

## ד.

דאַי פּיעניענדזע — גיב געלט.

דאַמאַשקענע יופּע — אַ קלייד פון אַזאַ מין זייד.

**דאָנאָסטשיקעס** — מָוסרים.

**דוך** — הויך, אטעם.

**דיעלעס** — ענינים, משפטים, פראצעסן.

**דילי־דל—בדיל־הדל**—שטעלן בדלות, מאכן פאר אן ארעמאן.

**דעכויערס ביאור** — די דייטשע איבערזעצונג מיט דעם קאָמענטאר פון משה מענדעלסאן אויף תנך.

**דעּנישקע** — א פארצייטיקע רוסישע מטבע (א האלבער גראשן).

**דעפּוזיטן** — דעפּאזיטן, פיקדונות.

**דערקוטשען** — דערעסן, אריינקריכן אין די ביינער.

**דריגע** — א צאפּל, א ווארף, א בריקע.

**דראבּעס** — שווינדלער, אויס־אורפן.

## ה.

**האָדיע** — געּנוג.

**האָלעשקעס** — קניידעלעך, פון מעל.

**היתר־עיסקא** — די דערלויבעניש, וועלכע איז געמאכט געווארן (פון מהר״ם מרוטענבערג) צו נעמען פּראצענט ביי געוויסע באדינגונגען, דער צעטל אדער א באמערקונג אויפן וועקסל, וואס ערקלערט, אז דער פּראצענט ווערט גענומען על־פּי דין.

**הכּבֿרות** — תּרוצים.

**האָפּן** — דאס האפּנגעוויקס אדער קליינע שטיקלעך קאָלירט פּאפּיר, וואס מיט זיי פלעגט מען אמאל באשיטן דעם חתן צו באדעקנס.

## וו.

**וואלאטשעט** — וואלגערט זיך ארום, שלעפּט זיך ארום.

**וויגאָוואָר** — אויסרייד.

**וועבּל** — אזא מין לייוונט.

## ז.

**זאדאטאָטשנע סומע** — אויפגעפּעלט, אדערויף.

**זאזיטעטשנע** — פארמעגלעכער.

**זאָכערע** — א טאכטער.

**זאלאָגאָדאטעל** — דער משכון־לייגער, וואס לייגט איין געלט אלס משכון.

**זעקיצעס** — עקזעקוציעס.

**זרובּ** — א הילצערנער בנין פון בלויז פיר ווענט.

## ח.

**חָצי־שבּת** — אזא מין פאר צייטיק היטל.

**חָשוב בָּחור** — א פיין בחורל, א געראטנס.

## ט.

**טאסקעט** — שלעפּט.

**טאָטין** — טיטון, טאבּאק.

**טאָק** — ליאלקע.

**טאָרג** — האנדלס־קאָנקורס.

**טויק** — שייער צום דרעשן.

**טולופּעס** — פּעלצן.

**טיזליק** — א פארצייטיקער אייבער־בגד אן ערבּל.

**טילקאָ** — בלויז, נאר.

טלומיק=קלומיק — פּעקל.
טרעסען — טרייסלען.
טשאָרט יעהאָ ווזיאַוו — דער טייוול האָט אים געכאַפּט.
טשאָרט יעהאָ פּרינים — דער טייוול האָט אים געבראַכט.
טשינאָווניק — באַאַמטער.
טשערע=טשערעד=אָטשערעד — ריי.

## י.

יופּע — אַ פרויענקלייד.
יאַבעדניקעס — מוסרים, גראָבע, ביי־טערע יונגען.
יאַסנעוועלמאָזשנע דאָבראָדזעיע — אַ טיטל פאַר פּוילישע שׂררות.
יִשֻוב — ישוב־הדעת.

## כ.

כאָד — גאַנג, אַריינגאַנג.
כלות הנפש — העכסטער עקסטאַז.
כליסק — שמיץ, פּאַטש, פּראַסק.
כַּפָּרֶהניק — קען גיין פאַר אַ כַּפָּרה, כָּלי־בוניק.

## ל.

לאַפּנמיצלעך — היטלען מיט אויערן.
לוב — קאָרע פון ביימער; גייט אויף קערב, צויף בערשט און ראָגאָ־זשעס.

ליאַפּ — גוסרעגן; פּאַרזעעניש, גיווי־זיק, אָפּגעלאָזענע בריה.
לְיֹתֵר בִּטָחון — כּדי צו זיין זיכערער.

## מ.

מאָדיק — וואָס לויפט נאָך דער מאָדע.
מוטשען — מאַטערן.
מַחֲלה (מחלל? מכלה?) — פאַרלענדט, פאַרשוועכט, קאַליע געמאַכט.
מחלת צבי=נחלת צבי — ?
מַעֲשֵׂר — אַ צענטחלק פון דער תבואה אָדער אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס געהערט צו די לוויים.
משא־ומתן — געשעפט.
מַשׂביע זיין — באַשווערן.

## נ.

נאַבאָר — דאָס נעמען רעקרוטן.
נאַגראַדע — באַלוינונג, אויסצייכענונג.
נאַכליע — אָפּגעלאָזענער, ברודיקער נפש.
ניעדאָימקעס — שטייער־חובות.
ני=ГНОЙ — מיסט.
נעכאַי יע טשאָרט מאָרדאָיע — דער טייוול זאָל זי דערשטיקן.
נֶפֶלע = עופעלע.

## ס.

סאָלצאָווינעם שטעקן — ?
סבאָרשטשיק — דער יידישער „סטאַ־ראָסטע" אין אַמאָליקן רוסלאַנד,

וואָס פלעגט דאַרפֿן אויפֿמאַנען בײַ די ייִדן די פֿאַרשײַדענע שטײַערן, צושטעלן די רשימה פֿון די רעקרוטן און אויך פֿירן די מעטריקאַציע.

**סוואָד זאַקאָנאָוו** — געזעצבוך, קאָדעקס.

**סוואָיע וואָליע** — טאָן וואָס דאָס האַרץ געלוסט.

**סוועטשנאָי סבאָר** — ליכט־אָפּצאָל, וואָס ייִדן האָבן אין צאַרישן רוסלאַנד געצאָלט.

**סטערווע** — פּגירה, נבלה.

**סטראָיעניע** — אַ געבײַ, אַ בנין.

**סטראָיעט** — בויט.

**סטרי** — שניט; כאַפּן דעם סטרי — כאַפּן דעם שניט.

**סיטרא־אחרא** — די קליפּה, דער יצר־הרע, דער שטן.

**סיפּאַק** — הויכשינדער, כאַבאַרניק.

**סבידאַרניע** — הסידאַרניע — חסידים־שטיבל, חסידים־געזעמל, בכלל חסידים.

**סמאַטריטל** — אויפֿזעער, אויפֿפּאַסער.

**סמאָרכען מיט די גלאָצן** — וואַרפֿן מיט די אויגן.

**סמוטנע** — טרויעריק, אומעטיק.

**סעכער** — (סוכאַר), צוויבאַק.

**ספּאָסאָב** — מיטל, עצה, פֿאָרטל.

**ספּאָקאָינע** — רויִק.

**סראָק** — טערמין.

## ע.

**עליק** — אַזאַ מין רו־כוואַרג.

## פּ.

**פּאַכליקעס** — פּאַרעפּקעס.

**פּאַלאָווע** — מעקענע.

**פּאַניבֿריה** — אַריסטאָקראַט.

**פּאַניע דאָבראָדויע** — פּריץ־לעבן.

**פּאַצאַפּען** — דערטאַפּן, קריגן.

**פּאַנפּאַראָנסקי** — פּראַנטישע.

**פּאַק, פּאַקי** (פּאַקע) — דאַך; אויבן שוין.

**פּאָדראַט** — שטײַער.

**פּאָראָם דענוג, יאַסניע פּאַניע** — כ'וועל געבן געלט, ליכטיקער פּריץ.

**פּאָדבאָקאָם** — אין די באָקעס, אין די זײַטן.

**פּאָטשטען** — מעשיות, פּליאָטקעס, רכילות.

**פּאָכערע** — אַ לוויה.

**פּאָניע** — אַ טיפּיש רוסיש זמרל.

**פּאָסטעווען** — אַזאַ מאָס.

**פּאָלאָוואַניע־הונט** — יאַגד־הונט.

**פּאָלאָנעז** — אַן אַלטער טאַנץ.

**פּאָלישוקעס** — אײַנוואוינער פֿון פּאָלעסיע.

**פּאָניושעניע** — ירידה; אַראָפּנעמען, אַראָפּוואַרפֿן פֿון פּרײַז.

**פּוסקים** — די מחברים און די ווערק, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט אײַנשטעלן ענדגילטיק די ייִדישע געזעצן, ווי דער יורה־דעה, דער חושן־משפּט און אַנדערע ספֿרים.

**פּיגלע** — קונצשטיק, בלענדעניש, שווינדל; סטראָיען אַ פּיגלע — מאַכן קונקל־מונקל, פּאַקוסן.

**פּינטע** — גאַרטל.

**פּיוובערל** — ?

**פּישטשאַלקע** — פּייפערל.

**פּיי** — וועווערקעס־פעלכלעך.

**פּסאַרניע** — הינטשטאַל.

**פּלאַוועט** — באָדט.

**פּנחס בן יָאיר** — אַ תּנא פון 2טן י"ה.

**פּסאַיאָכע** — (יוכע) הינטיש בלוט.

**פּראָבאַווקע** — הוספה.

**פּראַווע** — רעכט.

**פּראָסטאַווקע** — צושטעלן.

**פּראָשעניע** — בקשה.

**פּריזשימקעס** — אויספּרעסונגען, אויס־פּרעסן מיט גוואַלד שטייערן.

**פּרעסודסטווע**=פּריסודסטווע — אַמטס־הויז, וואו מען אונטערזוכט די רעקרוטן.

**פּשעפּראַשעם, פּאַניע** — אַנטשולדיקט, פּריץ.

## צ.

**צאַר יעמו פּעק יעמו** — ?

**צוויטאָטשנע טיי** — בלומענטיי.

**צינע** — פּרייז.

**צעמעריצע** — אַזאַ מין פּעפער.

**צעטן**=צויטן — פּרענז.

**צערפּליווע** — געדולדיק.

## ק.

**קאַטשלקע** — וואַלגערהאָלץ.

**קאָבריק** — צודעק, דעקע, פּלעד, טעפּעך.

**קאָכע איך** — ליב איך.

**קאָלבאַסעס** — וואורשט.

**קאָנכריִענטן** — מיטאַנטיילנעמער און אַן עסק, קאָנטראַהענטן.

**קאָרמעוואָי** — עסן, אָדער שפּייז־געלט.

**קוראַזשירט** — דרייסט, בראַוו, מיט קוראַזש.

**קולעק**=קולאַק — פויסט.

**קוואָקזאַלבער** — ?

**קיטאַי** — אַזאַ מין שטאָף (נאַנקין, טאַפּטע).

**קיטש** — שאַ־שטיל.

**קליוואַנער בעטלערל** — אַזאַ מעלאָ־דיע, וואָס עס האָט געזונגען אַ געוויסער קליוואַנער בעטלער, פּראַקטיקירט בעוואָרן צמאָליקע צייטן פון ווילנער חזנים.

**קליפּות** — רוחות, אומריינע גייסטער.

**קיין סלעך, קיין דעך**=קיין סלוך, קיין דוך — פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אין וואַסער אריין.

**קערשאַכט** — ?

**קנאָרכן** — זופּן.

**קניסקעלעך**=קניזשקעלעך — ביכ־לעך. נאָכגעקרימט, ווי די פרו־מע יידן ריידן אַרויס דאָס וואָרט „קניזשקעלעך".

**קראַפּן** — אַזעלכע מיני טייגלעך, דריי־

קאַנטיקע, געפּרעגלט אין האָניק און געפּילט מיט געהאַקטע עפּל.
**קריעה־בליה=קרועה־בלואה** — אָפּ־געריסן, אָפּגעשליסן.

## ר.

**רַב** — דער באַרימטער ליאַדיער רבי שניאור־זלמן (1747—1812).
**ריבלקע** — אַ וואַלעק, מיט וועלכן מען וועלגערט וועש.
**ריסל** — שנוק.
**רעדן פון הוילן פּאַס** — ריידן גלאַט אין דער וועלט אַריין, אומבאַ־גרינדעט.

## ש.

**שאלות ותשובות** — פראַגן און ענט־פערן מכוח פאַרשיידענע רע־ליגיעזע ענינים, מנהגים און פּאַסירונגען, וואָס זיינען פאַר־שריבן געוואָרן פון פיל רבנים און האָבן נאָכדעם געגאָלטן אַלס וועגווייזער צו פּסקענען לויט זיי פאַרשיידענע דינים.
**שַטיא** — נאַר.
**שטאָקעס** — שטוקעס (שטיק).
**שטערכען** — שטוקעווען, לאַטען.
**שטשאָגאָליעס** — פּראַנטן.
**שטשאָט** — רעכענונג.
**שלוחי־מצווה אינן ניזוקן** — די וואָס גייען אין אַ מצווה־זאַך, ווערן ניט געניזוקט.
**שליאַמעס** — פוקסנפּעלץ, פּיקס.
**שליכמאַץ** — לא־יוצלח, שלימזל.
**שֵם** — גאָטס נאָמען.
**שמויסן** — שעפּסנפּעלץ.
**שפּאַלירן** — טאַפּעטן.
**שפּאַניער בּרוסטטוך** — אַ בּרוסטטוך דורכגעוועבט מיט גילדערנע אָדער זילבערנע פעדעם.

## ת.

**תַּרבּות** — אָפּשיי, דרך־ארץ, שטאַט.
**תּרומה** — אָרונטערנעמונג, אויסטיילונג; דער טייל ערד־פּראָדוקטן, וואָס מע האָט באַדאַרפט אויסטיילן, אַרונ־טערנעמען פאַר דעם כּהן, און וואָס כּל־זמן מע האָט עס ניט געטאָן, האָט מען ניט געטאָרט דערפון געניסן.

# די הילעס

פון די ערשטע אַפּדרוקן

פון „דעם סיים, „דעם דעקטוך״, „דאָס ליד פונם קוגל״
און פון „דעם גלגול״.

# דֶער סֵעים

אָדֶער

דִּיא גְרוֹיסֶע אֲסִיפָה אִין וַואלְד וֶוען דִּיא חַיּוֹת
הָאבֶּען אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען דֶעם לֵייבּ פַאר אַ מֶלֶךְ

פון

**א. ב. ג.**


## ווארשא

בדפוס י. אלאפין נאלעווקי 47

שנת תרס״ב לפ״ק


---

ДЕРЪ СЕЙМЪ

(сеймъ животныхъ.)

СОЧ. А. Б. ГОТЛОБЕРА.


ВАРШАВА

Типографія И. О. Алапина, Налевки № 47.

1902

# דער דעקטוך

## אדער

# צוויא חופות אין איין נאכט.

## אקאמעדיא

ארויס געגעבען פון

## יאזעף ווערבליינסקיא

---

## ווארשא

פע־לאג און אייגענטהום פון יהודה ליב מאַגענשטערן
בוכהאנדלונג אין ווארשא. פראנצישקאנער שטראססע № 26

שנת תרסג לפ"ק

---

ЦВЕЙ ХИПЕСЪ ЭЙНЪ НАХТЪ

т. е. Два Венчане въ одну н чь

варшава 1876

# דָאס לִיד פוּנִים.

# קוּגֶעל.

(פאַראָדיע איף שיללערס „ליעד פאָן דער גלאָקקע")

פון

א. ב. גאטטלאבער.

אָדעסא.

געדרוקט בייא ל. ניטצשע עט א. צעדערבוים.

1863.

# דער גלגול

איין

## הומאריסטישע ערצעהלונג

פון

אברהם בער גאטטלאבער (אב"ג)

ווארשא

הערויס געגעבען פון דעם גבאי'ס עניקעל

בדפוס י. אלאפין

תרנ׳ו

# ДЕРЪ ГИЛГУЛЪ

т. е.

Блуждающая Душа

разсказъ А. Б. Готлобера

ВАРШАВА

Въ Типографіи И. О. Алапина Налевки № 47.

1896

